דיג אויף זיין זעהר עמפינדליכען, ענטוזיאסטישען טעמפעראמענט, א לעבעדיגער פראטעסט אנטקעגען דעם דייטשישען ראמאנטישען גייסט; אבער אנדרעאס מאנק איז אן אויסגעשפראכענער ראמאנטיקער פון דייטשישען טיפ. און אזעלכע אונטערנעמונגען ווי דאס איבערשרייבען און פארעפענטליכען די נארוועגישע צויבער־מעשיות (אבסיארנסאן און מא) און דאס צונויפזאמלען די נארוועגישע פאלקס לידער (לאנדסטאר), קומען פון דער אנרעגונג וואס די ראמאנטישע פאר־ליבע פאר'ן פאלקסטימליכען האט ארייננעבראכט אין די מוחות פון די צפון מענשען.

אין דענעמארק איז די פארבינדונג צווישען דעם דייטשישען און היימישען ראמאנטיזם א זעהר קאמפליצירטע. אין אלגעמיין קריגען די דענישע פאעטען זייער ערשטען אימפולס פון דייטשלאנד, אבער שפעטער טרעטען זיי אויס אן אייגענעם וועג. איילענשליינער איז אנגערעגט געווארען פון סטעפענס'ן און געווען שטארק באאיינפלוסט, אין די ערשטע יארען פון יארהונדערט, פון טיק'ן. אונטער'ן איינפלוס פון דייטשישען ראמאנטיזם האט זיך גרונטוויג אפגעזאגט פון זיין יוגענדליכען ראציאנאליזם; און אין זיין פאטריאטיזם איז ער אין געוויסע פונקטען געווען שטארק ענליך צו ארנט'ן און יאנ'ען. פוקיי'ס און האפמאנ'ס איינפלוס איז קלאר אין אינגעמאנ'ען. האוק איז געווען נאוואליס'עס אן ענטוזיאסטישער באוואונדערער. י. ל. הייבערג, אלס דראמאטיזירער פון צויבער־מעשיות, איז טיק'ס א תלמיד. האנס קריסטיאן אנדערסען אלס פאנטאסטישער דערציילער איז האפמאנ'ס תלמיד. שאק סטאפעלט, געבוירען א דייטש, איז א פולשטענדיגער ראמאנטיקער, א געטרייער דינער פון „דער בלאער בלום".

אבער כאטש מען קען אומעטום דערפירען צו איינפלוסען פון פרעמדע לענדער, ווי עס ווערט געווענליך באוויזען אין דעם בוך, זיינען פונדעסטוועגען די אומאפהענגיגע, נאציאנאלע און סקאנדינאווישע כאראקטער־שטריכען פונ'ם דענישען ראמאנטיזם זיכער און בולט.

קייט פון די דייטשישע ראָמאַנטיקער בנוגע אויפריכטיגער כאַראַקטער־פעסטקייט אין פארגלייך מיט אעלכע רעאַקציאָנערען ווי דע מעטער. מען דאַרף אָבער גערענקען אז זיי זיינען ניט געווען קיין שטאַטסלייט אָדער פּאָליטיקער, נאָר שרייבער. אפילו די צווישען זיי וואָס שטעלען מיט זיך פאָר דעם איבערגאַנג פון ליטעראַטור צו פּאָליטיק, ווי גענץ, האָבען קיין אמת'ע באדייטונג ניט א חוץ אַלס שרייבער.

פון א ריין ליטעראַרישען שטאַנדפּונקט האָט די דייטשישע ראָמאַנטישע שול א שטענדיגען ווערט. מען דאַרף זי בלויז פאַרגלייכען מיט ענליכע גרופּען אין אנדערע לענדער כדי צו האָבען א גולען איינדרוק פון דער אָריגינאַליטעט און דער אינטעלעקטועלער וויכטיגקייט פון איהרע מיטגלידער.

אין ערשטען יאָר־צעהנדליג פון איצטיגען יאָרהונדערט באַמערקט זיך א ראָמאַנטישער שטראָם כמעט אין יעדען אייראָפּעאישען לאַנד; אָבער בלויז אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך איז די באַוועגונג א קלאָר אָריגינעלע און וויכטיגע. בלויז אין די דאָזיגע לענדער איז זי אַן אייראָפּייאישער „הויפּט־שטראָם". דאָס וואָס מיר באַמערקען אין סלאַווישע לענדער איז מעהר אָדער ווייניגער אַן עכאָ פון ענגלישען ראָמאַנטיזם.

די ראָמאַנטישע ליטעראַטור פון סקאַנדינאַוויען איז שטאַרק באאיינפלוסט פון דער דייטשישער.

אין שוועדען, וואו דער ראָמאַנטיזם איז באַקאַנט געווען אונטער'ן נאָמען „פאָספאָריזם" אָדער „נייע שול", האָט ער אַטאַקירט (לויט זיין געוואוינהייט) דעם פראַנצויזישען ליטעראַרישען געשמאַק. אין דעם פאַל איז זיין פאַרטרעטער געווען די שוועדישע אַקאַדעמיע. אין 1807 האָבען אַטערבאָם, האַמאַרסקעלד און פּאַלמבלאַט געגרינדעט די „אַוראָראַ געזעלשאַפט". איהרע פּראָקלאַמירטע פּרינציפּען זיינען אין תוך גענומען די זעלביגע וואָס אין דער דייטשישער ראָמאַנטישער שול. אַטערבאָם'ס סימבאָליזם דערמאָנט אונז אָן טיק'ס. סטאַגנעליוס האָט א געוויסע ענליכקייט צו נאָוואַליס'ן. די באַוועגונג האָט פונדעסטוועגען בולט'ע נאַציאָנאַלע שטריכען.

אין נאָרוועגען איז דער איינזאַמער ווערגעלאַנד, ניט קוקענ־

שטיצט די פראַנצויזישע רעאַקציע דעם פּרינציפּ פון אויטאָריטעט, און דע מעטער איז איהר סאַמע ערנסטער, און ערליכסטער פאָר־שטעהער. דער וויציגער און קרעפטיגער לויב־דיכטער פונ׳ם תּליון און דער פאַרטיידיגער פון דער אויטאָ דאַ פע, איז אַ געוויסענ־האַפטער, הייסער געגנער פון אויפקלערונג און הומאַניטאַרע אידעאַלען.

די דייטשישע ראָמאַנטיקער האָבען ליב געהאַט בין השמשות און לבנה ליכט. דאָס בלענדענדיגע ליכט פונ׳ם ראַציאָנאַליזם און די אויפּבליצונגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט זיי גע־טריבען צו זוכען טרייסט אין דער טונקעלקייט. אָבער וואָס איז אפילו נאָוואַליס׳עס ליבע פאַר דער נאַכט אין פאַרגלייך מיט זשאָזעף דע מעטער׳ס גלאָריפיקאַציע פון פינסטערניש!

אַן אַלטע לעגענדע דערציילט אַז ווען אַפּאָלאָ האָט איינמאָל דערלויבט זיין זוהן פאַעטאָן צו פירען זיין פאָטער׳ס רייטוואָגען, האָט ער איהם אַזוי אומפּאָרזיכטיג געפירט אַז די זון האָט אָפּגע־בריהט די גאַנצע ערד און אָנגעצונדען אַ סך שטעט. דער פאַבעל גיט צו אַז אַ גאַנצע מענשליכע ראַסע האָט זיך אַזוי דערשראָקען אַז אַלע האָבען מיט איין קול געוויינט פאַר די געטער זיי צו שענ־קען די אייביגע פינסטערניש. דע מעטער איז אַן אָפּשטאַמער פון דער דאָזיגער ראַסע, און ער איז אַ מענש מיט געוויסע רעכט אויף גרויסקייט מחמת זיינע פעהיגקייטען, זיין גלויבען אין דער השגחה און זיין שנאה צו זיינע מיטמענשען. און ביז׳ן היינטיגען טאָג עקזיסטירען אָפּשטאַמער פון אָט דער ראַסע; נאָר זיי זיינען געזונקען צו דער מדרגה פון קאַרליקעס, און וואָס אומוויכטיגער און פּחדנ׳ישער זיי זיינען אַלץ מעהר שטופּען זיי זיך צום אויבען־אָן. זייער געשריי איז אויך: „פינסטערניש! מעהר פינסטער־ניש!" וואָס גרעסער עס איז זייער פּוסטקייט בנוגע אידעען און צילען, אַלץ העכער שרייען זיי, און זייער איינציגע אמונה איז די אמונה אין דער קראַפט פון פינסטערניש.

די מענשען וואָס, בעת זיי שטודירען די געשיכטע פון דייטשישען ראָמאַנטיזם, שענקען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דעם וואוקס פון דער רעאַקציע אנגעקעגען דעם גייסט פון אכצעהנ־טען יאָרהונדערט, ווערען פאַרוואונדערט פון דער הינטערשטעליג־

איז, אָבער קיין אַנדערער שרייבער האָט עס ניט אויסגעדריקט אַזוי ווי ער. דאָס דאָזיגע אומגעוויינטליכע בוך, וואָס דער היינ־טיגער מיאוס'ער דור קען קוים זיך אָראָפּלאָזען עס צו באַמערקען, שטעלט מיט זיך פאר די אַרבייט פון אַ העלפט פון אַ לעבענס־צייט. דער שרייבער, איצט שוין איבער זיבעציג, האָט זיך זיכער באַשעפטיגט דערמיט צוואַנציג יאָר צייט. מען דאַרף איהם אויפ־בויען אַ מאָנומענט אין איינעם פון די שענסטע קירכען פון רוים. קעניגען דאַרפען זיך מיט איהם אַן עצה האַלטען. אין דער אמת'ן אָבער, נאָך דעם ווי ער האָט אויסגענוצט אַלע זיינע פּריוואַטע לעבענס־מיטלען, איז אַלץ וואָס ער האָט באַקומען פון זיין רעגירונג באַשטעהט אינ'ם טיטעל „מיניסטער" און אַ הכנסה וואָס איז גענוג אויף צו לעבען אין טורין מיט דער גרעסטער שפּאָרעוודיג־קייט, און אויך דאָס איז איהם ניט לייכט אָנגעקומען. קיין מענש־ליך וועזען האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט מעהר רעכט צו זאָגען צו זיינע קינדער:

Disce puer virtutem ex me, verumque laborem,
Fortunamex aliis!*)

אַך, וואָסער אַ מענש! און ווי ווייניג פון אונזערע צייט־חברים ווייסען אפילו אַז ער איז פאַרהאַנען!"

דאָ זיינען מיר ווידער ביי אַ פּונקט וואו די דייטשישע רע־אַקציע געהט אַריבער אין דער פראַנצויזישער.**)

די דייטשישע רעאַקציע איז אין איהר תוך ליטעראַריש, די פראַנצויזישע — פּאָליטיש און רעליגיעז. די דייטשישע גליטשט זיך ביסלעכווייז אַריין אין קאַטאָליציזם, די פראַנצויזישע איז אָפען און קאָנזעקווענט קאַטויליש. אין יעדען איינצינען ווינקעל

---

*) פון מיר, מיין קינד, לערן טוגענד און אמת'ע אַרבייט, פון אַנדערע — ווי זיך גליק צו פאַרשאַפען.

**) Cf. Briefwechsel zwischen Friedrich Gentz und Heinrich Adam Muller. Stuttgart, 1857.

K. Mendelssohn-Bartholdy: Friedrich von Gentz. Leipzig, 1867, 1867—Aus dem Nachlasse Friedrich von Gentz. Wien, 1867.

האָט די רעאַקציע, וואָס ער האָט פּאַרטראָטען, זיך געוואָרפען אין איהרע גסיסה־וועהען.

אין אַ בריף צו פּילאַ'ן, פון 1820, שרייבט ער: „וואָס איז דול, וואָס איז לאַ מענע, וואָס (מיט'ן אויסנאַם פון באָנאַלי'ן) זיינען אַלע שרייבער פון אונזער צייט אין פאַרגלייך מיט מעטער'ן? זיין בוך „וועגען דעם פּאַבסט" איז נאָך דאָס גרעסטע און וויכטיגסטע פון לעצטען האַלבען יאָרהונדערט. איהר האָט עס ניט געלייענט, אַנדערש וואָלט איהר עס זיכער דערמאָנט. נעמט אָן מיין עצה: לייענט עס ניט שטיקלעכווייז, אין גערויש און טומעל מיט וועלכע איהר זענט תמיד אַרומגערינגעלט, לאָזט עס איבער אויף אַ צייט ווען איהר האָט אַ לאַנגע שטילקייט און קענט קאָנצענטרירען אייערע געדאַנקען. אייערע אַזוי־גערופענע פריינד וויסען אודאי פון דעם בוך, אָבער זיי זאָגען קיין וואָרט ניט וועגען איהם. אַזאַ פלייש איז צו שטאַרק פאַר די דאָזיגע לויליכע קריטישע נשמות. עס האָט מיך געקאָסט עטליכע שלאָפלאָזע נעכט, אָבער, וואָסער פאַרגעניגען האָבען זיי מיר פאַרשאַפט! טיפקייט פון געדאַנק צוזאַמען מיט אַ וואונדערבאַרער ערודיציע, און מיט אַ פּאָליטישער דורכדרינגליכקייט וואָס איז העכער פון מאָנטעסקיע'ס, די רעדנער קראַפט פון אַ בורק, און אָן ענטוזיאַזם וואָס דערהייבט זיך אָפט צו דער הויך פון אמת'ער פּאָעזיע — צו דעם גיט צו די כאַראַקטער־שטריכען פון אַ וועלטליכען מענשען, פלינקקייט, איידעלקייט, די קונץ פון אָפּהיטען די געפיהלען פונ'ם איינצעלנעם בעת איהר צעטרעט זיינע טעאָריעס און מיינונגען, אַן אומגעוויינטליכע באַקאַנטשאַפט מיט מענשען און זאַכען — און דערמאָנט זיך אַז דאָס אַלץ ווערט באַנוצט צוליב אַזאַ זאַך, אַרויסצוברענגען אַזעלכע רעזולטאַטען! יאָ, מיט'ן גאַנצען הארצען גלויב איך איצט אַז די קירך וועט קיינמאָל ניט דורכפאַלען. אויב אַזאַ שטערען וועט ערשיינען אין איהר הימעל כאָטש איינמאָל אין אַ יאָרהונדערט, וועט זי ניט בלויז פאַרבלייבען, נאָר הערשען. דאָס בוך האָט ע ט ל י כ ע שוואַכע ערטער. איך זאָג דאָס כדי מען זאָל ניט מיינען, אַז מיין באַוואונדערונג איז אַ בלינדע, אָבער זיי פאַרלירען זיך ווי די פלעקען אין דער זון. אַנדערע, פאַר מעטער'ן, האָבען מסתמא געפיהלט וואָס דער פּאַבסט

דאָזיגע ווערטער, וואָסער גרויסען סורפּריז דער דאָזיגער מענש האָט געהאַלטען פאַר איהם. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט זיך דאָס געשעהעניש אָפּגעשפּילט, וואָס איז געוואָרען דער ווענד־פּונקט, די וואַסער־צעשיידונג, אַזוי צו זאָגען, אין דער גייסטיגער געשיכטע פון דער ערשטער העלפט פונ'ם יאָ־הונדערט, דאָס איז דער פאַל וואָס שאַטאָבריאַן איז אַרויס פונ'ם מיניסטעריום און אַריין אין די רייהען פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע און געוואָרען איהר פירער. דאָס דאָזיגע געשעהעניש צוזאַמען מיט בייראָנ'ס טויט, וואָס איז געשעהן אַרום דער זעלביגער צייט, האָט גערופען דעם ליבעראַליזם פון דער גאַנצער וועלט זיך צו באַוואָפענען.

גענץ האָט ניט געקענט קאָנטראָלירען זיין צאָרן. נאָך דעם ווי עס איז ערשינען שאַטאָבריאַנ'ס אַרטיקעל אין Journal des Debats וועגען דער אָפּשאַפונג פון דער צענזור, האָט ער געשריבען צו א פריינד: „איך שרייב זיך אונטער אונטער יעדען וואָרט וואָס איהר זאָגט וועגען שאַטאָבריאַנ'ען. שוין א לאַנגע צייט ווי קיין זאַך האָט מיך ניט אַזוי אויפגערעגט און דערצאָרענט ווי אָט דאָס ווירקליך פאַסקודנע אַרטיקעל. דאָס איז די אַרבייט פון א מענשען, וואָס כאַפּט א שטאָרקאָץ און צינדט אונטער דעם דאַך איבער'ן קאָפּ פון זיינע שונאים, ווייל איהם איז ניט געלונגען צו צעשטערען זייער רוה מיט פויקען און פייפער. איך זאָג ניט אַז אין אַזאַ שפּיל איז דאָ עפּעס וואָס איז אומבאַגרייפליך, וואָרים פראַנצויזען זיינען איצט פריי צו טאָן וואָס זיי ווילען. און דער מענש וואָס האָט, א דאַנק זיין נקמה־געפיהל, געקענט אויפ'ן שטעל פאַרגוואַלטיגען יעדען חוש פאַר פליכט, ערע און אָרענטליכקייט, ווי די דאָזיגע חיה האָט עס געטאָן דעם דריטען טאָג נאָך דעם ווי מען האָט איהם אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע, איז געווען געצוואונגען — זייענדיג צערייצט פונ'ם געפיהל פון זיין אייגענער שוואַכקייט — צו געהן אַזוי ווייט ווי ער האָט נאָר געקענט ניט ריזיקירענדיג מיט זיין פרייהייט — א ריזיקע וואָס האָט כמעט ניט עקזיסטירט אין זיין לאַנד.„

אָבער גענצ'עס גאַנצער צאָרן האָט ניט געקענט אָפּשטעלען דעם גאַנג פון די געשעהענישען, און אין א קורצער צייט אַרום

אורזאכען פון דער אייראָפּייאישער צע־
פּוילטקייט".

אין דער פּאָליטיק איז ער דער פאַרשטעהער פון דער אומ־צווויידייטיגער, באוואוסטזיניגער רעאקציע, און ער האָט פאַר דעם וואָרט קיין מורא ניט, ווי א טייל אנדערע היפּאָקריטישע רעאקציאָ־נערען. אין א בריף וואס ער האָט געשריבען אין וועראָנאַ אין 1822 דערציילט ער אז ביי א מיטאָג ביי מעטערניכ'ן האָט ער זיך נאָר וואָס באקענט מיט שאַטאָבריאַנ'ען, וועלכער איז צו איהם געווען זעהר ליבליך און איהם קאָמפּלימענטירט. „אין משך פונ'ם געשפּרעך האָט ער דערמאָנט דעם פאקט, אז מיט פיר־פינף יאָר צוריק, בעת די לאַגע אין אייראָפּא האָט זיך געדוכט צו זיין גאַנץ האָפנונגסלאָז, האָט בלויז א הייפעלע מענשען, ניט מעהר וויפיעל מען קען איי־בערציילען מיט די פינגער, באשלאסען צו באקעמפען די רעוואלו־ציע, און די דאזיגע מענשען האָבען געהאט אזא'ן ערפאָלג אז איצט פארנעמען זיי דאָס פעלד אַנמקעגען דעם בשותפות'דיגען שונא, און רעגירונגען און ארמייען שטיצען זיי. דאָס, האָט ער געזאָגט, איז אַ וואונדערבארע ערשיינונג, וואס קען באין אופן ניט פארבייגעהן די באָבאכטונג פון היסטאָריקער. אלס א סימן פון די וויכטיגע מאָ־מענטען פון אָט דער דרייסטער רעאקציע האָט ער דערמאָנט די גרינדונג פונ'ם „קאָנסערוואטאר" און דעם קארלסבאַ־דער קאָנגרעס. ער קוקט אויף דער צוקונפט מיט פולען מוט, זיי־ענדיג זיכער אינ'ם נצחון פון דער גוטער זאַך. יעדע אמת'ע קראפט און יעדער ווירקליכער טאַלאַנט איז אויף אונזער זייט, פארטראָטען אין ארום צעהן אדער צוועלף קעפּ. קיין זאַך קען ניט זיין גע־פערליכער פאר אונז ווי צוצושרייבען צו פיעל וויכטיגקייט צו די אַטאַקעס פון די רעוואלוציאָנערען אדער אין וואסער ניט איז זין מורא צו האָבען פאר אָט די ערמאָנטע רעוואלוציאָנערען, וועלכע, ניט קוקענדיג אויף זייער גאנצען טומעל זיינען זיי בלויז פּלאַפּלער. איך וואלט קוים געקענט באגרייפען ווי אזוי אזעלכע מענשען ווי בענזשאמען קאנסטאַן, גיזאָ און רואיעה־קאָלאר זאָלען פאלען אין דער אפּשאצונג פון פאָלק. ער האָט געזאגט דאָס און נאָך מעהר, ניט מיט פייער און זשעדנעקייט, נאָר שטיל און קאַלט".

גענצ'ן איז ניט איינגעפאלען, בעת ער האָט געשריבען די

סעס איז געוועז געגוג איהם צו באַאומרוהיגען. רייזענדער וואָס זיינען מיט אומשולדיגע כונית געקומען זיך צו באקענען מיט איהם, האָט ער חושד געווען, אז זיי זיינען פארשטעלטע טעראָריסטען. אין די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען איז זיין פלייצע געווען איינגע־בויגען, זיין גאנג — שרעקיג און ניט פעסט. די קלאָרע, קלוגע אויגען, צוליב וועלכע ער איז געווען וואונדערבאר אין זיין יוגענד, זיינען איצט געווען ווי פארנעפעלט מיט אן אויסדרוק פון עפעס גע־היימעס. אין געזעלשאַפט פלעגט ער זיך באפעסטיגען דורך טראָ־גען גרויסע שווארצע ברילען.

איינמאָל, בעת א שמחה, האָט איהם פאני עלזלער דערלאַנגט א שוימענדיג גלאָז שאמפאַן, פון וועלכען זי האָט פארזוכט און געזאגט זיך רייצענדיג: „די קרוג געהט אזוי לאנג צום וואסער ביז זי ווערט צובראכען". גענץ האָט געענטפערט: „זי וועט סיי ווי אויסלעבען מיין צייט און מעטערניכ'ס". זיין שטאנדפונקט ווערט אין די דאָזיגע ווערטער אנגעוויזען און געאורטיילט.

אין רעליגיעזע ענינים האָט זיך גענץ זעהר שטארק געוואקעלט. אמאָל פלעגט ער זאגען אז רעליגיע איז פאר איהם פשוט א פּאָלי־טישער ענין, אן אנדערש מאָל פלעגט ער, לויט דער ראָמאַנטישער מאָדע, איהר געבען גרויסע קאָנצעסיעס, כאָטש ער איז קיינמאָל ניט אריבער צום קאטאָליציזם. ער האָט זיך אויסגעצויגען פאר די פיס פון'ם קאטוילישען מיסטיקער, אדאם מילער, וועלכער האָט בוכשטעבליך אנגענומען נאַפּאָלעאָנ'ען פאר דער פאַרקערפּערונג פון טייוועל (שרייבענדיג, למשל, צו גענצ'ן אין יולי 1806 אז „ווי קריסטען דארפען מיר באזיגען דעם באָנאַפּארט אין אונז"); און ווען ער האָט געבעטען ביים קעניג א שטעלע אין עסטרייך, האָט ער אלס איינס פון די אורזאכען פאר פארלאזען פּרייסען, געגעבען „מיין לאנג־געפיהלטע שנאה צום פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס אין זיין אורשפּרינגליכען כאראקטער און אין זיינע וואקסענדיגע שלעכטע טענדענצען האָב איך, גלויב א'ך, געפונען — נאָך דעם ווי איך האָב א סך מאָל און פארזיכטיג באוויזען די זאך — דעם וואָרצעל פון דער גאנצער פארדארבענקייט פון אונזער צייט און איינס פון די הויפּט

רימטער באלעט־טענצערין פאני עלזלער, וואס איז דאמאלט אלט געווען ניינצעהן יאר. זיין משוגעת פאר איהר האט קיין גרענעץ ניט געהאט. ער שרייבט: „איך האב זי געוואונען פראסט, פשוט דורך דער כישוף־קראפט פון מיין ליבע. ביז זי האט מיך דערקענט האט זי ניט געוואוסט אז עס עקזיסטירט אזא ליבע... דערמאנט זיך וואסער גליק עס איז צו פארברענגען אומגעשטערט יעדען טאג מיט א וועזען, וואס יעדע איינענשאפט איהרע אנטציקט מיך... וואס אין איהרע אויגען און הענט און אין יעדען באזינדערן חן איהרען ווער איך אויף שעה'ן לאנג פארשלונגען, וואס איהר שטים באצויבערט מיך, און מיט וועמען איך קען פירען אומענדליכע געשפרעכען; ווארים איך לערן זי מיט פאטערליכער איבערגעבענקייט און זי איז מיין פעהיגסטער תלמיד, א תלמיד וואס איז אין דער זעלביגער צייט מיין געליבטע און מיין קינד".

די אנדערע מאדנע ליידענשאפט איז געווען פאר היינע'ס „בוך דער לידער", וואס איז דעמאלט נאר וואס ערשינען. עס מאכט ניט אוים וואס דער אלטער רעאקציאנער האט דעם געוואנטען פאעט אנגערופען „א משוגענער ריזיקאנט", ער האט זיך ניט געקענט ווידערשטעלען זיין כישוף. „איך דערפריש מיך נאך אלץ, שרייבט ער, מיט'ן „בוך דער לידער". יוי פאקעש באד איך זיך שעה'ן לאנג אין די דאזיגע מעלאנכאלישע וואסערן. אפילו די לידער וואס גרענצען זיך מיט אמת'ער ליעסטערונג קען איך ניט לייענען אהן די טיפסטע געפיהל־איבערלעבינגען; טיילמאל באשולדיג איך זיך פאר וואס איך קער זיך אום צו זיי אזוי אפט און מיט אזא פארגעניגען". זיין ברייטע נאטור האט זיך ניט געקענט שטעלען אנטקעגען זיי. מיט רעכט האט ער זיך געשילדערט אלס א פרוי. אין א טאן, וואס דערמאנט אונז אן די אנדרוגינוס שטריכען פון „לוצינדע", שרייבט ער צו ראהעל'ן: „ווייסט איהר די אורזאך פארוואס די שייכות צווישען אונז איז אזא פולקאמענער? איך וועל אייך זאגען. דאס איז ווייל איהר זענט אן אומענדליך פראדוקטיווע וועזען און איך בין אומענדליך אויפנעמליך; איהר זענט א גרויסער מענש; איך בין קודם כל די פרוי וואס האט תמיד געלעבט".

ער איז געווען אזוי נערוועאיש, אז א שטארקער האנד־דרוק פלעגט איהם דערשרעקען. אפילו דער אנבליק פון קריגערישע וואפ־

געווען אומזיסט צו אטאקירען עס פון וועלכער עס איז זייט. מען קען זיין אין גאנצען אין איהם אדער אין גאנצען אין דרויסען. אויב איהר קענט אונז באווייזען, מאכען אז מיר זאלען אייגזעהן אז יעדעס אמתע וויסען, יעדע ווירקליכע פארשטענדניש פאר דער נאטור, אלע גוטע געזעצען און געזעלשאפטליכע כלים, נאך מעהר, אפילו געשיכטע אליין (ווי איהר באהויפט ערגיץ), קומען צו אונז, און קענען בלויז קומען צו אונז דורך געטליכער אנטפלעקונג, דעמאלט (לכל הפחות, וואס אנבעלאנגט מיר) ווערט איהר דער העלד פון טאָג. אזוי לאנג ווי אייך געלינגט ניט דאס צו טאָן, שטעהען מיר פון דער ווייטענס, איך באוואונדער אייך, ליב אייך, אבער א ניט דורכשפרייזענדיגער אפגרונד צעטיילט אונז". מען דארף געדענקען אז אדאם מילער איז געגאנגען אזוי ווייט ווי צו באהויפטען אז די עקזיסטענץ פון דער הייליגער דרייאייניגקייט איז א גענוגע ראיה, אז יעדעס נאציאָנאל עקאָנאָמישע סיסטעם וואס שטיצט זיך אויף איין איינציגען פרינציפ, מוז זיין א שלעכט סיסטעם. זי באווייזט איהם אפילו די נויטיגקייט פון דער „דריי־פעלדער ווירטשאפט". בעת גריכענלאנד רעוואלטירט, שרייבט גענץ, אז דער פרינציפ פון לעגיטימיטעט, זייענדיג א פראדוקט פון דער צייט, מוז אויך פון דער צייט געביטען ווערען, און ער מאכט אזא וויכטיגע באהויפטונג: „איך האָב תמיד געוואוסט, אז ניט קוקענדיג אויף דער מאיעסטעט און דער קראפט פון מיין ארבייט־געבער, און ניט קוקענדיג אויף אלע איינצעלנע נצחונות, וואס מיר האָבען אפגעהאלטען, וועט דער גייסט פון דער צייט סוף כל סוף זיך ארויסווייזען שטארקער ווי מיר; אז די פרעסע, מיאוס ווי זי איז אין איהרע איבערטרייבונגען, וועט זיך ארויסווייזען צו זיין העכער פון אונזער גאנצער חכמה; אי׳ן אז סיי די דיפלאמאטישע קונסט און סיי געוואלט־הערשאפט וועלען ניט פעהיג זיין צוריקצוהאלטען דאס ראָד פון דער וועלט".

צו זיין פינף און זעכציגסטען יאָר, איז דער אפגעלעבטער, פאָדאגרא־קראנקער, ליידענדיגער אלטער פארכאפט געווארען פון צוויי ליידענשאפטען, וואס זיינען משונה ווייט געווען אי פון זיין עלטער אי פון זיין פסיכישער טבע. עס איז געוועזן א מאָמענטאלער אומקער צו דער יוגענד. איין ליידענשאפט איז געווען פאר דער באַ־

מיין פערזענליך פאַרגעניגען". קלינגט דאָס ניט ווי א רעדע פון זשאַן פאָול'ס ראָקייראָל? זייענדיג מיד פון לעבען קען ער ניט פאַרטראָגען קיין זאַך וואָס שטערט זיין רוה. זיין אויפגאַבע איז איצט אויפצוהאַלטען די עקזיסטירענדיגע אָרדענונג, וואָס עס זאָל איהם ניט קאָסטען. אין 1815, אין א ויכוח מיט גערעס'ן פאַר־טיידיגט ער ווירקליך דעם „פּאַריזער שלום". ער איז געווען צו קלוג און קאַלט, א צו גרויסער שונא פון פראַזען, אז ער זאָל ניט חוזק מאַכען פון די „בורשענשאַפטען" (סטודענטען ליגעס), פון דער אגיטאַציע פאַר א נאַציאָנאַל דייטשישע קליידונג, פונ'ם טויטאָ־בורגערוואַלדישען ענטוזיאַזם, און אנדערע פונ'ם זעלבינגען מין. פונדעסטוועגען איז דער אַמעַטאַט אויף קאָצעבו'ן אויסגענוצט געוואָרען צו פאַרבאָטען די גרינדונג פון פּאַטריאָטישע געזעלשאַפ־טען, ווייל מען האָט זיך געשראָקען פאַר ווייטערע אַטענטאַטען און פאַרברעכען. א דאַנק גענצ'עס אנשטרענגונגען זיינען די אוני־ווערזיטעטען אוועקגעשטעלט געוואָרען אונטער א קאָנטראָל און מען האָט די פרעסע פאַרשטאָפּט דאָס מויל. וועגען פרעסע פריי־הייט שרייבט ער איצט: „איך האַלט זיך ביי מיין מיינונג, אז כדי ניט צו דערלאָזען אז די פרעסע זאָל מיסברויכט ווערען, זאָל א געוויסע צאָל יאָרען קיין זאַך ניט געדרוקט ווערען. דאָס וואָלט אין אלגעמיין — דערלאָזענדיג געוויסע אויסנאַמען אונטער דער אויפזיכט פון א דורכאויס קאָמפעטענט געריכט — אין א קורצער צייט אונז צוריקגעפירט צו גאָט און צום אמת".

זיינע ווערטער צו דער געלעגענהייט פון דער גריכישער באַ־פרייאונג־מלחמה באווייזען, אז, ניט קוקענדיג אויף זיין רעאַקציאָ־נערען פייער, האָט ער געהאַט צופיעל שכל צו גלויבען, פונקט ווי אדאַם מילער און די איבעריגע, אז די פרינציפּען פון דער לעגי־טימיטעט און פון געטליכען רעכט פון קעניגען זיינען אנטפּלעקטע אמת'ן. אין 1818 האָט ער געשריבען צו מילער'ן: „איהר זיינט דער איינציגער אין דייטשלאַנד אויף וועמען איך זאָג: ער שרייבט געטליך ווען ער וויל; און אין אונזערע חוצפּה'דיגע צייטען ווער איך פון קיין זאַך ניט אזוי נשתומם און דענערווירט ווי פון דער חוצפּה פון יענע, וואָס וואָגען זיך צו פאַרמעסטען מיט אייך... אייער סיסטעם איז א פולשטענדיגע פאַררונדעלטע גאַנצקייט. עס וואָלט

לאָזט קיינמאָל ניט פאַרגעסן; אז זיי האָבן ביידע מורא פאַר א דונער. אבער אפילו א בריף איז אפט מעהר ווי גענוג קען פאַר־טראַגען. ער שרייבט צו מילער'ן: „אייערע בריף צערייסען מיינע צאַרטע נערוועון". זיין מורא פאַר'ן טויט האָט על פּי רוב אנגע־נומען די פאָרם פון א מורא אז מען וועט איהם הרג'ענען. נאָך דעם ווי זאַנד האָט געמאכט אן אַטענטאַט אויף קאָצעבו'ן, האָט זיין שרעק, אז אויך ער קען פאַלען אלס א קרבן פונ'ם האַס פון דער דייטשישער יוגענד, דערגרייכט אזא מדרגה, אז דער אָנבליק פון א שאַרף מעסער איז טיילמאָל געווען גענוג, אז ער זאָל חלש'ן. אין 1814 שרייבט ער צו ראהעל'ן „איצט, געלויבט איז גאָט, איז אין פּאַריז אלץ געענדיגט. איך בין, דאנקען גאָט, גאַנץ געזונט. איך וואוין טיילמאָל אין באַדען, טיילמאָל אין ווין, טיילמאָל האָב איך אייער־קוכען מיט זעלטענער פּוטער צום אָנבייסען, טיילמאָל אן אנדערן הימלישען קוכען. דאס מעבעל וואס איך פאַרמאָג איז אזא, אז מיין האַרץ טאַנצט פון פרייד, און איך האָב א סך ווייניגער מורא פאַר'ן טויט".

ער קוקט איצט אויף גערעס'ן ווי אויפ'ן איינציגען מענשען וואָס קען שרייבען, ער אליין איז קיין זאַך ניט פעהיג צו שאַפען. דאָך פאַרנעמט ער אין דער זעלביגער צייט אזא דערהויבען אָרט אין דער געזעלשאַפט, אז ער קען זיך אפּזאָגען אויפצונעמען גע־קרוינטע קעפּ. דעם 31טען אָקטאָבער 1814 שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך: „אפּגעזאָגט דעם קעניגליכען פּרינץ פון בייערן, דעם קעניג פון דענמאַרק", א. א. וו. ער באַקענט זיך מיט טאַלעראַנ'ען און באַוואונדערט איהם אָהן א שיעור. כדי צו געבען זיין באַ־וואונדערונג א פּראַקטישע ריכטונג פּרעזענטירט איהם דער דורכ־געטריבענער פראַנצויזישער דיפּלאָמאַט מיט 24,000 פלאָרין אין נאָמען פון פראַנצויזישען קעניג. צום סוף 1814 שרייבט גענץ אין זיין טאָג־בוך: „דער אויסקוק פון געזעלשאַפטליכען לעבען איז טרויעריג... אבער אזוי ווי איך קען זיך אין גאַר ניט באַשולדיגען, קומט אויס אז מיין געניוע באַטראַכטעט מיט די צרה'דיגע מעשים פון אָט די קליינטשיגע מענטשעלעך וואס באַהערשען די וועלט, הייבט מיר ניט אָן וועה צו טאָן, זי אַמוזירט מיך בלויז; די גאַנצע זאַך געפעלט מיר פּונקט ווי א שפּיל וואס ווערט אויפגעפירט פאַר

מפלות און די דערנידערונגען וואס דאס לאנד האָט געליטען, האָט
עס אויך געגנצ'ן באַלד פארכאַפּט אין ווילדען קעסעל פון נארישע־
וואַטע תאוות, אזוי אז אין זיינע שרעקליכע פינאנציעלע שוועריג־
קייטען האָט ער זיך אנגעכאַפּט אָן א פריינדשאַפט מיט מעטער־
ניכ'ן אָט ווי דער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן א שווערט. טאַ־
לעראַן האָט מעטערניכ'ן גערופען „שוואכלינג פּאָליטיקער“, ווייל
ער האָט קיינמאָל ניט געזעהן ווייטער פון זיין צייט, און א באַרימ־
טער רוס האָט איהם גערופען „פּאָלירט שטויב“, — דער איינפלוס
פון אזא מענשען איז ניט געווען קיין גליקליכער.

פון דעמאָלט אָן באַקלאַגט ער זיך כסדר אין זיינע בריף אויף
„אזא גייסטיגער אויסגעמאַטערטקייט, נידערגעשלאָגענקייט, לייר־
דינקייט און גלייכגילטיגקייט“. וואָס ער האָט נאָך ביז איצט ניט
געפיהלט און זיך ניט פארגעשטעלט, און וואָס ער באַשרייבט טרעפ־
ליך ווי א „מין אינטעלעקטועלע שווינדזוכט“. ער רופט זיך „פאר־
דאַמט אָפּגעלעבט“. „גלויבט מיר, שרייבט ער צו ראַהעל'ן, איך
בין פארדאַמט אָפּגעלעבט. איך האָב אזוי פיעל געזעהן און גענאָ־
סען פון דער וועלט, אז איהר אָפּנאַרערישער גלאַנץ און איהרע באַ־
לוינונגען באַאיינפלוסען מיך מעהר ניט“. „קיין זאַך באַגליקט מיך
ניט; איך בין קאַלט, אָפּגעלעבט, האָב אלץ פיינט, דורכאויס אי־
בערצייגט אז כמעט יעדער איז א נאַר, צופיעל זיכער אין מיין —
ניט חכמה — נאָר דורכדרינגליכקייט, און אינערליך בין איך טייור־
ליש צופרידען וואָס די אזוי־גערופענע גרויסע טאַטען קומען צו אזא
לעכערליכען סוף“. ער איז געוואָרען אזוי גלייכגילטיג, אז נאַ־
פּאָלעאָנ'ס מפלה, וואס ער האָט פריהער אזוי הייס געגאַרט, האָט
ניט דערוועקט אין איהם קיין טיפער געפיהל ווי דאס דערמאָנטע.
„איך בין געוואָרען אַלט און שלעכט“, איז ער זיך מודה מיט א ליב־
ליכער חוצפה, וואָס דערמאָנט אונז אָן פרידריך שלעגעל'ן, און וואס
האָט איהם קיינמאָל ניט פארלאָזען.

ארום דער צייט האָט איהם אָהן אויפהער גענומען פּייניגען
די מורא פאר'ן טויט; ער פארשרייבט כסדר אין זיין טאָג־בוך
גענוי אויף ווי וויט דאס געפיהל מאַטערט איהם. זיינע בריף וויי־
זען ארויס אלע שוואכקייטען פון א נערוועאישער פרוי. באַזונ־
דערס לעכערליך איז זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט אַדאַם מילער'ן. ער

אָבער בעת דאס האָט פאסירט האָט גאנץ געהאט זיין צייט פון גרויסקייט. די גלייכגילטיגקייט מיט וועלכער די ווינער האָבען זיך צוגעפאסט צו פראנצויזישער אויבערהערשאפט, צו מפלות און דערנידערונגען אָהן א סוף, האָט אויפגעוועקט די גאנצע ענערגיע און דעם זשעני וואס ער האָט פארמאָגט. דער ברענענדיגער האס צו נאפּאָלעאָנען, וואס האָט איהם באגייסטערט, האָט אויף א קורצער צייט — בעת דייטשלאנד'ס אומגליק און טיפער נידערגעשלאָגענקייט — פון איהם געמאכט א דעמאָסטען פון דייטשישען פאָלק. אָבער דאָס, וואָס ער האָט אזוי ליידענשאפטליך געגארט איז געווען אומאפהענגיגקייט, ניט פרייהייט. איהם האָט זיך אויסגעוויזען אז די גאנצע רעוואלוציע איז קאָנצענטרירט אין נאפּאָלעאָנ'ען. אנטקעגען איהם וואָלט ער זיך ניט געקווענקעלט צו באנוצען אפילו אזא מיטעל ווי אן אטענטאט. ער האָט געשטרעבט מיט אלע זיינע כחות דורכצופירען א פאראייניגונג צווישען די דייטשישע כוחות און אויפצורעגען דאס דייטשישע פאָלק. אבער זייענדיג געטריי זיין כאראקטער האָט ער ווינציגער אפעלירט צום פאָלק ווי צו די עטליכע אויסדערוועהלטע, וואס אין זייערע הענט, ווי איהם האָט זיך געדוכט, ליגט דעם פאָלק'ס שיקזאל. זיין הקדמה צו די „ליטעראַרישע פראגמענטען", זיינע מאניפעסטען און קריג פראקלאמאציעס זיינען געשריבען מיט א קרעפטיגער ליידענשאפט, אין א פליסיגען, בלומענדיגען דאָך פעסטען סטיל, וואו די רעטאָרישע געצוקטקייט ווייזט קיינמאָל ניט ארוים קיין שלעכטען געשמאק. אפילו די מפלות פון אולם און אויסטערליץ האָבען איהם ניט אנטמוטיגט; אבער מיט טיפער דערשלאָגענקייט האָט ער באמערקט די צרה'דיגע באדינגונגען אין פרייסען פאר דער יענא'ער שלאכט. בעת יאָהאנעס פאָן מילער און אנדערע, אויף וועלכע ער האָט זיך פארלאָזען, האָבען דערלאזען אז נאפּאָלעאָן זאָל זיי חנפה'נען און געווינען אויף זיין צד, איז גענץ געבליבען ניט געריהרט און פעסט. אינ'ם בארימטען בריף צו מילער'ן ווינקט ער אָן אויף א שניידענדיגען אופן אויף יענע „וואס זייער לעבען איז א כסדר'דיג אונטערגעבען זיך". אבער ווען עסטרייך האָט אויפגעגעבען דעם קאמף, און, ווי עס טרעפט בכלל אין אזעלכע פאלען, אויסגעלאסענקייט און פארגעניגען זוכעניש איז געשטיגען פראָפּאָרציאָנעל צו די

אָט דעם פארזוך „צו צווינגען" דעם הערשער, און ווען דער קעניג
האָט ניט גענומען אין אכט די בקשה, האָט גענץ גלייך די זאַך אָפּ־
געלאָזען, און געטאָן וואָס ער האָט נאָר געקענט זי צו באגראבען
און פארגעסען. פון דער צייט אָן איז ער געווען ענגלאנד'ס א באַ־
צאָלטער מענש. מען קען ניט זאגען אז ער האָט זיך פארקויפט,
אבער ער האָט כסדר גענומען א היבשען געלט לוין פאר זיין פּאָ־
ליטישער טעטיגקייט אין די אינטע־עסען פון ענגלאנד. און גענץ
האָט געדארפט האָבען געלט. ער האָט געשפּילט אויף גרויסע געלט־
סומעס, און געלעבט שטענדיג א צעלאָזען און הולטייאיש לעבען
מיט אקטריסעס און באלעט טענצערינס. טיילמאָל פלעגט דאָס
איבערגעריסען ווערען דורך אַנפאלען פון עקסטרעמער סענטימענ־
טאליטעט, און דעמאָלט האָט ער, ווי ער שרייבט, געלעבט „א צו־
פרידען, אבער אלץ נאָך א „ווילד לעבען" מיט זיין אייגען ווייב. אין
אפּריל 1801 באמערקט ער אין זיין טאָג־בוך „שטארק גערירט אי־
בער'ן טויט פון א הונט". בעת א באזוך אין וויימאר, וואו ער האָט
באגעגענט די ליטעראַרישע באַרימטקייטען פון יענער צייט, האָט
ער זיך איבער'ן קאָפּ פארליבט אין דער פּאָעטין אמאליע פאָן אימ־
האָף, און פעסט באשלאָסען ביי זיך צו פירען א בעסער לעבען.
אָבער ווי נאָר ער קערט זיך אום קיין בערלין שרייבט ער: „רע־
זולטאט פון מיינע וויימאר באשלוסען — דעם 23טען דעצעמבער
האָב איך פארלוירען אין אזארט שפּיל אלץ וואָס איך האָב פאר־
מאָגט". א שטיקעל צייט האָט ער אלץ אין איינעם געשריבען בריף
פון זעקס אדער אכט בויגען צו אמאליע פאָן אימהאָף; דערנאָך
האָט ער זיך משוגע פארליבט אין דער אַקטריסע קריסטעל אייגענ־
זאַץ און פארגעסען אָן אלעם איבעריגען. „איצט בין איך שוין אין
גאנצען משוגע", שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך. בינו לבינו פאר־
לאָזט איהם זיין ווייב און ווענדט זיך נאָך א גט. דעם אָוועקט
ווען זי פארלאָזט איהם נעמט גענץ שפּילען „דרייסיג און פערציג"
כדי צו פארגעסען די אומאנגענעמקייט. ווען בערלין איז צוליב
פיעל סיבות געווארען ניט ליב, נאָך מעהר, אוממעגליך, האָט ער
אנגענומען דעם פּאָרשלאָג פון אן עסטרייכישער רעגירונג שטעלע
אין ווין. דאָ האָט ער ביסלעכווייז אויפגעגעבען יעדע אומאפּהענ־
גיגקייט און געווארען מעטערניכ'ס א שרייבער.

איז פלוצלונג געווארען א הייסער פארטיידיגער פון די גוטע אלטע צייטען. דער צוועק פון זיין לעבען איז געווארען צו באקעמפען די הערשאפט פון דער געזעלשאפטליכער מיינונג אין די נארישקייטען פון די מאסען. ער איז ניט פעהיג געוועזן צו זעהן אין דער פראנצויזישער רעוואלוציע דעם נויטיגען פועל יוצא פון יאָר הונדערטען פול מיט שלעכטס און צאָרן. ער האָט געהאלטען אז די אורזאך פון איהר הפקרות איז געוועזן קאלטער פארשטאנד — א כאראקטעריסטיש ראָמאנטישע טעאָריע.

אין פונדאמענט פון דער דאזיגער ענדערונג איז ניט געוועזן קיין שום ווירקליכע ענדערונג. די „רעכט פון דער מענשהייט" וואָס ער האָט אזוי ווארים פארטיידיגט אין זיין אָפהאנדלונג „איבער'ן אורשפרונג און הויפטפרינציפען פון רעכט", האָט איהם איצט אויסגעוויזען אלס וויכטיג בלויז פאר שטאטסלייט אלס „עלעמענטארע צוגרייטענדיגע לימודים". עס האָט זיך איהם געדוכט אז די טעאָריע פון די דאָזיגע רעכט זיינען כמעט אין דער זעלביגער באציהונג צו שטאטסמאנשאפט ווי די מאטעמאטישע טעאָריע פון געווארפענע קערפער צו באָמבע־ווארפעריי. און איצט, דורך פאמעליכע מדרגות, קומט ער צום ענגהערציגען בליק אז ניט דאָס פאָלק נאָר די רעגירונג איז די הויפט קראפט אין שטאט. ער האָלט אז די מיטארבייטערשאפט פון פאָלק אין געזעצגעבונג איז בלויז א פאָרמאליטעט; די פרייהייט האָט זיך איינגעשרומפען אין א ווייליגער, צופרידענער אונטערטעניגקייט.

די באציהונגען מיט ווילהעלם פאָן הומבאָלט, און דער איינפלוס פון די עסטעטישע טעאָריעס פון יענער צייט אויף דער נויטיגקייט פון הארמאָניע צווישען פריוואטען און עפענטליכען לעבען, האָט אביסעל ווייכער געמאכט די שטרענגקייט פון די דאזיגע פרינציפען, און די ענגלישע קאנסטיטוציע איז געווארען גענצעס אידעאל. ווען פרידריך ווילהעלם II איז ארויף אויפ'ן טראָן, האָט ער בפירוש געפיהלט אז ער מוז צושטעלען א פעטיציע צו זיין מאיעסטעט וואו ער האָט פון איהם פארלאנגט אין א בלומענדיגער שפראך אז ער זאל געבען פרעסע פרייהייט — טאקע יענע פרייהייט וואָס, אין עטליכע יאָר ארום האָט ער געשילדערט אלס דעם קוואל פון אלע איבלען. דער לאָיאלער געטע איז נשתומם געוואָרן פון

פרידריך פאָן גענץ איז געבוירען געוואָרען אין ברעסלאו אין 1764. זיין פאטער און מוטער האָבען געהערט צום מיטעלקלאס. זיין שפּעטערדיגע הויכע פּאזיציע אין דער געזעלשאפט איז געקו־מען בלויז א דאנק זיינע אייגענע פעהיגקייטען. אין קעניגסבער־גער אוניווערזיטעט האָט ער זיך ערנסט גענומען שטודירען קאַנטס פילאָזאָפיע, און אין דער זעלביגער צייט האָט ער אנטוויקעלט אַן ענטוזיאסטישע פּלאַטאָנישע פריינדשאפט פאר אַן אומגליקליכער, יונגער פארהייראטער פרוי, עליזאבעט גראַון. אין 1786 איז ער אוועק קיין בערלין, געקריגען א רעגירונג שטעלע, און חתונה גע־האַט, צוליב מאטעריעלע נוצען, מיט א טאָכטער פון א הויכען באַ־אמטען פון דעפּארטאמענט פון פינאנץ. ער איז אוועק אויף א וועג פון אומגעצאמטער צעלאָזענקייט, און זיך באטייליגט אין אלע נארישע פארגעניגענס פונ'ם הויף, „וואו אַן עקעלדיגע געזעלשאַפט פון בעל תאוות און היפּאָקריטישע פרויען האָבען ארומגערינגעלט דעם אלטען קעניג פרידריך ווילהעלם II“.

בינו לבינו האָט איהם געפּאקט די פראנצויזישע רעוואלוציע. לכתחילה האָט זי איהם אנגעצונדען מיט יוגענדליכען ענטוזיאַזם. „אויב אָט די רעוואלוציע פאַלט דורך — האָט ער געשריבען — וואָלט איך עס באטראכט ווי איינס פון די גרעסטע אומגליקען וואָס האָט זיך אנגערוקט אויף דער מענשהייט. זי איז דער ערשטער פראקטישער נצחון פון דער פילאָזאָפיע, דער ערשטער ביישפּיל פון א רעגירונג פאָרם וואס שטיצט זיך אויף פרינציפּען און אויף אַן איינהייטליך סיסטעם. זי איז א האָפענונג און א טרייסט פון דער מענשהייט, וואס קרעכצט אינטער אזוי פיעל אלטע איבלען. ווען די דאזיגע רעוואלוציע פאַלט דורך, וועלען אָט די איבלען זיין נאָך אומהיילבארער ווי פריהער. איך קען מיר פארשטעלען גאַנץ קלאָר ווי די שטילקייט פון א פארצווייפלונג וואָלט געזאגט, אויף להכעיס דעם שכל, אז מענשען קענען זיין גליקליך בלויז אלס שקלאַ־פען, און ווי אלע טיראנען, גרויסע און קליינע, וואָלטען אויסגענוצט די דאָזיגע שרעקליכע ווערטער זיך נוקם צו זיין פאר דעם פחד וואס זיי האָט פאראורזאכט דאָס אויפוואכען פון פראנצויזישען פאָלק“.

אבער די שרעקען וואס די פראנצויזישע רעוואלוציע האָט מיט זיך געבראכט, האָט געמאכט אז ער זאל ענדערן זיין מיינונג. ער

קאָסטען, דאָס אויסלעשען אלע אייראָפעאישע שרפות, און רוח, טיפע רוה פאר די קראנקע, די מידע און די וואָס ווערען געזונט; ווען פונקט ווי אין א קראנקען־צימער דער גרויסער צוועק איז כמילא געוועזן פטור צו ווערען, אזוי שטיל ווי מעגליך, פון די רוה־שטערער און ניט דערלאזען קיין געוואיש און קיין טומעל. „געניג, זאגט גאָט־שאל, האָט פארשטאנען אריינצוגעבען אין די אפיזאָדען אויסגאבען דעם אומבאשרייבליכען גלאנץ, די קלאסישע גלאטקייט, די אלימפי־שע חשיבות וואָס, אזוי ווי דאָס מזל פון שטערבליכע רירט זיך צו איהר ניט צו, דערלאזט זי ניט אז דער מינדסטער טראָפען געקטאר און אמבראזיא זאָל זיך אויסגיסען פונ'ם בעכער פון די געטער, כאָטש אָהן א שיעור בלוט מעג זיך גיסען אין דער וועלט אינטען. די דאָזיגע ספעציעלע האלטינג לייכט פארבייצוגעהן די קלעגערע קלעפ א דאנק וועלכע פעלקער זיינען צעריסען געוואָרען אויף שטיק־ער, האָט צוגעגעבען א מילד און פריינדליך געשטאלט צו דער דעם־פאָטישער טאקטיק פון יענער צייט. מען האָט בלויז געהערט א בלאָז, ניט קיין באריכט; עס איז געווען א שטילע שחיטה פון דער לופט ביקס".

איבערפלעכליך האָט זיך אויסגעוויזען אז מען האָט פארטייי־דיגט לעגיטימיסטישע**) פרינציפען, אבער אין דער אמת'ן זיינען זייערע פארטיידיגער ניט געווען קיין לעגיטימיסטען ווען זייערע אינטערעסען האָבען געפאדערט דעם היפוך. אין זיי זיינען פאר־ווירקליכט געוואָרען געטע'ס ווערטער: „קיינער איז ניט אזא לע־גיטימיסט ווי דער וואָס קען זיך אליין לעגיטימיזירען". די זאך פאר וועלכער גענץ האָט געארבייט איז געווען א שלעכטע זאך, אבער דער וואָס ארבייט פאר א שלעכטער זאך איז אינטערעסאנט אויב ער פארמאָגט א וואוגדערבארען טאלאנט און גענץ איז געווען א, אומגעוויינטליכער טאלאנט. פארהאנגען האָט יעמאנד געזאגט וועגען איהם: „נאָך קיינמאָל איז דאָס שטויב פון דייטשישער גע־לערנטקייט ניט אויפגערודערט געוואָרען מיט מעהר גלאנץ; מען האָט נאָך קיינמאָל ניט ארויסגעוויזען קיין לומדות מיט אזוי פיעל נוצען".

**) דאָס גלויבען אין דער בארעכטיגטער אויטאָריטעט פון א מאָנארך.

נאַטיזם ניט געווען צו ווילד. ער איז געגאנגען אזוי ווייט, אז ער האָט דערקלערט אז די רעגירונג, דורך דעם וואָס זי דערלויבט געמישטע חתונות, צווינגט די קאַטוילישע עלטערן אויפצוהאָדעווען „צווייפאַכיגע ממזרים“, — און דאָס האָט ער געזאָגט ניט קוקענדיג אויפ'ן פאקט וואָס דער בייערישער קעניג איז געווען א זוהן פון א פראָטעסטאַנטישער מוטער און האָט חתונה געהאט מיט א פראָטעסטאַנטישער פרוי.

אין דער צייט פון'ם היציגען ויכוח בנוגע דער עכטקייט פון קריסטוסעס מאַנטעל וואס איז געבליבען אין טריר, איז גערעס געווען צופרידען מיט'ן ערפאלג פון'ם עולה רגל זיין קיין טריר, וואָס איז אויפ'ן שטעל ארגאניזירט געווארען און וואו ניט ווייניגער פון א מיליאן ריינלענדער האָבען זיך באטייליגט כדי אויפצורעגען די פראָטעסטאַנטישע קירך. פאַר איהם איז דאס דאזיגע עולה רגל זיין „דער נצחון פון דער זיגענדיגער קירך“. דעם ארגומענט אז דער הייליגער מאנטעל קען ניט זיין קיין עכטער, ווייל עטליכע אנדערע פלעצער האָבען געהאט ענליכע מאנטלען, האָט ער אוועקגעמאכט אנווייזענדיג אויפ'ן נס פון די ברייטלעך וואָס האָבען זיך פארמעהרט ווי עס ווערט דערמאָנט אין נייעם טעסטאַמענט*).

פרידריך פאָן גענץ האָט אריינגענומען אין דער פראקטיק פון דער פאָליטיק די ראָמאנטישע ליטעראַרישע טעאָריע אז פאָרם איז לחלוטין אומאָפּהענגיג פון אינהאלט. מיר האָבען גערופען קלייסט'ן דעם דייטשישען מערימיי; צוליב עטליכע סיבות וואָלט מען געקענט רופען גענצ'ן דעם דייטשישען טאָלעראַן. אין זיינע רייפע יארען וואָלט ער, ווי מעטערניך, געקענט אויפשרייבען אויף זיין פאָרטרעט „נאָר ניט קיין פאַטאָס!“ ער איז די סאַמע פאַרקערפערונג פון דער ראָמאַנטישער איראָניע, דער פאַרקערפּערטער גייסט פון „לוצינדע“. ער ווערט אבער ניט קיין טיפישע פיגור ביז איבער פערציג, איז א צייט ווען א פעריאָדע פון דיפּלאָמאטישער טעטיגקייט איז געקומען נאָך רעוואָלוציאָנערע איבערקערענישען און די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, די צייט ווען דאס פאס־וואָרט איז געווען רעאקציע, ד. ה. רוהיגקייט, רוהיגקייט ווי פיעל זי זאל ניט

---

*) Sepp *Gorres und seine Zeitgenossen, Nordlingen*, 1897.

בענדער פון זיין „מיסטיציזם", דאָס משוגענסטע בוך וואָס דער דייטשישער ראָמאַנטיזם האָט ארויסגעבראַכט.

וואָס מעהר גערעס האָט אריינגעדרונגען אין די מיסטעריעס פון כישוף און צויבעריי אַלץ מעהר איז ער אַליין געוואָרען פאַנאַ־טיש און מאָדנע. ער האָט געגלויבט אז ער האָט א דיבוק. איין מאָל האָט ער זיך באַקלאָגט אז דער טייוועל, זייענדיג אויפגערעגט דערפאַר וואָס ער האָט זיך געמישט אינ'ם שטנ'ס ענינים, האָט גע'גנב'עט איינעם פון זיינע מאַנוסקריפּטען; מען האָט איהם אָבער שפּעטער געפונען אין זיין ביכער שאַנק.

ווען עס האָט אין קעלן אויסגעבראָכען דער רעליגיעזער טו־מעל, איז גערעס ארויסגעקומען אַלס וואָרטפירער פון די אול־טראַמאָנטאַניסטען אין זייער ויכוח מיט'ן פּרייסישען מיניסטער־יום. זיינע ליידענשאַפטליכע אָנפאַלען אויפ'ן פּראָטעסטאַנטיזם זענען געווען געפּאַסט אין א ביבלישער שפּראַך — זיינע געגנער זענען געווען א גזע פון שלאַנגען, דער פּרייסישער שטאַט האָט גע־האַט אין זיך א בייזען גייסט, א. א. וו. דעם דאָזיגען ספּעציעלען טייוועל שילדערט ער ווי א שרעקליכען שד „וואָס אויב מען רופט איהם טויט מען איהם אָן צופיעל כבוד"; ער איז, זאָגט ער, די נשמה פונ'ם טייוועל, וואָס, אין דער פּרייסישער ארמיי פון דער צייט פון אונזערע זיידעס, האָט ער געהאַלטען די בייטש וואָס האָט געשלאָגען זיבען פּלייצעס אויף א מאָל.

גערעס האָט געוואונען די באַוואונדערונג פון גראַף מאָנטאַ־לעמבער, דעם פירער פון די פראַנצויזישע קאַטאָליקען, צוליב זיי־נע פּאָלעמישע קונצען. אין קאַטוילישען דייטשלאַנד האָט מען איהם געהאַלטען פאַר'ן פּאָטער פון דער קירך און איהם גערופען „דער קאַטוילישער לוטער". איהם איז געלונגען אריינצוציהען די בייערישע רעגירונג אין דער באַוועגונג; מען האָט דערלויבט די אָפּאָנענטען פון דער פּראָטעסטאַנטיש פּרייסישער רעגירונג צו פאַרעפענטליכען פּריי אין דער בייערישער פּרעסע זייערע געמאַ־טערטע ארטיקלען, און גערעס האָט געהאָפט אז בייערן, אַלס א וויכטיגע קאַטוילישע קראַפט, וועט זיך אָפען אָנשליסען אָן דעם קאַמף.

פאַר איהם איז קיין אייסדרוק פון פּאָליטיש רעליגיעזען פּאַ־

אויף אַ דור וואָס איז געווען גענייגט צו טעאָלאָגישע לוקסוסען; און מאַדאַם דע קרידענער האָט געהאַלטען אין גרינדען די „היי־ליגע אַליאַנץ."

שוין אין 1826 דערקלערט זשאָזעף דער מעטער אַז גערעס, אַלס שרייבער פון „דער קאַמף פון דער קירכען־פרייהייט מיט'ן שטאַט־דעספּאָטיזם פון דער קאַטוילישער שווייצאַריען", האָט זיך אָנגענומען פאַר דער קירך מיט זשעני און גערעכטיגקייט, און דאָך מיט מעהר דרייסטקייט און ווירקזאַמקייט ווי דאָס איז ווען פריהער געטון געוואָרען. אַזאַ לויב פון אַזעלכע ליפּען איז עפּעס ווערט; נאָך מעהר, עס איז אַ סימן אַז מיר האָבען דערגרייכט דעם פּונקט וואו דער דייטשישער ראָמאַנטיזם געהט איבער אין דער פראַנצוי־שער, אָדער בעסער, אַלגעמיין אייראָפּייאישער, רעאַקציע.

אין 1827 האָט גערעס פאַרעפענטליכט אַ ווערק וואָס אַ אינטערעסאַנט ווייל עס איז אַ פאָרשפּיל צו זיין „מיסטיציזם" דאָס איז „עמנואל סוועדענבאָרג, זיינע זעהונגען און זיין שייכות צו דער קירך."

אין 1833 האָט זיך קלעמענס ברענטאַנאָ געצויגען קיין מינ־כען וואו גערעס האָט זיך שוין געהאַט באַזעצט. די אַלטע שול־חברים האָבען זיך נאָכאַמאָל באַגעגענט, און ברענטאַנאָ'ס איינפלוס אויף גערעס'ן איז געווען גרויס. ברענטאַנאָ האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען אַן אַבערגלויבערישען פאַנאַטיזם. אפילו שעלינג'ס נייע אַנטפּלעקונג־פילאָזאָפיע איז פאַר איהם ניט גענוג פרום גע־ווען. רעדענדיג מיט עטליכע יונגע טעאָלאָגען האָט ער אויסגערו־פען: „עס האָט קיין נוצען ניט זי צו לויבען פאַר מיר; איין טראָפּען פון הייליגען וואַסער איז מיר טייערער ווי שעלינג'ס גאַנ־צע פילאָזאָפיע". אַלע מעמאָראַנדומס פון קאַטאַרינאַ עמעריך'ס זעהונגען און השתפכות הנפש האָט ער געבראַכט מיט זיך קיין מינ־כען. אינ'ם וואַנגעליום האָט ער זיך ניט גענויטיגט. דורך איהר האָט ער געלערנט מעהר פון קריסטוסעס פסוקים און וואַנדערונגען איידער עס געפינט זיך אין די הייליגע שריפטען. די הייליגע האָט אפילו אַנטפּלעקט פאַר איהם אַ פּאַלעסטינישע מאַפּע. גערעס איז באַלד געוואָרען אַ שטאַרקער גלויבער אין נסים און מיטען, פּונקט ווי ברענטאַנאָ. צווישען 1836 און 1842 האָט ער געשריבען פיר

ביכער״, און זיין זאמלונג פון אלט דייטשישע פאָלקס־לידער און מייסטער־לידער.

ניט בלויז דאָס נאציאָנאלע געפיהל האָט די ראָמאַנטישע באַוועגונג דערוועקט אין גערעס׳ן, זי האָט אין איהם אריינגעבראַכט כמעט פונקט אזא שטארק געפיהל בנוגע קאָסמאָפּאָליטיזם, און אונטער אָט דעם איינפלוס האָט ער גענומען שטודירען פערסיש, א שפראך וואָס איז ביז דעמאָלט געווען פארנאַכלעסיגט, און, כמעט אָהן הילף, האָט ער אין איהר דערגרייכט אזא הויכע מדרגה, אז עס האָט זיך איהם איינגעגעבען ארויסצובריינגען א פיינע פּראָזע איבערזעצונג פון פירדוסי׳ס עפּישער פּאָעזיע.

אין 1818 איז ער אוועק קיין בערלין אלס וואָרטפירער פון א דעפּוטאַציע פון דער שטאָט קאָבלענץ. ער האָט דרייסט געפּאָדערט פון קעניג אויסצופירען די הבטחות פון א קאָנסטיטוציע, וואָס איז נעגעבען געוואָרען בעת דער באפרייאונג מלחמה, און דער לוין פון זיין געוואַגטקייט איז געווען חרפות און בושות און עטליכע יאָר גלות.

ביז 1824 איז גערעס אלץ כסדר געווען, אין אלגעמיין גענומען, דער ראָמאַנטישער פּאַטריאָט. פון דעם יאָר ביז זיין טויט אין 1848 איז ער דער פּאָרקעמפער פאר דער קלעריקאַלער רעאַקציע. אין זיין „דייטשלאנד און די רעוואָלוציע״ (1820) איז זיין נייגונג צום קאַטאָליציזם שוין קלאָר; דאָרטען כאראַקטעריזירט ער די רעפאָרמאַציע ווי א „צווייטער אראָפּפאל״.*) ער האָט זיך אריינגעטון אין שטודירען די געשיכטע פון מיטעלאַלטער און גענומען באטראַכטען די קירך אלס די איינציגע קראַפט וואָס איז פעהיג געהעריג צו פארטיידיגען די פרייהייט פון פאָלק פון די אָנפאלען פונ׳ם אבסאָלוטיזם. אין א קורצער צייט ארום האָט ער, אונטער ברענטאָנאָ׳ס און ראַנץ גאָרער׳ס איינפלוס, גענומען גלויבען אין זעהונגען און איז געוואָרען פאנאַטיש רעליגיעז. אין דער צייט האָט קלעמענס ברענטאַנאָ — פונקט ווי אפּאָלאָניוס פון טיאַנאַ אין די אלטע צייטען — אויסגעאיבט א שטארקען איינפלוס

*) דעם מאָמענט ווען אדם און חוה האָבען געגעסען דעם עפּעל, רופט מען אָפט „דער אראָפּפאל פונ׳ם מענשען״. — איבערזעצער.

און זייערע נאָכפאָלגער. . . אָבער זיין נייגונג צו אַ רוהיג לעבען צוזאַמען מיט אַן איבערפלוס פון רעליגיעזען פייער האָט אָפּגע־שוואַכט זיין קאָנסטיטוציע, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען שוואַך. . . און אַרום דער עלטער פון 250, אין דער צייט פון די קרייצצוגען, איז ער געוואָרען היבשליך שוואַכזיניג", א. אַ. וו. א. וו.

גערעס טרעפט דאָ אַן דעם טאָן וואָס מיר הערען ווידער, מיט אַ דור שפּעטער, אין בערנע'ס „בריף פון פּאַריז".

מיט פאַראַכטונג עפּענט ער די צוואה פון'ם נפטר, לויט וועל־כער די פראַנצויזישע רעפּובליק ירש'ענט דעם לינקען ברעג פון רהיין, און זיין עקסעלענץ, גענעראַל באָנאַפּאַרט, ווערט באַשטימט אַלס דורכפירער.

דאָס איז געווען גערעס'עס שטורמישע יוגענד־צייט. אַרום דעם יאָר 1800 האָט ער גענומען זיך צוריקציהען פון אַקטיווער פּאָליטיק, אַ באַזוך אין פּאַריז האָט איהם געהיילט פון זיינע סימ־פּאַטיען מיט די פראַנצויזען. ער איז נאָך אָבער אַלץ פאַרבליבען אַ וואַרימער פּראָגרעסיסט, און פאַר קיין זאַך האָט ער זיך ניט אַזוי געשראָקען ווי פאַר אומקערען זיך צו דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס וואָלט געמיינט אַ דערדריקענדיגע טיראַניי (נאָך גרויזאַמער צוליב אַ לאַנגער אָפּוואַרטונג און טיילווייז בארעכטיגט צוליב די עקזיסטירענדיגע אומשטאַנדען), די ווידעראויפלעבונג פון'ם גלחים'טום און אַ קאָמבינירטע פּאָליטישע און רעליגיעזע רעאַק־ציע. די אונטערדריקונג פון אַן אויסלענדישער מאַכט האָט דער־וועקט זיינע פּאַטריאָטישע געפיהלען. אין היידעלבערגער אוני־ווערזיטעט איז ער אריינגעטראָטען אין זיין ראָמאַנטישער פּע־ריאָדע. ער האָט פאַרגעטראָגען איבער דער טבע פון פּאָעזיע און פילאָזאָפיע, געוואָרען ענטוזיאַסטיש איבער'ן „ניבעלונגענליד", שטודירט אַלט דייטשישע געשיכטע, פּאָעזיע און לעגענדעס. ער האָט באַגעגענט זיין אַלטען שול־פריינט, קלעמענס ברענטאַנאָ'ן, געוואָרען אינטים מיט ארנים'ען און געקומען אין באַריר מיט טיק'ן און די ברידער שלעגעל און גרים. אין היידעלבערג האָט ער אַרויסגעגעבען זיינע „קינדער מיטען", „די דייטשישע פאָלקס־

אז מען וועט אפשאפען די דריי גייסטליכע קורפירשטען, דעם בי־שאָף־אמט, די קלויסטער־משגיחים, א. א. וו. האָט געדעס אַנאָנ־סירט אין זיין ציימונג אונטער'ן קעפּעל „צו פאַרקויפען" די פאָל־גענדע סחורות: „א פולע לאַדונג זריעה פונ'ם פרייהייט־בוים, וואָס פון זיינע בלומען מאכט מען די בעסטע בוקעטען פאר פּרינ־צען און פרינצעסינס. . . 12,000 מענשליכע בהמות, גוט דרעסיר־טע, וואָס קענען שיסען, שניידען און צילעווען, דרעהען זיך לינקס און דרעהען זיך רעכטס. א זעלטענע לערע פון צוועלף יאָר מיט'ן שטעקען און מיט דער בייטש האָט זיי געבראכט דערצו אז זיי וועלען זיך לאָזען שיסען אויף טויט פון זייער בעל הבית און אפילו ניט קיין וואָרטשע טון. . . דריי קורפירשטליכע יארמעלקעס פון פיין געפּארבטע פעל פון פופלאָקסען. די ביקסען וואָס געהערען צו די זעלביגע זענען געלאָדען מיט בליי, עס ליגען אין זיי שווער־דען און זיי זענען דעקאָרירט מיט קינסטליכע שלאַנגען. גאָט'ס אויג וואָס געפינט זיך פון אויבען איז בלינד."

אין דעצעמבער 1799 האָבען די פראַנצויזען צום צווייטען מאָל פארנומען מייענס. ווען די נייעס האָט דערגרייכט קאָב־לענץ, האָט געדעס געשריבען זיין נצחון־ליד איבער'ן פאלען פון דער רוימיש־דייטשישער אימפעריע:

„דריי אזייגער נאָכמיטאָג פונ'ם 30טען דעצעמבער 1799, דעם טאָג פונ'ם אריבערגאַנג איבער'ן רהיין, איז די הייליגע רוימישע אימ־פעריע, אָן אייביג נארישע ערינערונג, רוהיג געשטאָרבען אין הויי־כען עלטער פון 955 יאָר, 5 חדשים און 28 טעג; די סיבה פונ'ם טויט איז געווען אפּאָפלעקציע און פולשטענדיגע אויסגעשעפּטקייט, אָבער דער בארימטער נפטר איז אוועק מיט'ן פולען באוואוסט־זיין און געטרייסט מיט אלע סאקראַמענטען פון דער קירך. . . דער נפטר איז געבוירען געוואָרען אין ווערדון, אין יוני 842 (843). בעת ער איז געבוירען געוואָרען האָט א קאָמעט, אן אָנזאָגער פון אומגליק, געברענט אין צעניט.*) דאָס אינגעל איז אויפגעצויגען געוואָרען אין די הויפען פון שארל דעם פשוט'ן, לואי דעם קינד,

*) דער פונקט אין הימעל, וואָס איז דירעקט איבער'ן קאָפּ.

ליטעראַרישען פעלד אינ'ם פּראַקטישען לעבען און פּאָליטיק. גע־רעס'ן אַליין קען מען נעמען ווי אַ פאָרשטעהער פונ'ם ראָמאַנטי־שען עקלעזיאַסטיציזם, און פרידריך גענצ'ן ווי דעם אַלזייטיגסטען און אינטערעסאַנטסטען פון די אמת'ע פּאָליטיקער.

יאָזעף גערעס איז געבוירען געוואָרען אין דער רהיין געגענד אין 1776. ער איז געזעסען אויף דער זעלביגער שול־באַנק צוזאַ־מען מיט קלעמענס ברענטאַנאָ'ן. אין דער צייט ווען די פראַנ־צויזישע אַרמייען האָבען אַריינגעדרונגען אין דייטשלאַנד האָט איהם די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין גאַנצען פאַרכאַפּט. אפילו איי־דער ער איז נאָך אַריינגעטראָטען אין אוניווערזיטעט, איז ער גע־וואָרען אַ מיטגליעד פון אַ יאַקאָבינער קלוב אין זיין געבורטס שטאָט קאָבלענץ, זיך אויסגעצייכענט מיט איינשטעלען זיך פאַר די פריי־הייט־אידעען, און אין „די רויטע צייטונג" האָט ער געגעבען דער דייטשישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי אַן אָרגאַן. ער האָט פאַר־אכט די פאַרגאַנגענהייט, פראַנקרייך איז געווען פאַר איהם דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, און די איבעריגע וועלט — דאָס קעניגרייך פון שקלאַפעריי.

בעת די פראַנצויזישע אַרמיי איז אַריין אין רוים, אין 1798, האָט גערעס הויך אויסגעדריקט זיין פרייד מיט'ן נצחון איבער דער שטאָט און דעם פאַלען פון דער וועלטליכער מאַכט פונ'ם פּאַבסט. ער שרייבט אין זיין „רויטע צייטונג": „מיר וועלען אַראָפּרייסען די מאַסקע פונ'ם עקלעזיאַסטיציזם, און אַריינפירען און פאַרשפּריי־טען נייע אידעען אומעטום. אויך מיר האָבען געשוואָרען אייביגע שנאה צום גלח'טום און מאָנאַכענטום, און אַרבייטען פאַר דער טובה פון פאָלק. אין דער זעלביגער צייט אַרבייטען מיר פאַר די מאָנאַר־כען דורך דעם וואָס מיר באַווייזען זייער אומניצליכקייט און העל־פען צו באַפרייען זיי פון דער רעגירונג משא."

זיין סטיל איז יוגענדליך געוואַגט און וויציג, אַן עכט דע־מאַגאָגישער און זשורנאַליסטישער סטיל. אָבער אין זיין שפּאָט דערקענט מען אַ געוויסען פאַנאַטיזם, וועלכער, פּונקט ווי יעדער פאַנאַטיזם, איז וויכטיג צוליב דער מעגליכקייט פון אַ פולשטענ־דיגער איבערקערעניש. ווען די פאַרהאַנדלונגען פונ'ם ראַשטאַטער קאָנגרעס האָבען געמאַכט אַז מען זאָל לייכט קענען פאָראויסזעהן

## קאפיטעל 17.

# ראָמאַנטישע פּאָליטיקער.

דער „ריח פון הייליגקייט"; גערעס דער רעוואָלוציאָנער; זיין שפּעטערע רעליגיעזיטעט און זיין קאַמף אַנטקעגען פּראָטעסטאַנטיזם; גענץ און זיינע סימפּאַטיען מיט דער פראנצויזישער רעוואָלוציע; זיין שפּעטערע חרטה; זיין צעלאָזען לעבען; זיין פריינטשאַפט מיט מעטערניכ'ן; די כאַראַקטעריסטיק פונ'ם ראָמאַנטיזם פון פארשידענע לענדער.

אין זיין „קריסטיליכען מיסטיציזם" (2 , 39) דערציילט אונז גערעס אז איינס פון די באַמערקבארסטע כאראקטער־שטריכען פון א קערפּער וואָס האָט, דורך ווידער־אויפלעבונג, דערגרייכט די העכסטע הארמאָניע, איז דער ריח וואָס ער גיט פון זיך ארויס. „פּונקט ווי א שלעכטער גערוך איז א סימן פון א קראנק און צערודערט אָרגאַניש לעבען, אַזוי אַנטפּלעקט זיך די אינווייניגסטע הארמאָניע דורכ'ן ריח וואָס גיט זיך אַרויס. דערפאר איז דער אויסדרוק דער ריח פון הייליגקייט באַין אופן ניט בלויז קיין פיגוראַטיווער. ער נעמט זיך פון אָהן א שיעור פעסט־באַגרינדעטע פאקטען וואו א זיסער ריח האָט ארויסגעשטראָמט פון מענשען וואָס האָבען געפירט א הייליג לעבען". און ער ציטירט א סך באַשטעטיגטע ביישפילען דערפון.

אויב גערעס איז גערעכט — און איך ווארף ניט קיין שום צווייפעל אויף גערעס'עס באַהויפּטונג — האָבען די מענשען, צו וועלכע איך וועל, צום שלום, ריכטען מיין אויפמערקזאַמקייט אויף א ווייל, געדארפט ארויסאָטעמען זעהר א שמעקעדיגען ריח, ווייל דאָס זענען מענשען מיט וועלכע סיי ער און סיי די קירך זענען געווען גאַנץ צופרידען. אַלץ וואָס פעלט איצט צו פאַרפולקאָמען די ראָמאַנטישע גרופּע, איז א כאַראַקטעריסטיק פון דער גרופּע, וואָס האָט אריבערגעטראָגען די פּרינציפּען פון ראָמאַנטיזם פונ'ם

סונג סאגא” שרייבט היינע: „זיגורד דער שלאנגען-מערדער” איז א גייסטרייך ווערק וואו די אלטע סקאנדינאווישע סאגא, מיט איהרע ריזען און איהר צויבער” שפּיגעלט זיך אָפּ. דער העלד, זיגורד, איז א מעכטיגע פיגור. ער איז אזוי שטארק ווי די נאָרוועגישע פעלזען שפּיצען און אזוי ווילד ווי דער ים וואָס שלאָגט זיך אָן זיי אָן. ער האָט דעם מוט פון הונדערט לייבען און די חכמה פון צוויי אייזלען”. די דאָזיגע לעצטע באמערקונג קענען מיר אָנווענדען אויף פוקיי’ס אלע ריטערליכע פיגורען. זיי זענען נאציאָנאלע פּאָרטרעטען, ווי די פון וועלכע מיר לייענען אין ברענטאנאָ’ס דערציילונג „די מיירערן ווימילער”, יענע ניין און דרייסיג אונגארישע טיפּען, וואָס דער ארטיסט האָט געמאָלען איידער ער איז אוועק קיין אונגארן, און פון יעדער האָט זיך שפּעטער אויסגעקליבען זיין אייגענעם פּאָרטרעט. אין ארנים’ס און ברענטאַנאָ’ס שריפטען איז יעדע זאַך ספּעציאליזירט און כאראקטעריסטיש, סיי די מענשען סיי די סיטואציעס; דאָ איז אלץ פּאראלגעמיינערט. א קעניג איז אלעמאָל א העלד אָדער א בינע-קעניג; א קעניגין איז אָדער טונקעל און חוצפּה’דיג אָדער איידעל און בלאָנד, א. אַ. וו. א. וו. דער אלגעמיינער טיפּ איז דאָ פּעסטגעשטעלט; די אינדיווידועלע כאראקטעריסטיקעס פון די „נאציאָנאלע פּאָרטרעטען” ווערען צוגעגעבען שפּעטער.

דער נאציאָנאלער טיפּ אונטערשיידט זיך, נאטירליך, לויט’ן לאַנד. אין דענמארק, אונטער פרידריך דעם זעקסטען איז דער ריטערליכער ראָמאַן פּאטריאטיש און לאָיאל. אין דייטשלאנד, נאָך דער „באפרייאונג מלחמה”, איז ער פּאטריאטיש און אריסטאָקראַטיש. אין „צויבער רינג” לייענען מיר: „דער פרעמדער האָט זיך א סך אנגעזעהן די וועלט, אָבער ער איז פארבליבען אן אמת’ער, פרומער דייטש; נאָך מעהר, ער איז עס געווארען טאַקע אין פרעמדע לענדער; ווייל די ווייטקייט האָט פאר איהם אנטפּלעקט וואָסער רומפול לאַנד דאָס אלטע דייטשלאנד איז”.

איןביידע לענדער איז די פּאָליטישע טענדענץ פון’ם ראָמאַנטיזם די זעלביגע.

פערד, רופט עס ווי איהר ווילט. אין דער שילדערונג פון די ריטער וואָס קומען פון אַלע עקען פון דער וועלט, באַגרענעצט זיך „דער צויבער רינג", ווי גאַטשאַל באַמערקט טרעפליך, אויף די פונדאַמענטאַלע טיפען פון דער מענשהייט און די קאָלירען וואָס די זון ברענגט ארויס — מיר קענען אונטערשיידען צווישען אַ מורין און אַ פינלענדער. נאָך אַט דעם בוך זיינען ערשינען אַ סך אַנדערע פון זעלביגען סאָרט, דאָס באַקאַנטסטע פון זיי איז „די עקספעדיציע פון טיאָדאָלף דעם אויסלענדער". אַ פריהערדיג ווערק פוקיי'ס האָט פאָראויסגעזעהן טיאָדאָלפ'ן, דאָס איז די גרויסע טרילאָגיע „דער העלד פון צפון", וואָס באַשטעהט פון „זיגורל דער שלאַנגען־מערדער", „זיגורד'ס נקמה", און „אַזלאַוגע". „דער העלד פון צפון" איז געווידמעט פיכטע'ן, און עס איז קלאָר אַז די באַגייסטערונג איז געקומען פונ'ם ענטוזיאַזם וואָס ער האָט דערוועקט פאַר די אַלטע צייטען אין דייטשלאַנד, און פאַר אַלץ וואָס איז כאַראַקטעריסטיש נאַציאָנאַל. די דריי ליריש־טעאַטראַלישע „לייען־דראַמעס" וואָס שטעלען צונויף דאָס ווערק זענען געשריבען אין אַ יאַמבישען מעטער; און וואו די שפּראַך איז באַזונדערס איינדרוקספול און פייערדיג, ווערען באַנוצט קורצע שורות, און די כונה פונ'ם ריטעם און דער אַליטעראַציע איז צו דערמאָנען דעם אַלטען צפונ'דיגען מעטער. דער אַלגעמיינער איינדרוק איז כמעט דער זעלביגער ווי דער איינדרוק פון יענע אָפּערעס פון וואַגנער'ן וואָס באַהאַנדלען די לעגענדעס פון צפון.

דער פערז, כאָטש טיילמאָל אַ געמאַטערטער, קלינגט אין אַלגעמיין גוט, די סענטימענטען זענען איידעלע און ריטערליכע, די גרויסקייט וואָס ווערט געשילדערט איז איבערמענשליך, כאָטש אינגליש, דאָס ליכט איז ניט דאָס ליכט פון טאָג. די קערפּערליכע גבורה און דאָס געדולד פונ'ם העלד איז אומגעהייער. ער צעשפּאַלט אַ קאָוואַדלע מיט איין קלאַפּ; ער קלעטערט ארויף אויף דער דרויסענדיגער וואַנט פון אַ הויכען טורעם, און ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין העכסטען פענסטער־פליגעל און געזעהן אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט זעהן, שפּרינגט ער לייכט צוריק אַראָפּ. אינטעלעקטועל איז ער שוין ניט אַזוי ה אונדערבאַר.

וועגען אַט דער דראַמאַטיזירטער באַהאַנדלונג פון דער „פאָל־

קער האַנט — עס געפירט אויף אַזאַ'ן אופן, אַז די סאָלדאַטען, וואָס זענען געשטאַנען פאַרגאַפט, האָבען מיט זיכערקייט געפיהלט, אַז דאָס טייערע פערדל דערקענט זיין באַשערטען בעל הבית, און אַז אינ'ם ריטער'ס שליטה איבער איהם מוז ליגען עפּעס אַ מאָדנע באַ־דייטונג. הער אָטאָ איז אַראָפּ פון זיין פערד און זיך אריינגעוואָר־פען אין זיין פאָטער'ס אַרעמס. דאָס קריג־פערד האָט געשנאָרכט און ווילד געבריקעט אַנטקעגען די צוהאַלטער וואָס האָבען עס אָנגע־כאַפּט ביים ציימעל, און אַוועקרייסענדיג זיך פון זיי, האָט עס נאָכ־געפּאָלגט זיין יונגען בעל הבית און ליבליך אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף זיינע אַקסלען." — אומבאַזיגבאַרקייט! ביז דער באַשערטער בעל הבית — דער, וואָס מען פיהלט אַז זיין איינפלוס אויפ'ן האַר־צען האָט אַ „מאָדנע באַדייטונג" — ערשיינט, און פון דער רגע אָן הערשט אַן אַבסאָלוטע איבערגעגעבענקייט און די צאַרטסטע ליי־בע! איז דען עפּעס נאָך, איז דען עפּעס אַנדערש פאַראַנען אין פּוקיי'ס יונגער דאַמע פון דער הויכער מדרגה?

צוליב דער שולד פונ'ם ים־קעניג אַרינגביערן פאַרלירט אָטאָ, אין אַ קריטישען מאָמענט, זיין געליבטע און דעם צויבער רינג. אַרינגביערן טראָגט זיך רייטענדיג אויף אַן איינזאַמען וועג. אַ ווילדער אָגער קומט אָן אין גאַלאָפּ און פאַלט אָן מיט צאָרן אויפ'ן ים־קעניגס פערד און וואַרפט איהם אַנידער איידער דער רייטער קען אַראָפּשפּרינגען פון זאָטעל. אַ צאָרניג פערד בריקעט אומ־ברחמנות'דיג ביידען, דעם מענשען און דאָס פערד, וואָס ליגען איינס אויף ס'אַנדערע. ווען מיר ווייסען אַז די פאָלגענדע ווער־טער אָטאָ'ס באַציהען זיך אויף אַזאַ קלוג און איבערגעגעבען פערד ווי זיינס איז, וואונדערן מיר זיך ניט אַזוי שטאַרק, ווי עס וואָלט פאָרגעקומען אין אַן אַנדער פאַל. „די קאָליר פון מיין פערד מאַכט אַז עס זאָל מיר ספּעציעל טייער זיין. די דאָזיגע העלע ברוינקייט איז אין מיינע אויגען אַ מלאכיש שעהנע קאָליר. מיין מוטער, עליה השלום, האָט געהאַט העל ברוינע אויגען, און אַזוי ווי דער גאַנצער הימעל האָט פון זיי אַרויסגעקוקט, האָט די דאָזיגע קאָליר מיר תמיד אויסגעוויזען ווי אַ גרוס פון הימעל."

דערמיט ענדיגט זיך די פּסיכאָלאָגיע פונ'ם ריטערליכען ראָ־מאַן — די פּסיכאָלאָגיע פונ'ם פּריץ אָדער די פּסיכאָלאָגיע פונ'ם

דער שרייבער אויסגעשעפּט זיין גאַנצע פעהיגקייט פאַר כאַראַק־טער־צייכענונג. אין דער שילדערונג פון׳ם הויכען אייזען־גרויען אָגער, אין דעם פלינקען נאָרוועגישען פערדעלע, האָבען מיר לע־בעדיגע פּאָרטרעטען פון׳ם הויכען געריכט־באַאמטען און זיין דינער.

געננוי דאָס זעלביגע קומט פאַר מיט פוקיי׳ן. ער שילדערט הער פאַלקאַ׳ס פערד ווי א דין־האַלדזיגען, לייכט־פוסיגען, זילבער גרויען אָגער. „אויף א סיגנאַל פון׳ם רייטער קומט ער צו צו גאַבריע־לע׳ן און בייגט איין די פאָדערשטע פיס, דערנאָך שפּרינגט ער אין דער לופט און דרעהט זיך אזוי שנעל צוריק אויף זיין אָרט אז עס דוכט זיך אז ער פליהט, און די גאָלדענע גלעקלעך פון זיין געשפּאַן קלינגען אויס א זיסע מוזיק. ער שטעהט אבסאָלוט שטיל און גע־האָרכזאם, ער דרעהט בלויז זיין שעהנעם קאָפּ, וואס איז באַדעקט מיט א רייכען צודעק, און קוקט ליב און פאַרוואונדערט אויף זיין בעל הבית, אזוי ווי ער וואָלט געפרעגט: „האָב איך גוט געאַר־בייט?״ — גאַלאַנטקייט, ערען־געפיהל, לאָיאַליטעט! איז דען עפּעס מעהר פאַראַנען אין די ריטער אַליין?

„הער ארכימבאַלד׳ס פערד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט א מאָד־נעם קאָנטראַסט. באַדעקט מיט ווייסען שוים, אויפשטעלענדיג זיך, בריקענדיג, עס האָט זיך געדוכט אז עס געהט צעברעכען די זיל־בערנע קייט ביי וועלכע צוויי וועכטער האָבען עס צוגעהאַלטען מיט זייער גאַנצען כח. זיינען אויגען האָבען געברענט אזוי גליהענדיג אז מען וואָלט זיי ווירקליך געקענט פאַרגלייכען צו ברענענדיגע שטאָרקאַצען, און מיט׳ן רעכטען פאָדערשטען פוס האָט עס גע־דראַפּעט די ערד, אזוי ווי עס וואָלט גראָבען א קבר פאַר די שונאים פון זיין בעל הבית״. — געוואַגטע העלדישקייט, א הייסער פאַרלאַנג צו שלאָגען זיך, אומבאַגרענעצטער כח! איז דען מעהר ווי דאָס פאַראַנען אין די ריטער?

הער אָטאָ׳ס פאָטער גיט איהם א מתנה א פערד. „דער יונגלינג, בעת ער לויפט אראָפּ זעהט ער אַן עולם וועכטער ארום א העל־ברוין פערד מיט א גאָלדענעם צודעק. „זעץ זיך ארויף, זאָגט דער פאָטער, און פּרוביר אויס צו אזא׳ן איידעל באַשעפעניש איז וויליג צו זיין דיין אייגענטום.״ דער יונגער אָטאָ פאָן טראַוט־וואַנגען האָט דעמאָלט — קאָנטראָלירענדיג דאָס פערד מיט א שטאַר־

ב ע ר נ ע ם קיווער שטיינט אין ז י ל ב ע ר נ ע טענער דאָס געשריי: „גאַבריעלע! גאַבריעלע!" בעת אָטאָ קומט צוריק צו טעבאַלדאָ'ן אין זיין נייעם פּאַנצער־קאָסטיום, זעהט ער אויס אַזוי פיעל שענער און מענליכער, אַז דער יונגער סוחר — וואָס האַלט גראָד איצט אין מעסטען טייערע סחורות אין זיין לאַגער־הויז — שעמט זיך כמעט צו ערשיינען פאַר איהם. „דעמאָלט האָט אָטאָ פון טראַוטוואַנגען אויפגעהויבען זיין דאַשיק. טעבאַלדאָ איז צוריקגעפאַלען האַלב דערשראָקען אויסרופענדיג: „אוי גאָט, וויפיעל חשב'ער דו זעהסט אויס אפילו זינט נעכטען. און דאָ מוז איך שטעהן פאַר אייך מיט א מאָס־שטעקעלע אין מיין האַנט!" בעת מעשה האָט ער דערלאַנגט א וואָרף זיין מאָס־שטעקעלע אויף א זייל און זי צעבראָכען אויף שטיקלעך. זי איז געווען געמאַכט פון העלפאַנטביין און גאָלד, און זיינע דינער האָבען בלויז געקענט גלויבען, אַז דאָס האָט פּאַסירט דורך א צופאַל." זיי סטאַרען זיך צו טרייסטען זייער בעל הבית, אָבער ער הערט זיך צו זיי ניט צו; זיין איינציגער פאַרלאַנג איז איצט אויפצוגעבען זיין סוחר'־ישע פּראָפעסיע און קענען נאָכפאָלגען אָטאָ'ן ווי זיינס א באַלייטער. קען מען דען ניט עפּעס זעהר ענליכס צו דעם באַמערקען היינט צו טאָג אין די געגענזייטיגע געפיהלען און האַלטונגען צווישען א פּרייסישען קאַוואַלעריע אָפיציר און א פּרייסישען סוחר?

די דאָזיגע ליטעראַטור איז אין דער אמת'ן א ליטעראַטור פאַר קאַוואַלעריע אָפיצירען. די פערד זענען די איינציגע באַשעפּענישען אין בוך, וואָס זייער פּסיכאָלאָגיע איז פּוקיי'ן געלונגען צו דערגרונטעווען, און דאָס איז געשעהן צוליב דער זעלביגער אור־זאַך צוליב וועלכער ער איז געווען ערפאָלגרייך מיט אודינ'ען, ד. ה. עס איז עלעמענטאַרע פּסיכאָלאָגיע. אין די ראָמאַנען פון אונזער דענישען שרייבער, אינגעמאַנ'ען שפּילען די מילך־ווייסע פּאַראַד־פערד און די שטאָל־באַקליידטע שוואַרצע קריג־פערד אויך וויכ־טיגע ראָלען. ווען ער ווייזט אונז דעם היוכען געריכט־באַאַמטען אָנגעטאָן אין א רויטען מאַנטעל מיט הערמעלינענע ברעגעס און א ווייס־באַפעדערטען הוט, רייטענדיג אויף אַן אייזען־גרויען אָגער און זיין שוואַרץ ברוינער דינער שטעהט לעבען איהם האַלטענדיג די צוים פון א פלינק, לעבעדיג נאַרוועגיש פערדעלע, דערמיט האָט

„יענער שווינדלער איז אַ חרפּה פאַר זיין געווער, איך וועל עם באַווייזען אויף זיין קאָפּ אויב ער וועט האָבען דעם מוט מיך צו באַגעגענען". האַלב אַמוזירט און האַלב דערשראָקען, האָט די געזעלשאַפט געשטאַרט אויף צאָרנדיגען יונגען ריטער. דערווייל האָט טעבאַלדאָ מיט כעס אַוועקגעשיקט די דערשראָקענע מאַסקעס און אָנגעבייזערט זיך אויף זיי צוליב דער נידעריגקייט פון זייערע פּאַסקודנע ערפינדונגען און זיי פאַרבאָטען נאָכאַמאָל אַריבערצוטרעטען זיין שוועל. באַלד דערנאָך האָט ער, אַ רויטער פון בושה, זיך אומגעקערט צו אָטאָ'ן, און מיט פיין־געקליבענע, העפליכע ווערטער האָט ער געבעטען זיין גאַסט אַז ער זאָל איהם ניט באַשולדיגען דערפאַר וואָס דער געמיינער באַנדע איז איינגעפאַלען צו חנפה'נען דעם רייכען סוחר דורך אַ  ש ע נ ד ל י כ ע ן  פ אַ ר ג ל י י ך  צווישען זיין פאַך און דער כלי זין פּראָפעסיע". אין זעלביגען אָווענט באַגעגענט אָטאָ אין זיין קרעטשמע אַ געוויסען הער ארכימבאַלד, און עס פאַלט איהם איין דער געדאַנק זיך צו בייטען מיט זייער געווער „וואָס, מיר דוכט, מיר קענען גאַנץ פריי טון, וואָרים מיר זיינען ביידע פונ'ם אַלטען הויך־דייטשישען העלדישען וואוקס". פאַר זיין זילבערנעם פּאַנצער־מאַנטעל באַקומט אָטאָ אַ שוואַרצען. אַ פולשטענדיגע ענדערונג קומט אין איהם פאַר נאָך דער בייטעניש פון געווער, וואָס רופט אין אונז ניט אַרויס קיין התפּעלות ווען מיר דערמאָנען זיך וואָסער וויכטיגע ראָלע קליידער שפּילען אין דער גאַנצער זאַך. אין דער אמת'ן זיינען די דאָזיגע ריטער ניט קיין סך מעהר ווי אָנגעשטאָפּטע פּאַנצער־קאָסטיומען. זיי מאַכען אַן איינדרוק אַזוי ווי די רייטענדיגע פיגורען אויף די באַוואָפענטע הילצערנע פערד, וואָס מען זעהט אין לאָנדאָנער טורעם אָדער אינ'ם גרויסען דרעזדענער געווער-אַרסענאַל.

אַ באַשרייבונג פון אָטאָ'ס ערשטען צוויי־קאַמף גיט אונז אַ באַגריף וועגען דעם אומגעוויינליכען איינפלוס וואָס ווערט צוגעשריבען צו קליידונג. זיין געגנער, הער הייערדייגען טראָגט אַ פאַרזשאַווערטען פּאַנצער־קאָסטיום, און זיין  פ אַ ר ז ש אַ ו ו ע ר ט  קול שרייט אויס אונטער'ן האַלטער פון זיין  פ אַ ר ז ש אַ ו ו ע ר־ ט ע ן  קיווער: „בערטאַ! בערטאַ!" און פון אָטאָ'ס  ז י ל־

קייט וואס איז כאראקטעריסטיש פאר די פריווילעגירטע קלאסען. איינער פון זיי לאזט אומבאמערקבאר פאלען א ווארט (וועגען א דאמע אדער א שפייזען־געפעכט) וואס ווירקט אויף אן אנדערן אז ער זאל איהם ארויסרופען אויף א טויט־קאמף. ניט ווייזענדיג קיין סימן פון קליינליכען האס אדער רוגז, באוואפענען זיך די צוויי קעמפער און שפרינגען ארויף אויף זייערע שנארכענדיגע קריג־פערד. זייערע אכטונג-געבער פארמירען זיך אין א צירקעל ארום זיי, האלטען שטארקאצען אויב עס איז ביי נאכט, און זיי ווארפען זיך איינס אויף ס'אנדערע און רייסען זיך מיט דער גאנ־צער קראפט. ווען איינער פאלט צעבלוטיגט אויף דער ערד, שפרינגט דער אנדערער צו צו איהם און פארבינדט זיינע וואונ־דען מיט ברידערליכער צארטקייט און מיט פראקטיצירטער כיר־ורגישער פעהיגקייט, און זייערע כלי זין קלינגען העלדיש. עס איז א פארזוך צו רעדוצירען דאס גאנצע רייכע לעבען פון דער מענשליכער נשמה צו עטליכע קאנווענציאנעלע עלעמענטען: ערע, לאיאליטעט, איבערגעגעבענע און שטילע ליבע.

צוזאמען מיט אט די פיינע געפיהלען געפינען מיר די גרעסטע פאראכטונג פאר אלץ א חוץ פאר די פריווילעגירטע קלאסען. דער העלד, הער אטא, איז אויף א מאסקאראדע אין הויז פון זיין פריינד, דעם יונגען סוחר טעבאלדא. א גרופע מאסקעס ערשיי־נען און גיבען א פארשטעלונג. אין איינער פון די סצענעס קומט ארויף אויף דער בינע א געפאנצערטער קריגער, ער פארנייגט זיך פאר פלוטוס'ן, דעם גאט פון עשירות, און חזר'ט איבער די פאל־גענדע שורות:

> "Fur Beulen Silber, Gold fur Blut
> Herr, gieb Dein Gut, so schlag ich gut." *)

„פלוטוס האט געהאלטען ביי געבען אן אריגינעלען ענטפער, אבער אטא פאן טראוטוואנגען האט זיך אויפגעהויבען מיט כעס, ארויפגעלייגט זיין האנט אויף זיין שווערד און אויסגערופען:

*) זילבער פאר בייולען, גאלד פאר בלוט
גיב, גאט, מיר דיין ברכה, דאן שלאג איך זיך גוט.

וועלט־האַרמאָניעס ציהען די אונטערגעגאַנגענע זון אַז זי זאָל ווידער אויפגעהן". פאַראַן דאָרט געניג באַפּוצענדיגע אייגענשאַפט ווערטער. „דעם יונגלינג'ס נשמה האָט געברענט מיט אַ ה א ר־צ י ג ע ר פאַרוואונדערטקייט". „צוויי ק ר י ס ט אָ ל־ק ל אָ ר ע טראָפּענס זיינען געפאַלען פונ'ם אַלטען ריטער'ס אויגען". גרויס וויכטיגקייט ווערט צוגעגעבען דער שילדערונג פון שעהנע קליידער, געוועהר און באַפּוצונגען: „עס איז געוועזען אַ פאַרגעניגען צו קוקען אויף איהם אין זיין געוועהר פון טונקעל־סטען בלאָען שטאָל, גרויסאַרטיג געפאַסט און באַפּוצט מיט גאָלד. שעהן זיינען געוועזען זיינע טונקעל־ברוינע האָר, זיינע פאַרשניצטע וואָנסעס און דאָס פרישע יונגע מויל וואָס האָט געשמייכעלט אונ־טער זיי אַנטפּלעקענדיג צוויי רייהען פּערל ווייסע ציין". אַן איי־דעלע דאַמע, וואָס גיסט אויס איהר ביטער האַרץ, נעמט זיך צייט דורכצופלעכטען איהר געשיכטע מיט אַזאַ מין שילדערונג: „אַ צערודערטע האָב איך אַרומגעשפּאַנט אין מיין צימער, זיך לחלוטין ניט געוואָלט צוהערען צו די שפּילען צו וועלכע די אַנדערע איי־דעלע דאַמען האָבען מיך פאַרבעטען אין אָווענט, און אומגעדול־דיג האָב איך אָנגעוויזען מיין דינסט זי זאָל אַוועקגעהן בעת זי האָט מיך געבראַכט אַ ווענטקע ג ע פּ א ס ט מ י ט פּ ע ר ל־מ ו ט ע ר, מיט אַ ג אָ ל ד ע נ ע ר ליניע און אַ ז י ל ב ע ר־נ ע ם האָטשיק". עס איז מאָדנע אַז די איינוואוינער פון אַ וועלט וואו אַלע כלים זיינען, דוכט זיך, געמאַכט פון פּערלמוטער, גאָלד און זילבער, זאָלען גלויבען אַז עס איז נויטיג ספּעציעל צו דערמאָנען אַז די מתנה וואָס מען האָט איהר געגעבען איז באַ־שטאַנען פון אָט די אומפאַרגלייכליכע מאַטעריאַלען.

די געפיהלען זיינען פונ'ם זעלביגען מאַטעריאַל: פּערל־מוטער און גאָלד באַצויגען. ניטאָ קיין איין אטעם פון אומגע־צוואונגענעם, נאַטירליכען געפיהל, קיין איין האַנדלונג ווערט ניט דיקטירט פון ריינער, ניט דורכגעטראַכטער ליידענשאַפט. אַלע געפיהלען און ליידענשאַפטען זיינען פונקט אַזוי פאַרזיכטיג אויס־געלערנט ווי די ריטערליכע מלחמה־פערד. מיר ווייסען פאַראויס וואָס עס וועט געשעהן. די ריטער רעדען צווישען זיך און באַ־האַנדלען איינער דעם אַנדערען מיט דער אויסגעצייכענטער העפליב־

ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער אויך געפּלאַנט, אונטער דער השפּעה פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, די לאַנגע סעריע ראָ־מאַנען פון ריטער-לעבען, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט „דאָס כּישוף־רינגעל", ערשינען אין 1815. פאַר די ראָמאַנטישע רע־אַקציאָנערן איז „דאָס כּישוף־רינגעל" געוואָרן אַ מין תורה פון באַרג סיני. נאָבעל־לייט און פּריצים האָבן זיך דערקאַנט אין די אַלע ריטער־קליידער, און האָבן זיך דערפרייט מיט דער ערשיי־נונג. פוקיי האָט דאָ אָבער נישט ארויסגעבראַכט קיין אמת היס־טאָריש בילד. זיין ריטער עפּאָכע איז אַן אויסגעטראַכטע. אין איהר זעהען מיר, ווי סטאַטעטשנע לייט, מיט אַ רייכען יחוס, גאַ־לאָפּירען אויף זייערע פערד מכּל המינים און פון אַלע קאָלירען. אויף זיך טראָגען זיי געווער, וואָס שיינט ווי זילבער, אָדער גע־וויסע אַלטע מעטאַלען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד. אויף זייערע סעפּ —זילבערנע קיווערס, טיילמאָל מיט פעדערן און טיילמאָל אָהן פעדערן, אָדער אייזערנע קיווערס מיט גאָלדענע אדלער-פליגעל פון די זייטען, מיט די דאַשיקעס אַראָפּגעלאָזט, אָדער ארויפגעצויגען. גאַלאָפּירענדיג צעברעכען זיי איינער דעם צווייטענ'ס שפּיזען, און פונדעסטוועגען זיצען זיי אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען צוגעקאָ־ווערט צו די זאָטלען; און ווען זיי פאַלען אַראָפּ, כאַפּען זיי זיך אויף בליץ־שנעל און ציהען ארויס שווערדען מיט צוויי שאַרפען. די ריטער זיינען שטאָלץ און העלדיש, די געטרייע פּריצים זיינען זיך מקריב פאַר זייערע הארען. די שלאַנקע דעמואַזעלען טיילען אויס די פּריזען אויף די טורנאַמענטען, און ליבען זייערע ריטער אַזוי הארציג. יעדע זאַך ווערט איינגעשטעלט גענוי לויט די פאָר־שריפטען פון דעם געזעץ־בוך פון ריטערטום.

אַלץ איז קאָנווענציאָנעל. קודם כּל דער עקעלדיגער, קרענק־ליכער סטיל, וואָס דאַרף זיין ספּעציעל צוגעפּאַסט צו נלאַריפיצירען די דאָזיגע הויך־געערטע געזעלשאַפט. בלויז ביישפּילען קענען דאָס ארויסברענגען. ווען בערטאַ זיצט ביי אַ טייכעל, זעהט זי איהר אָפּשפּיגלונג אין וואַסער. „בערטאַ איז אַזוי רויט געוואָרן. אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז אַ שטערען האָט זיך אָנגעצונדיין אין וואַסער". „זיי האָבן געזונגען אַ מאָרגען־ליד אַזוי זיס און אָנגענעם, אַז עס האָט אויסגעוויזען עפּעס אַזוי ווי די לעבצענדיגע

אַזוי שטאַרק, אַז פֿון דעם האַלב־אינזעל ווערט אַ גאַנצער אינזעל. און דער ריטער בלייבט אַ געפֿאַנגענער אין דעם פישער'ס כאַטקע. פוקיי, וואָס איז געווען אַ פּאָעט אָבער ניט קיין פּסיכאָלאָג, האָט דאָ געפֿונען אַ טעמע, וואָס האָט זיך אַקוראַט צוגעפּאַסט צו זיין פאַנטאַזיע איבער דעם דאָזיגען באַשעפעניש; דאָס דאָזיגע באַשעפעניש האָט אויסגעזעהן ווי איינס פֿון די נאַטור־עלעמענטען, און איז בכן באַשטאַנען פֿון בלויז איין לעבענס־עלעמענט (מיר ווייסען, אַז שאַפענדיג זיין „קליינע נימפע" האָט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען עס געטאָן לויט'ן מוסטער פֿון „אונדינע"). אין דער נאַכט פֿון דער חתונה באַקומט אונדינע אַ נשמה, און פאַרוואַנדעלט זיך אין אַ דייטשישער אֵשת־חיל — געהאָרכזאַם, ווייכהאַרציג, און סענטימענטאַל. איהר מאַנ'ס גראָבקייט הרג'עט זי אַוועק. גאוה'דיג פאַרדעקט זי דעם שלאָס־ברונעם מיט אַ גוואַלטיג גרויסען שטיין, כדי צו פאַרשטעלען דעם איינציגען וועג דורך וועלכען איהר פעטער, קילעבאָרן, דער וואַסער־גייסט, קען אַריינדרינגען אין שלאָס און נקמה־נעמען אָן איהר. ווען דער ריטער, ניט קוקענדיג אויף דער התראה, פעלשט אין איהר און האָט ווידער חתונה, און זיין שטאָלץ ווייב באַזייטיגט דעם שטיין פֿון דעם ברונעם, ווערט אונדינע געצוואונגען פֿין דעם שטרענגען שיקזאַל אַרויסצוגעהן פֿון זיינע טיפענישען און טויטען איהם מיט אַ קוש. כאָטש די טעמע איז גאַנץ מיטעל־אַלטערליך (פאַקטיש איז זי אַנטנומען פֿון פּאַראַצעלסוס'ען וואָס זיין טעאָריע פֿון די נאַטור־רוחות שטיצט זיך אויף אַלטע פּאָפּולערע גלויבענס), און הגם אין לויף פֿון איהר באַאַרבייטונג פאַלט דער שרייבער אַ סך מאָל אַריין אין סענטימענטאַלער פּיעטעט, פונדעסטוועגען דערשפּירען מיר אומעטום אין דער דערציילונג אַ היידנישען עלעמענט, וואָס גיט איהר צו אַ גרויסען חן. אונדינע'ס אָריגינאַליטעט ליגט אין איהר היידנישער נאַטור, ווי זי ווערט געשילדערט איידער מען טויפט זי. אין דער אידעע, אַז אַ נאַטור־גייסט זאָל צונעמען די נשמה פֿון דעם גוסס מיט אַ קוש, און ניט דער סקעלעט מיט דער קאָסע, אין דער אידעע ליגט עפּעס עכט גריכיש.

אָבער אין דער זעלבער צייט, ווען פוקיי האָט אין אָט דער דערציילונג פאַרקערפּערט די אָריגינאַליטעט און פעהיגקייט, וואָס

זיין ארבייט, און די בערג און טאָלען פון זייער באדייטונג. אזוי ווי ער האָט חשק געהאַט אז די אריסטאָקראַטישע רייהען זאָלען זיך מעהר ניט פארמערען אין דער צוקונפט, האָט ער געארבייט דערפאר, אז די נעמען פון אַלע נאָבעל-לייט זאָלען פארשריבען ווערען אין א מגילה, אין א „גאָלדען בוך". ער האָט אגיטירט פאר ירושה און געבורטס־רעכט באזיץ אלס די איינציגע זיכערע באוואָרעניש, אז די געזעלשאַפט זאָל ניט פאנאנדערפאַלען פון א פראָלעטארישען שטראָם. גערעס, וואָס האָט א געוויסע צייט נאָך געדענקט די צייטען, ווען ער האָט רעדאגירט „דאָס רויטע בלאַט", איז צום סוף געוואָרן דער מחבר פון „קריסטליכער מיס־טיציזם", און אזא שרעקליכער רעאקציאָנער, אז ער האָט אטאַ־קירט די פיעטיסטישע פּאָליטיק פון פּרייסען, טענה'נדיג אז זי איז ניט פרום גענוג; לעאָ דער צוועלפטער האָט איהם דערפאר אויס־גערעדט.

די קריסטליך־גערמאנישע רעאקציע, וואָס איז געווען איינס פון די רעזולטאַטען פון דער „באפרייאונגס־מלחמה", האָט גע־פונען זעהר כאראקטעריסטישע ליטערארישע איסדרוקען אין א רייה דערציילונגען פון א נאָבעלמאַן, וואָס האָט זיך באטייליגט אין דער מלחמה אלס א קאַוואַלעריע־אָפיציר — באראָן דע לאַ מאָט פוקיי. דערהויפּט איז פוקיי באוואוסט דעם אַלגעמיי־נעם לעזענדיגען עולם דורך זיין גרויסארטיג מעשה'לע „אונדינע". אַלס מוסטער פון ראָמאַנטישער „נאַטור פּאָעזיע", פון דעם בעס־טען סאָרט, קען זיך די דאָזיגע מעשה נאָך ניט פארגלייכען מיט ט י ק ' ס „קליינע מענשעלעך". אָבער „אונדינע" איז די אמת איינציגע פיגור וואָס פוקיי האָט באשאַפען. די סבה פון זיין ערפאָלג אין דעם פאַל, איז אפשר געלעגען אין דעם פאקט, וואָס ער האָט געשילדערט א באשעפעניש, וואָס איז בלויז האַלב־מענשליך, א האַלבער עלעמענט פון דער נאַטור — א כוואַליע, א שפּרייגאָס, די קילע פרישקייט און ווילדע באוועגונג פון ים — א באשעפעניש אָהן א נשמה. ביז „אונדינע" גיט זיך איבער דעם ריטער, געפינט זי זיך אין א געוויסער פאר'כישופ'טער באַ־ציהונג צום אומרוהיגען ים. זי איז דאָס די, וואָס שליידערט דעם שפּריי־גאָס פון ים קעגען פענסטער, און גיסט איהם אויס

עטליכע פון די שטאַרקסטע פרייהייט־שונאים, מענשען וואָס האָבען זיך געשטעלט אויפ'ן צד פון דער פאַרגאַנגענהייט קעגען דער געגענוואַרט.

די פּאַטריאָטישע און רעליגיעזע פּאַרטייען האָבען זיך איצט שנעל פאַראייניגט. קעגען דער פראַנצויזישער אוממאָראַליטעט פלעגט מען אַרויסשטעלען אַן אייגענאַרטיגע דייטשישע מאָראַל. איצט האָט מען קעגען דעם פראַנצויזישען פרייען גייסט אַרויס־געשטעלט אַן אייגענאַרטיג דייטשיש קריסטענטום. דערפאַר וואָס די רעליגיע פון דייטשלאַנד'ס שונאים האָבען געדינט דעם מענש־ליכען גייסט מיט זיין קלאָרקייט און פרייהייט, האָט דייטשלאַנד'ס רעליגיע געדאַרפט זיין אַן עקלעזיאַסטיש קריסטענטום מיט זיין אומ־קלאַרקייט און טיראַנישקייט. זיי האָבען געגלויבט, אַז זיי ווע־רען וואָס אַמאָל רעליגיעזער. אין דער אמת'ן זיינען זיי וואָס אַמאָל געוואָרען וויניגער רעליגיעז. ס'איז אַן אומבאַשטרייט־באַרער פאַקט, אַ פּאַקט וואָס בלייבט פעסט אין אַלע צייטען און אין אַלע לענדער, אַז ניט־רעליגיעז קען זיך אויסדאַכטען איז יענער, וואָס איז אָנגעפילט מיט דעם גייסט און מיט דער אידעע פון זיין צייט, אַ גייסט און אַן אידעע וואָס איז נאָך ניט אַנער־קענט געוואָרן פונ'ם גרויסען עולם, און וועלכער איז אין דער אמת'ן יאָ רעליגיעז; בעת דער וואָס איז אָנגעפילט מיט דעם גייסט אָדער גלויבען פון אַ פאַרגאַנגענער אָדער אָפּגעשטאָרבע־נער פּעריאָדע, איז שטאַרק אומרעליגיעז, כאָטש ס'קען זיך אויס־דאַכטען, אַז ער איז רעליגיעז, און מען רופט איהם טאַקע אַזוי..

די אומרייפע אינטעלעקטען פון דער „באַפרייאונגס־מלחמה" זיינען אַריינגעפאַלען אין די נעצען פון ראָמאַנטיזם. ס'איז ווערט צו באַמערקען, אַז מענשען וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס פרייהייט־קעמפּער, ווי אַרנט און גערעס, האָבען גלייך אָנגעהויבען אַרויסצוזאָגען די אַנטי־ליבעראַלסטע מיינונגען. אַרנט האָט געמאַכט אַ שטאַרקע אַטאַקע אויף דעם, וואָס ער האָט אָנגערופען אינדוסטריאַליזם, ד. ה. די מאָדערנע אינדוסטריעלע צושטאַנדען אין געגענזאַץ צו דעם אַלטען גילד־סיסטעם, און האָט צום שטאַרק־סטען פאַרדאַמט די מאַשינעריע און פּאַרע, וואָס האָבען די מענש־ליכע פיס באַרויבט פון זייער רעכט (צו געהן), דעם אַרבייטער פון

אין אטאַקירען די פראַנצויזישע שפּראַך און די פראַנצויזישע מאָ־
דעס. ער איז שוין אוועק אזוי ווייט, אַז ער האָט פּרובירט איינ־
צופירען נאַציאָנאַלע דייטשישע מלבושים. אין דער זעלבער צייט
איז יאַן, דער באַוואוסטער איינפירער פון גימנאַסטיק, דער „טורנ־
פאָטער", ווי ער ווערט גערופען, געווען טיף פאַרזונקען אינ'ם
געדאַנק פאַרטיג צו מאַכען די גאַנצע דייטשישע יוגענט פאַר
מלחמה דורך פיזישע איבונגען. אין 1811 האָט ער אין האַזענ־
הייד, לעבען בערלין, אויפגעעפענט זיין שול פאַר גימנאַסטיק.
אָבער נאָך פריהער האָט ער, פאָלגענדיג ארנט'ס ביישפּיל, ארויס־
געגעבען זאַכען אין וועלכע ער האָט אין אַ קרעפטיגער פלאַמענ־
דיגער שפּראַך פּרובירט איינצופלאַנצען דעם פּאַטריאָטישען גייסט.
די אַלטע דייטשישע מיטאָלאָגיע און די העראָאישע „זאַגאַס",
הערמאַן און די טויטאָבורגערוואַלד, וואָדאַן און די דרואידען,
די הייליגע דעמבעס, דער געטליכער פּרימיטיווער דייטשישער
סריגסמאַן אין זיין בריה'שאַפט און מגושמ'דיגקייט, מיט די צע־
שויבערטע האָר פאַלענדיג איבער זיינע אַקסלען און מיט אַ דראַנג
אין זיין גיגאַנטישער פויסט, זיי אַלע זיינען אויף ס'ניי דערהויי־
בען געוואָרן צו אַ חשוב'ער מדרגה. דייטשישע מגושמ'קייט האָט,
הייסט דאָס, געדאַרפט פאַרשטאַרקען די דייטשישע מאָראַל.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען, ביז אַט די אַלע פּאַטריאָטישע
אידעען און אונטערנעמונגען זיינען איינגעשלעפּט געוואָרן אין
דער דינסט פון דער רעאַקציע. מ'האָט געבעטען ניט פאַר דער
פרייהייט וואָס מ'האָט געדאַרפט געווינען, נאָר פאַר דייטשלאַנד'ס
פאַרשוואונדענער פאַרגאַנגענהייט. מ'האָט אָנגעפאַנגען שטודירען
די דייטשישע געשיכטע מיט אַזאַ ברען און מיט אַזאַ שאַרף אויג
פאַר אַלע ספּעציפיש דייטשישע שטריכען, ווי נאָך קיינמאָל ניט
פריהער. מיט די ברידער גרים בראש האָבען זיי זיך אַ ווענד
געטאָן צו דער געשיכטע און גראַמאַטיק פון זייער אייגענער שפּראַך,
און פונקט ווי אומעטום, אַזוי האָבען זיי זיך אויך אין דעם פּרט
אויף אַ נאַרישען אופן פאַרליבט אין דער פאַרגאַנגענהייט און אין
איהר קינדישער נאַאיוויטעט. ווי וויכטיג די רעזולטאַטען פון די
דאָזיגע אונטערזוכונגען זיינען ניט געווען פאַר דער וויסענשאַפט,
איז עס אָבער זיכער, אַז אין דייטשלאַנד האָבען זיי ארויסגעבראַכט

פיכטע׳ס רעדעס. ער האָט ערקלערט, אז נאָר אזא פאָלק, וואָס איז שוין פון לאַנג אָן א פאָלק, א פאָלק וואָס האָט באַגריפען די טיפ־קייטען פון זיין אייגענער נשמה, פון זיין שפּראַך, ד. ה. זיך אליין, אז נאָר אזא פאָלק קען ווערען פריי, און באפרייען די גאַנ־צע וועלט. „און די דייטשען״ — האָט ער צוגעגעבען — „זיינען אזא פאָלק״. אין די דאָזיגע ווערטער ליגט פארבאָרגען די טעוו־טאָנישע נאַציאָנאַלע חוצפה. און דער זאָמען האָט גאַנץ שנעל גע־נומען וואַקסען. די יונגע און געזונטע ליבע פאר פרייהייט, האָט געפונען איהר אויסדרוק אין טעאָדאָר קערנער׳ס קרעפטיגער לי־ריק. דאָס האָט ער אָנגעריזרט שילער׳ס ליבע, אָבער דער זשעני פון א נייער ערא האָט אָנגעצויגען איהרע סטרונעס אויף א נייעם טאָן. דער פאטריאָטיזם פן א צווייטער גרופּע פּאָעטען האָט אָנ־גענומען די פאָרם פון אן ענטוזיאזם פאר דער דייטשישער אימ־פּעריע און פאר א דייטשישען קייזער, ד. ה. אן ענטוזיאזם פאר דעם מיטעלאַלטערליכען דייטשלאַנד. און די נצחונות פון דער פארגאַנגענהייט זיינען געוואָרן זייערע טעמעס. מאַקס פאָן שענ־קענדאָרף האָט טרויעריג און בענקענדיג געזונגען וועגען די צייטען ווען

„די הויך־אדעליגע פיגורען
האָבען לעבען רהיין שפּאַצירט״

און ווען הארצלאָזע אדעל־לייט האָבען רעגירט איבער שטאָט און דאָרף פון זייערע באפעסטיגטע שלעסער. ער האָט געשריבען אָדעס צו די אַלטע קירכעס, און האָט מיט א ציטערנדיגער מורא ארומגעוואַנדערט צווישען די סקעלעטען פון ריכטער און הייליגע, וואָס זיינען באַגראָבען געוואָרען אין די קירכען־שטיבלאַך.

איינער פון די בארימטסטע פאטריאָטישע פּאָעטען איז געוועזן ערנסט מאָריץ ארנט. פאר ארנט׳ן איז דער האַס צו אַלצדינג פראַנצויזיש געוואָרען א אידעע פיקס. זיין „גייסט פון דער צייט״, וואָס דער ערשטער טייל איז ערשינען אין 1806, האָט געהאַט א גרויסען איינפלוס אויף די מוחות פון זיינע מיט-בירגער. און בעת ער האָט געשריבען זיינע שטאַרקע און קרעפטיגע לידער אַלס לויב־געזאַנג צו דער פרייהייט, איז ער אויך געוועזן פארנומען

באַיאָנעטען. ווייל פון אָט די לעקציעס האָט ווידער אויפגעלעבט אַן אַלגעמיין און מעכטיג געפיהל. אין די לעקציעס איז פיכטע'ס פילאָזאָפיע געוואָרן אַ מין נאַציאָנאַלע פּאָעזיע. און פאַרוואָס זאָל עס זיך ניט לייגען אויפ'ן שכל, אַז פון דער פּאָעזיע איז אויסגע־וואַקסען אַ שטאַרקאַיז, וואָס האָט אָנגעצונדען אַנדערע פּאָעטישע שטאָרקאַצען, ווי קערנער'ס, שענקענדאָרפּ'ס, אַרנדט'ס און אַנ־דערע?

די מלחמה צו וועלכער מ'האָט זיך לאַנג צוגעגרייט האָט אויס־געבראָכען אין 1813, און האָט זיך געענדיגט, נאָך כל'ערליי וואַק־לענישען, מיט דער מפּלה פון דער פרעמדער מאַכט. אָבער די „באַפרייאונגס־מלחמה", ווי מ'האָט זי גערופען, אַנטהאַלט אין זיך צוויי מאָמענטען. זי איז געווען אַן אויפשטאַנד קעגען אַ ווילדער טיראַניי, אָבער אַ טיראַניי וואָס האָט אין זיך פאַרקערפּערט אַ סך אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. זי איז געווען אַ קאַמף פאַר אַ היים און מנוחה, אָבער דורכגעפירט אויפ'ן באַפעל פון די אַלטע דינאַסטיעס. די רעוואָלוציאָנערע טיראַניי איז צו־ריקגעשלאָגען געוואָרען אין די אינטערעסען פון די רעאַקציאָנערע פּרינצען. נאָכמער, אפילו אין דער פאַרביסענקייט מיט וועלכער דער קריג איז געפירט געוואָרען, געפינען מיר צוויי אין גרונט־פאַרשידענע עלעמענטען, וואָס זיינען אַזוי ענג צוזאַמענעמישט געוואָרען, אַז ס'איז פון אָנפאַנג קיינעם ניט איינגעפאַלען זיי פאַ־נאַנדערצעטיילען, וואָס האָבען אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזען זייערע אַנטקעגענגעזעצטע כאַראַקטערען. דער ערשטער עלעמענט איז באַשטאַנען פון האַס צום פראַנצויזישען פאָלק. דאָס איז אַ נאַ־ציאָנאַלער פאַראורטייל, וואָס איז, ווי ס'ווייזט אויס, אויף אַן אומצעטיילבאַרען אופן פאַרבונדען מיט פּאַטריאָטיזם, און וואָס האָט אין דעם פאַל געפירט צו ענטוזיאַזם איבער אַלץ וואָס איז, דייטש און צו אַ פאַראַכטונג פאַר אַלץ וואָס איז פראַנצויזיש. דער צווייטער עלעמענט איז באַשטאַנען פון ריינער ליבע פאַר פרייהייט —אַ פעסטער באַשלוס צו געווינען פּאָליטישע אומאָפּהענגיגקייט, צו קעמפען ניט נאָר פאַר דייטשלאַנד'ס וועגען, נאָר פאַר דער גאַנצער מענשהייט, פאַר מענשליכע רעכט און מענשליכע פּריווילעגיעס.

דאָס דאָזיגע צווייפאַכיגע געפיהל געפינען מיר אפילו אין

פון דעם פרעמדען באזיגער. אָבער דאָס איז אויף די אמת'ע אור־
זאַך, פאַרוואָס אַלע גרויסע רעפאָרמען שטאמען ארויס פון דעם
יאָר. די דערנידערונג האָט שוין געהאַט דערגרייכט אזא טיפע־
ניש, אַז אַן ענערגישער דערהייבונגס־קאַמף איז געוואָרן נויטווענ־
דיג. דער מוטיגער באַראָן פאָן שטיין האָט אָנגעהויבען ווידער
אויפצובויען די פּרייסישע פאָלקס־אינסטיטוציעס; שארנהארסט
האָט רעארגאַניזירט די אַרמיי; די ליגע פון די רעגירונגס־
אוניווערזיטעטען איז אונטערזוכט געווארען; איין רעזולטאט פון
דער לעצטער פאַסירונג איז געוועזן, וואָס פיכטע איז אראָפּגעבראכט
געוואָרן קיין בערלין אין 1807. פיכטע'ס קומען קיין בערלין איז
געוועזן מערקווירדיג אין אַ סך פרטים. דאָס האָט געזאָלט באַ־
ווייזען, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט הערשען אַ גאַנץ נייער
גייסט. ווען פיכטע האָט אין 1792 אָנגעשריבען זיין ערשט ווערק
„אַ פאַרזוך און אַ קריטיק איבער אַלע אנטפּלעקונגען", האָט ער
מורא געהאַט עס ארויסצוגעבען אונטער זיין נאָמען. און ווען ער
האָט אביסעל שפּעטער ארויסגעגעבען זיין „פאָדערונג אומצוקערען
די פרייהייט פון געדאנק", האָט ער אפילו ניט געוואַגט אָנצוגעבען
די שטאָט, וואו דאָס ביכעל איז געדרוקט געוואָרן. עס איז ארויס־
געגעבען געוואָרן אין „העליאפּאָלים" — אויף אנאָנים. ער איז
אָפּגעזאָגט געוואָרען פון זיין פּראָפעסאָר־שטעל אין יענא אויף דער
באשולדיגונג, אַז ער איז אַן אטעאיסט. אָבער אצונד, ווען טאָג
פון נויט איז אָנגעקומען, האָט מען זיך פּלוצלונג געווענדט צו
איהם, אַז ער זאָל אויפטרייסלען די יוגענט פון דייטשלאַנד. ווי
ס'איז יעדען באקאנט האָבען זיינע "רעדעס צום דייטשישען פאָלק"
אריבערגעטראָפען אַלע דערווארטונגען. איבערגעבענדיג די דייט־
טשישע פאָן אין די הענט פון דעם פאַרפאָלגטען פילאָזאָף, איז
גאָר ניט געוועזן קיין שלעכטער איינפאַל. בשעת פאַר די פענסטער
פון דעם בערלינער אוניווערזיטעט האָבען געבליאסקעט די פראנ־
צויזישע באַיאָנעטען און די פראנצויזישע פויקען האָבען פאַר־
הילכט זיינע ווערטער, איז ער געשטאנען אינעווייניג און פאָר־
געטראָגען זיינע אומפארגעסליכע רעדעס, וואָס האָבען געקלונגען
אין די אויערן פון דייטשלאַנד ווי דאָס קול פון אַ וועקער און
האָבען נעהאָלפען פאַרטרייבען פונ'ם לאַנד די דאָזיגע פויקען און

מיר ווערען ניט נשתומם דערפון, וואָס קאָצעבו'ן איז נים געלונגען צו פארשעמען טיק'ן פאר שרייבען פּאָליטישע סאטירע. ווען ס'איז איהם, קאָטצעבו'ן, אין 1802 געלונגען זיך ארייַנצו־כאַפּען אין קעניגליכען הויף, האָט ער פּרובירט נקמה צו נעמען אָן זיין געגנער דערמיט וואָס ער האָט פאַרגעלעזען פאר'ן קעניג די פּאראד־סצענע פון צערבינאָ, צוגעבענדיג בשעת מעשה בייז־האַפּטיגע אָנצוהערענישען. דער דאָזיגער גאנג אָבער האָט ניט געווירקט, מחמת דער קעניג האָט עס אינגאנצען ניט באמערקט. און טיק איז געווען מלא שמחה, ווייל ער האָט באוויזען אז ער איז אומשולדיג. די דאָזיגע פּיעסע איז אָנגעשריבען געוואָרן אין 1790 אונטער גאנץ אנדערע אומשטאנדען, און איז לחלוטין געווען באזירט אויף יוגענטליכע איינדרוקען. זיין פריינד איז אויף אזוי ווייט געווען בארעכטיגט, ווייל באליידיגענדיגע פּערזענליכע סאַ־טירע, קען ניט אריינגעבראכט ווערען אין ־ער קונסט. פונדעסט־וועגען ווירקט אויף אונז דער אנעקדאָט אויף אַ טראַגי־קאָמישען אופן. איין גאָט וויים, אז די פּאָעזיע איז געווען גאַנץ אומ־שולדיג. קיין שום קעניג אָדער רעגירונג האָט ניט געהאט קיין אורזאך באאומרוהיגט צו ווערען פון אזאַ סאַטירע. צום אומגליק איז אפילו די בעסטע סאַטירישע פּאָעזיע ניט פון דעם סאָרט, וואָס לאָזט יעדען איינעם איבער אומבאשעדיגט. אריסטאָפאנ'ס קאָמע־דיעס, מיט וועלכע טיק'ס ליבהאָבער האָבען געדענקט אז מען מעג פארגלייכען דעם לעצטענ'ס קאָמעדיעס, זענען אין אַ גרויסער מאָס געווען וויינינגער אומשולדיג און אומשעדליך; און די אמת גרויסע סאטירישע ווערק פון דער לעצטער צייט, אזעלכע ווי מאָליער'ס „טארטיף" און באָמארשיי'ס „פיגאראָ" פארמאָגען אַלע איין גע־מיינשאַפטליכע כאראקטעריסטיק: זייער האנדלונג קומט ניט פּאָר אויף דער לבנה. זיי האלטען מלחמה מיט עפּעס אנדערש אחוץ מיט נוצלאָזע פּאָעטען און מוסר השכל'דיגער פּאָעזיע.

דער ראָמאנטיזם האָט זיך אָבער לאנג ניט געהאלטען דער־ווייטערט פון לעבען און פּאָליטיק.

דאָס יאָר 1806 איז געווען אַ קריטישעס פאר פּרייסען און דייטשלאַנד.*) דאָס לאנד איז אינגאנצען געלעגען אין די הענט

*) זעה: רוגע, באַנד 2, ז. 60 און ווייטער.

שטרענג אָנגעזאָגט ניט צו רעכענען זיך מיט אַזעלכע פּאַראָור־טיילען, אבערגלויבענס, און קעלבערנע התפּעלות. גראָבע, אָבער ניט געפּעלשטע נאַטורען, אַט דאָס געפעלט מיר!"

ווי פאַרשידענאַרטיג טיק'ס סאַטירע זאָל ניט זיין, איז זי אָבער תמיד ליטעראַרישע סאַטירע. זי טרעט קיינמאָל ניט איבער די גרעניץ פון ליטעראַטור און לעבען. איפלאַנד און קאָטצעבו, דער באָמבאַסטישער קלאַסישער סטיל און די שמאָל־קעפּיגע פּיליס־טערשע קריטיק, דער טעקסט פון „די צויבער־פליים", ניקאָליי'ס רייזע־באַשרייבונגען, אַקאַדעמישער פּעדאַנטיזם און די „ליטעראַ־טור־ציימונג", זענען זיינע שטענדיגע כפרה־הינדלאַך.

אַטאַקירענדיג די אויפקלערונג און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות דערצו, דערלאַנגט ער אויך ציימענווייז אַן אומדירעקטען קלאַפּ די עקזיסטירענדיגע הערשער. צ. ב. דער קעניג אין „דער קאַטער אין שטיוועל", וואָס האַלט דעם הויף־ווּיסענשאַפטסמאַן אויף איין מדרגה מיט דעם הויף־נאַר, וואָס לעבט קשם מיליטערישען פּאַ־ראַד, וואָס האָט ליב אויסצוהערען די אויסגעפונענע ציפערן אין די אַסטראָנאָמישע חשבונות, און וואָס טוט טובות אַלס שכר פאַר אַ באַ'טעמ'ט העזעלע, אַט דער קעניג שטעלט מיט זיך זיכער ניט פאַר דאָס קעניגטום אין שענסטען ליכט. אָבער אַזוינס טרעפט זיך נאָר האַלב צופעליג. אין דער זעלבער פּיעסע ווערט דאָס געזעץ אָנגערופען מיט'ן נאָמען „פּאָפּאַנץ" (אַ שד), וואָס ווערט שפּעטער פאַרוואַנדעלט אין אַ מויז, קריכט אריין אין מויז־לאָך, און ווערט אויפגעפרעסען פון הינצע'ן, וואָס שרייט אַ ווילע שפּע־טער אויס: „לאַנג לעבען זאָל דער דרייפאַכער צושטאַנד!" אָבער דאָס איז דאָך נישט מער און נישט ווייניגער ווי אַ מוסטער פון אמת'ען ראָמאַנטישען אומזין, וואָס מיינט נאַרניט. דעם איינ־ציגען סימן פון פּאָליטישער סאַטירע געפינען מיר אין טיק'ס ער־שטען ווערק, האַנסוואורשט אַן עמיגראַנט. האַנסוואורשט איז ניט קיין אַנדערער ווי דער פּרינץ פון אַרטוא, וואָס שפּילט די ראָלע פון אַן אָרימען, נאַרישען עמיגראַנט, און וועלכער מוז רייטען אויף זיין דינער'ס פּלייצע, ווייל ער קען ניט באַצאָלען פאַר אַ פערד. אָבער דאָס דאָזיגע ווערק איז ניט פאַר־עפענטליכט געוואָרן בשעת טיק'ס לעבען.

גאָר קיין ספק ניט. זעה נאָר! ווען איך שטעל אוועק אָט דעם ראָזיגען אין אַזאַ פּאָזיציע, זעה ווי איידעל ער איז, ווי פּלאַסטיש, ווי גרויסאַרטיג אין זיין איינפאַכקייט! קיין אויבערפלעכליכקייט, קיין באַפּוצונגען, קיין ג אָ ט י ש ע ברעקלאַך, קיין סימן ניט פון דעם מאָדערנעם ראָמאַנטישען מיש־מאַש, וואָס פאָדערט אַז די זויל, לעדער, שוך־אויערלאַך, פאַלדען, די באַשוואַרצונג און די לאַקירונג זאָלען אַלע צוזאַמען ארויסברענגען פארשידענאַרטיגקייט, בליש־טשענדיגקייט און אַ פארבלענדענדיגען גלאַנץ און וואָס איז באמת ניט מעהר ווי אַן איינרעדעניש. אין די היינטיגע צייטען מוז די לעדער גלאַנצען, און די זויל מוז סקריפּען, ווען מ׳שטעלט אַ פוס; אַ פארפלוכטער שווינדעל פון גראַמען, וועגען וועלכע די גריכען האָבען גאָרניט געוואוסט.״ עטליכע פון געמע׳ס באַליבטע ווער־טער ווערען באַנוצט אין דער באַשרייבונג, וואָס זענען גיכער סאַר־קאַסטיש איידער וויציג.

טיק ברענגט צום שטאַרקסטען ארויס זיין וויציגען שאַרפזין ווען ער דאַרף זיך באַשיצען קעגען דער באַשולדיגונג, אַז ער איז שוין צופיעל סענטימענטאַל. זיין סאַטירע האָט גאַנץ פיין גע־קענט אָנגעווענדט ווערען אויף די מאָדערנע פארערער פון פראַנ־פער מערימיי. ער נעמט נקמה אָן זיינע קריטיקער דערמיט וואָס ער לייגט אריין זייערע אויסזעצונגען אין מויל פונ׳ם קאַניבאַל ליידגאַסט, וואָס קומט אַהיים, דערשמעקט מענשליך פלייש און באַשליסט אויפצופּרעסען צום מאָרגענדיגען אָנבייסען דאָס קליינ־טשיגע מענשעלע, זיינע ברידער און זיינע שוועסטער. ביז דע־מאָלט דאַרף מען זיי האַלטען אין קעמערל. „וואָס וועט אָבער זיין, ווען דיינע אייגענע קדיש׳לעך וועלען זיך אויפכאַפּען?“ — באַמערקט זיין ווייב. „נו, וואָס קען דען זיין?“ — „די פרעמדע קינדער וואָלטען דאַן ניט זיכער געווען מיט׳ן לעבען. דיינע אייגענע לעכצען אַזוי נאָך אַ מענשליך שטיקעל פלייש, אַז זיי האָבען פאַר דער לעצטער צייט ממש פּרובירט אויסזויגען מ י י ן אייגען בלוט.“ — „טאַקע? כ׳וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז זיי האָבען דערצו שכל און פארשטאַנד.“ זיין ווייב צעוויינט זיך. „הער אויף מיט אָט דעם סענטימענטאַל־זם, אידענע. איך קען ניט הערען וועגען אַ וויכהאַרציגער ערציהונג. איך האָב זיי

רנע גאַלאָפּירט פאַרביי אַ העזעלע; ער כאַפּט עס גנעשיקט, און באַהאַלט עס אין זיין טאָרבע. זיין כונה איז צו געווינען דעם קעניג'ס מיטגעפיהל פאַר זיין האַר, שענקענדיג איהם דאָס העזעלע אַלס אַ מתנה. „מיט דער דאָזיגער בריאה — רעדט ער צו זיך אַליין — בין איך אַ מין שני בשני; אָבער אַזוי איז שוין דער מנהג העולם: אַ קרוב קעגען אַ קרוב, ברידער קעגען ברודער!“ און אין דעם מאָמענט באַהערשט איהם אַ שטאַרקער חשק אַליין אויפצועסען דאָס העזעלע, אָבער ער באַהערשט זיין באַגער און רופט אויס: „פּע, הינצע, שעם זיך! איז עס דען ניט דער חוב פון דעם אמת איידעלען מענשען מקריב צו זיין זיך און זיינע פאַרלאַנגען פאַר דעם גליק פון זיינע מיט־באַשעפענישען? דאָס איז דער צוועק צוליב וועלכען מיר זיינען באַשאַפען געוואָרן, און דער וואָס קען דאָס ניט באַווייזען — אַ, ס'וואָלט אַ סך בעסער געווען פאַר איהם, ווען ער וואָלט גאָרניט געבאָרן געוואָרן!“ ער נעמט געהן אַהיים, אָבער צוליב דעם הילכיגען אַפּלאָז און הילכיגע אויסרופען פון: "דאַ קאַפּאָ!" (איבער'חזר'ן) איז ער געצוואונגען איבערצו'חזר'ן די לעצטע רעדע זיינע. ער פאַרנייגט זיך דער־נאָך, און פאַרשווינדט מיט דעם העזעלע. די פאַרזאַמלונג געפינט זיך אין זיבעטען הימעל פאַר שמחה. הינצע'ס רעדע איז אַזוי ווירקזאַם ווי איינס פון א י פ ל א נ ד ' ס טיראַדעס.

די סאַטירע אין טיק'ס „דוימלינג“ („קליינטשיג מענשעלע“) איז אויך פון אַ ליטעראַרישען כאַראַקטער. זי איז געצילט קעגען דער נעאָ־קלאַסישער טענדענץ, און ספּעציעל קעגען געטע'ן. אַזאַ טעמע, וואָס איז טיילווייז געשריבען געוואָרן אין דעם הערליכען מעטער פון דער גריכישער טראַגעדיע, האָט איהם געגעבען גענוג געלעגענהייטען צו טרייבען לצנות. אַלע פּאַסירונגען אין די מי־טעלאַלטערליכע באָבע־מעשות ווערען באַטראַכט פון דעם אַנטיקען־שטאַנדפּונקט. ווענען די זיבען־מייליגע שטיוועל, למשל, לייענען מיר אַזוי: „נעם מיין וואָרט; איך בין גאַנץ זיכער, אַז די דאָ־זיגע שטיוועל זיינען אַראָפּגעקומען צו אונז פון די אַלטע גריכישע צייטען. קיין מאָדערנער מענש קען אַזעלכע שטיוועל ניט מאַכען: אַזוי שטאַרק, אַזוי פּראָסט, אַזעלכע איידעלע שטריכען, אַזאַ גע־שמעק! ניין, ניין, דאָס איז פ י ד י א ' ס אַרבייט, אין דעם ליגט

די רעליגיע און די וויסענשאַפט ניצליך, און דערציהען די מענש־הייט דורך אויסערליכע תקנות און דינים. אזוי ווי קלאָרקייט און פּאָפּולערקייט איז פאר זיי געווען אלוויכטיג, האָבען זיי נאַ־טירליך אלצדינג איינגעצויגען און פארפלאַכט לויט איין אלגע־מיינער מאָס פון מיטעלמעסיגקייט. א געוויסע אומשולדיגע פּי־ליסטערישקייט איז געוואָרן זייער אידעאל, א אידעאל וואָס האָט אויסגעזעהן אָרים און בלוטלאָז, אין פארגלייך מיט דער אלטער התלהבות פון גלויבען. לעסינג איז געווען זייער נביא, און זיי האָבען זיך איינגערעדט, אז זיי פאראייביגען זיין טראדיציע. מיר קענען לייכט פארשטעהן, אז זיי זיינען היציג אָנגעפאלען אויף געטע'ן, וואָס עס האָט אייגענטליך געטאָן לעסינג אליין, און אז זיי האָבען פארמאָגט א שמאָלען באגריף וועגען דער וויכטיגקייט און וועגען דעם ווערט פון דער פארשטעלונגס־קראפט. פאר זיי איז אָט די קראפט בלויז געווען די דינסט פון דער ניצליכקייט, און האָט קיין ווערט ניט געהאט אחוץ ווי אַן אינסטרומענט צו באַ־דינען די מאָראל.

אין טיק'ס ווערק באגעגענען מיר אומעטום א חוזק מאכען פון דער דאָזיגער מאָראלישער ליטעראַרישער טענדענץ. נעמט, למשל, זיין „דער קאטער אין שטיוועל". הינצע, דער קאטער, איז ארוים אויף אַן אָוועגט־שפּאציר, און איז פארטיפט אין מע־לאנכאָלישע געדאנקען. ער הייבט אָן זינגען א יעגער־לידעל. פון א נאָהנטען בוים הילכט אראָפּ דאָס קול פון דער נאכטיגאל. „זי זינגט וואונדערבאר־שעהן, אָט דער משורר פון די וועלדער — זאָגט הינצע — אָבער ווי באַ'טעמ'ט מוז זיין דאָס פלייש איהרם! גליקליך, איבער גליקליך, זיינען די פני פון דער ערד; זיי קענען אויפעסען אזוי פיל נאכטיגאלען און לערכעס, ווי זייער הארץ גלוסט. אָבער מיר פּראָסטע בשר־ודמ'ס מוזען זיך צופרי־דענשטעלען מיט'ן געזאַנג, מיט דער שעהנקייט, מיט דער אומבאַ־שרייבליכער צארטער הארמאָניע. ס'איז שרעקליך! ווען איך זאָל נישט הערען זינגען, וואָלט זיך מיר וועלען איהם אויפעסען."

אַן אויפרודער קומט פאָר אין גרוב. די חשוב'ע פארזאמלונג איז אנטשטאנען געוואָרן פון דעם קאָטער'ס אומרייניגעם געדאנקען־גאַנג. הינצע פארגעסט איננאנצען די נאכטיגאל. אָבער אין דער

## קאפיטעל 16.

# די ראָמאַנטישע ליטעראַטור און פּאָליטיק.

טיק'ס „קאָטער אין שטיוועל"; סימנים פון פּאָליטישען אינ־טערעס; די פּאָליטישע געשעהעניסען פון אָנהויב פון נײַנ־צעהנטען יאָרהונדערט; מאריץ אַרנט און יאַן; פוקיי און זיינע ווערק.

אין זיין ערשטער פעריאָדע איז דער ראָמאַנטיזם לחלוטין פריי פון פּאָליטישע טענדענצען. ער פארהייליגט די עקזיסטי־רענדיגע אָרדענונג (זעה: נאוואליס), ער בייגט זיך מיט הכנעה פאר דער אויטאָריטעט פונ'ם קעניג און פון דער קירך, אָבער אין זיינע ריין ליטעראַרישע שאפונגען איז ער, אין אלגעמיין גערעדט, פּאָליטיש פארבלאָז.

נעמט טיק'ס סאטירישע קאָמעדיעס. אין זייער אויסער־ליכער פאָרם איז פאראַן עפּיס פון דעם אריסטאָפאַנישען; אָבער זייער סאטירע ווערט קיינמאָל נישט געצילט קעגען וועלכען ס'איז פּאָליטישען כאראקטער אָדער פּאָליטישער טענדענץ. זי צילט קע־גען דער אויפקלערונג; און פון טיק'ס ביאָגראַף דערוויסען מיר זיך געענוי, וואָס דער פּאָעט האָט געמיינט מיט דעם וואָרט. די פּראָמינענטסטע און חשוב'סטע מענשען פון בערלין — שרייבט קעפּקע — יענע וואָס זענען נאָך געווען די טאָנגעבער פון דער עפענטליכער מיינונג, זענען אין יענער צייט געווען תלמידים פון דעם גרויסען פרידריכ'ס שול. די הערשענדע מיינונגען פון דעם אכצעהנטען יאָרהונדערט זענען געוואָרן זייער צווייטע נאַטור. זיי זענען געווען עטליכע, געוויסענהאפטיגע מענשען, וואָס האָבען זיך אין אַלע אָפּטיילען פון אדמיניסטראציע, וויסענשאַפט און ליטע־ראטור פאר'עקשנ'ט אָפּגעגעבען מיט זייער־ע פליכטען, און אמאָל מיט אַן אויסערגעוויינליכען פלייס. צי זיי זיינען געווען רעגי־רונגס־באאמטע, טעאָלאָגען, לערער, קריטיקער, פּאָפּולערע פילאָזאָ־פען אָדער פּאָעטען, האָבען זיי תמיד געהאַט איין צוועק: מאכען

שען וואָס האָט אונטערגעצונדען א באוואוינטע הויז און איז צו־זאַמען מיט אַלעמען פארברענט געוואָרען: — ער האָט באַקומען וואָס ער האָט פאַרדינט. — נו, אויב אַ מענש איז שולדיג אין ווייס איך וויפיעל טעאָרעטישע און פּראַקטישע (ד. ה. רעליגיעזע) שלעכטסקייטען פאַרדינט ער ווייניגער פאַרברענט צו ווערען? ווען מען דערמאָנט זיך אַז די אינקוויזיציע איז אָהן ספק געוועזען בכח צו פאַרמיידען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, קען מען שוין ניט פיהלען זיכער אַז דער הערשער וואָס האָט רוהיגערהייט אָפּגע־וואָרפען אַזאַ כּלי זין, האָט ניט דערלאַנגט אַ פאַטאַלען קלאַפּ דער מענשהייט.“

אויב דאָס ראָמאַנטישע קריסטענטום איז, ווי רוגע זאָגט, דאָס קריסטענטום וואָס קען ניט צוקומען צום הומאַניטאַריאַניזם, דער־מאָלט איז זשאָזעף דע מעסטער אַן עכטער ראָמאַנטיקער.

די גאַנצע געשיכטע פון׳ם ראָמאַנטיזם שטעלט פעסט רוגע׳ס בארימטע דעפיניציע: „אַ ראָמאַנטיקער איז אַ שרייבער, וועלכער, מיט דער הילף פון אַלע אינטעלעקטועלע פּאָרצוגען פון אונזער צייט, אטאַקירט ער די פּעריאָדען פון אויפקלערונג און רעוואָלוציע, און פאַרדאַמט און באַקעמפט די פּרינציפּען פון ריינעם הומאַ־ניטאַריזם אויף די פעלדער פון וויסענשאַפט, קונסט, מאָראַל און פּאָליטיק“.

דערלייזער לעבט, איידער דו שטארבסט וועסטו איהם מסתמא דערקענען".

אין דער לעצטער סצענע עפענט זיך דער הינטערגרונט, און מיר זעהען די פייניגונג־כלים, דעם גרויסען קעסעל פול מיט קאָכע־דיגען אייל וואו בנני ליגט. זיין ווייב שטאַרט אהין אריין. דאָס פייער פלאמט נאָך אויף'ן שייטער הויפען. סאלאָמע'ס גייסט ערשיינט און לעשט עס אויס.

און עס איז געווען אַ צייט ווען מען האָט דאָס געהאלטען פאר פּאָעזיע. געטע האָט זיך ווארים אינטערעסירט מיט ווער־נער'ן, און דורך דעם זיינען עטליכע פּיעסען זיינע אויפגעפירט געוואָרען אינ'ם הויף־טעאַטער אין ווייכמאר. אין 1808 האָט ער וועגען איהם געשריבען צו יאַקאָבי'ן: „עס קוקט אויס מאָדנע פאר אַן אַלטען געצענדינער ווי איך, אַז איך קען זעהן ווי דער קרייץ שטעהט אין מיין אייגענער טעריטאָריע, און הערען ווי מען פּרעדיגט פּאָעטיש וועגען קריסטוס'עס בלוט און וואונדען, און עס איז מיר ניט ווידערווילליג. דער שטאַנדפּונקט צו וועלכען די פילאָ־זאָפיע האָט אונז דערהויבען צווינגט אויף אונז ארויף אַזאַ גראַד טאָלעראַנץ. מיר האָבען זיך אויסגעלערנט צו שעצען דאָס אידע־אַלע, אפילו ווען עס ווייזט זיך ארויס אין די משונה'דיגסטע פאָרמען."

וויי‌ניג געבילדעטע מענשען וועלען היינט צו טאָג זיין געניינט צו באַטראַכטען די זאַך אַזוי מילד און טאָלעראַנט. די אנטוויק־לונג איז אונז לחלוטין עקעלדיג, מיר האָבען דאָך געזעהן צו וואָס עס האָט געפירט. מיר האָבען געזעהן אַז אָט די „קריסטליכע פּאָעזיע" האָט געהאָלפען ארויסברענגען די ערגסטע אינטעלעק־טועלע רעאַקציע פון דער מאָדערנער צייט. מענשען האָבען זיך אַזוי לאַנג געשפּילט מיט דער אידעע פון די רייניגענדיגע פלאַמען פונ'ם שייטערהויפען אַז זיי האָבען זיי גאַנץ ערנסט גענומען פאר־געטערן. עס איז ניט מעהר ווי אַ טראָט פון ווערנער'ן צו גערעס'ן, וועלכער פאַרטיידיגט היינט די געדאַנקען פון ארויסטרייבען דיבוקים און באַשטראָפען פאַר כשוף; און דער מהלך איז ניט גרעסער צווישען גערעס'ן און זשאָזעף דע מעטער, וואָס שרייבט: "אין אַ סך גוט־רעגירטע אייראָפּעאישע לענדער זאָגט מען וועגען אַ מענ־

מארטירער; זי איז פול מיט פיזישע לײדען און רעליגיעזען עקס־טאַז. סאַלאָמע'ס זיהן דארפען עסען דאס פלייש פונ'ם קרבן וואס מען ברענגט צו יופיטער'ן אדער שטארבען דעם גרויזאמסטען טויט. די קאָמישע אידעע אז עס איז א פראגע פון לעבען און טויט צו קינדער עסען א געוויסע שפייז אדער ניט, ווערט באהאנדעלט מיט דער געוואלטיגסטער ערנסטקייט. אין א צושטאנד פון איבערנאַטירליכען התלהבות בעט סאַלאָמע איהרע קינדער, אז איינס ביי איינס זאָלען זיי זיך לאָזען שטעכען, שינדען, פארברענען. דער סענטימענטאלער הויפט פייניגער, אנטיוכוס, באוואונדערט סאַלאָמע'ן זעהר שטארק; ער פאלט פשוט אויף די קניה פאר איהר און שרייט:

''Du bist kein irdisch Weib! Solch Opfer spendet
Kein menschlich Wesen! Segne mich, Du, vom Olymp gesendet.''*)

און סאַלאָמע, וואס איז פונקט אזוי סענטימענטאל ווי ער, בענשט איהם. איהר זוהן, בנני, בענשט אויך דעם מערדער, און באלד נאָך דעם שניידט מען איהם אָפּ די הענד און פיס און מען קאָכט איהם אין אויל. בעת מעשה הערען זיך צוויי הויכע קלעפּ פון א האַק — מען האָט אָפּגעהאקט אבי'ו'ס פיס. דערנאָך פייניגט מען יהודה'ן און אזוי געהט עס ווייטער. אנטיוכוס, דער בארבארישער קעניג, אדער ווערנער, דער ניט ווייניגער בארבארישער פּאָעט זעהט אז מען זאָל קינדער ממית'ן אויפ'ן ראָד, צעברעכען געלענק נאָך געלענק און אפרייסען זייערע גלידער. די מוטער, זייענדיג געצוואונגען דאס אלס בייצואוואוינען, פיהלט בלויז א התלהבות'דיג גליק אין דער מארטירערשאפט; און ווען אנטיוכוס אין זיין סענטימענטאלער משוגעת, בייגט זיך פאר איהר א צווייט מאָל „טיף גערירט", שרייענדיג: „ווילחטו גרויסע ניאָבע זיך שיידען מיט מיר אין כעס?" לייגט זי אריין איהר רעכטע האנט אויף זיין קאָפּ און זאגט „מיט טיפען ערנסט", „איך ווייס אז מיין

*) ביזט ניט קיין ערדישע פרוי, אזעלכע קרבנות גיט ניט קיין מענשליך באשעפעניש. בענש מיך, דו, געשיקטע פון אָלימפּ.

מאַן אין שווינדעל און ער איז זיך מודה. אַטילאַ, וועלכער איז אַן אויפגערעגטער, סענטימענטאַלער ענטוזיאַסט, נעמט איהם אַרום, פאַרגיסט הייסע טרערען, און דערנאָך באַפעלט ער מען זאָל איהם צערייסען אין צווייען מיט פערד. די ראָמאַנטישע גע־וואוינהייט איז גרויזאַמע סענטימענטאַליטעט און פאַנאַטישע ברו־טאַליטעט. צוזאַמען מיט אַטילאַ'ן האָבען מיר דעם פּאַבסט לעאָ'ן, נאָך אַ העלד, וואָס, זעהט אויס, איז אַרויס פון די בלעטער פון גערעסעס „מיסטיציזם" — דאָס איצטיגע מאָל מסתמא פונ'ם קאַפּיטאַל וואו עס רעדט זיך וועגען דער הויך צו וועלכער עס הייבט זיך טיילמאָל אויף דער ענטוזיאַסט אין זיין רעליגיעזער התלהבות; וואָרים בעת לעאָ טוט תפלה „הייבט ער זיך אויף אַלץ העכער און העכער, ביז ער שטעהט בלויז אויף די שפּיץ פינ־גער". ער סימפּאַטיזירט מיט אַטילאַ'ן און האָט אַ מין מאַג־נעטישען איינפלוס אויף איהם.

אין „מאַרטין לוטער אָדער די ווייהע דער קראַפט" האַנדעלט זיך וועגען רעליגיעזער פאַרהייליגונג. די פּיעסע הייבט זיך אָן באַ־דייטונגפול מיט אַ סצענע פונ'ם נאָוואַליס מ'יפ, מינען־אַרבייטער לאָזען זיך אַראָפּ און קומען אַרויס פון שאַכטען. די פאַרשטעלונג פון לוטער'ן דערמאָנט אָן אַ קאַטוילישען הייליגען ווי אָן אַ פּראָ־טעסטאַנישען רעפאָרמאַטאָר. ער מאַכט אויך פון קאַטערינאַ פאָן באָראַ אַ הייליגע פיגור . היטענדיגע מלאכים באַלייטען לוטער'ן און זי דורך דער גאַנצער פּיעסע, לוטער'ן באַלייט דאָס אינגעל טעאָבאַלד, וועלכער איז אין דער אמת'ן די קונסט אין דער פאָרם פון אַ ברענענדיגען מלאך, און קאַטאַרינאַ'ן באַלייט אַ מיידעל מיט'ן נאָמען טערעזאַ, וואָס שטעלט פאָר אמונה. עטליכע יאָר נאָך דעם ווי ווערנער האָט אַזוי־אָ געזונגען לויב־לידער צו דער רעפאָרמאַציע, האָט ער זיך געשמד'ט, און באַלד געשריבען אַ ליד „די ווייהע דער אורקראַפט" פול מיט אַזעלכע געפיהלען בנוגע זיין דראַמע, ווי למשל: „מיט אָט דער אַפנאַרערישער פּירים שפּיל האָב איך צו־נישט געמאַכט דעם אמת".

די טעמע פון זיין לעצטער טראַגעדיע "די מוטער דער מאַ־קאַבייער" האָט געגעבען גרויסאַרטיגע געלעגענהייטען אריינצוברענ־גען אַלע ענויים, וואָס ווערען געשילדערט אין די לעגענדעס פון די

אָבער דער אומשולדיגער מאָליי שטאַרבט. דאָ האָבען מיר די זעלבינע שפּיל מיט דער קריסטליכער מיסטעריע ווי אין קלייסט'ס דראַמע. מאָליי איז באַוואונדערט, אפילו פון זיינע אייגענע הענקער, ווי אַ צווייטער קריסטוס. נאָך זיין טויט געשעהט אַ נס. זון־ליכט באַגילדעט די סצענע. איבער דעם איינגאַנג צום טאָל־הייל, אונטער'ן העל־אילומינירטען נאָמען „יעזוס", ערשיינען די נעמען „יאָהאַן", „י. ב. מאָליי„ און „אַנדריי", אויך אין העלער דורכזיכטינקייט. אַלע קרייצטרעגער פאַלען אויף די קניה. „אַ לאַנגע, ערנסטע הפסקה, און אין דער צייט קומען ארויס פון אינ־ווייניג פון דער הייל פאַרטויבטע קלאַנגען זינגענדיג „הייליג, הייליג, הייליג", געזונגען פון די עלטסטע פונ'ם אָרדען פון טאָל מיט דער געוויינטליכער מעלאָדיע מיט'ן אַקאָמפּאַנימענט פון האַרפּעס און גלאָקען.

מאַרטירערשאַפט איז ווערנער'ס ספּעציאַליטעט. ער פיהלט זיך היימיש אין אַזעלכע טעמעס ווי שלאָגען צום טויט מיט שטע־קענס, קאָכען אין אייל און די ענויים פון דער אינקוויזיציע־באַנק. ער לעבט אויף אין מאַטערנישען, פּונקט ווי גערעס, וואָס אונז דוכט זיך אז מיר פיהלען זיין צופרידענהייט בעת מיר לייענען פון די אַלע מיסטעריעס פון מאַרטירערשאַפט אין דער ערשטער טייל פון זיין „קריסטליכער מיסטיציזם". „די קרבנות ליגען אויסגעצויגען אויף דער אינקוויזיציע־באַנק אָדער אויפ'ן ראָד, אַלע זייערע גלידער זיינען ארויסגעדרייט פון געלענק מיט דער הילף פון שרויפען... און די ליקטאָרען ברענען זייערע זייטען מיט שטאָרקאַצען, אָדער רייסען זיי מיט אייזערנע צוואַנגען. טיילמאָל וויקעלט מען ארום קייטען ארום זייערע קערפּער ביז זייערע ריפּען ווערען צעבראָכען; מען שטעכט דורך זייערע ברוסט־קאַסטענס און אויגען מיט שפּיציגע ריטער; דער פּיי־ניגער צעברעכט זייערע קינבאַקען מיט זיין פויסט; און, כאָטש די קרבנות אָטעמען שוין באַלד ניט, קלאַפּט מען אריין טשוועקעס אין זייערע פּים און מען לייגט ארויף גליהענדיגע אייזענס אויף די צאַרטסטע טיילען פון קערפּער און מען לאָזט זיי דאָרטען אז זיי זאָלען זיך אריינברענען", א. א. וו. א. וו.

אין ווערנער'ס דראַמע „אַטילאַ" באַשולדיגט מען אַ יונגענ־

נאָלד, טייל פון זילבער, טייל הימעל־בלאָ, טייל בלוט־רויט, און די סצענע פאָדערט אויך ווייערויך, הארפעס, גלאָקען, קרוינען, און קרוינען פון דערנער, פאָנען אין א „גרויסע סטאטוע פון איסים".

דער אָרדען פון די טעמפּלער איז דעגענערירט געוואָרען. דער פאָטער־אָרדען באשליסט איהם אין גאַנצען אָפּצושאפען, און פאר־אורטיילט זיין הויפּט־פירער, דעם איידעלען, העלדישען מאָליי, פארברענט צו ווערען, כאָטש עס איז לחלוטין ניט זיין שולד וואָס זיין אָרדען איז דעגענערירט געוואָרען, פארקערט ער האָט שטארק געארבייט עס ניט צו דערלאָזען. דער הויפּט בישאָף, וואָס משפט איהם, איז איבערצייגט אין דער אומגערעכטיגקייט פון דער באַ־שולדיגונג וואָס מען ברענגט אנטקעגען איהם, און ער ליבט און באוואונדערט איהם, נאָר ער איז געצוואונגען אויסצופאָלגען פאר־אָרדנונגען. מאָליי נעמט אויף דעם טויט מיט אזא טיפער רו־היגקייט ווי פאלודאַן־מילער קאלאנוס; פארקערט, ער בענקט נאָך „פלאמען וואָס רייניגען". די צוקוקער סימפּאטיזירען מיט איהם און שרייען צו איהם ער זאָל אנטלויפען, אָבער ווי קאלאנוס שטעלט ער זיך אנטקעגען אלע בקשות. יעדער איינער האָט פאר איהם דאָס געפיהל פונ'ם הויפּטביישאָף. ער ווערט ארומגערינגעלט פון א מענגע סענטימענטאלע הענקער וואָס גיבען איהם איבער די פלאמען מיט אויסדרוקען פון דער גרעסטער באוואונדערונג און אכטונג. זיי זיינען גרויזאמע, סענטימענטאלע פאנאטיקער, ווי ווערנער אליין. יעדער מענש פון דער פיעסע איז באפארבט מיט עקעלדיגער סענטימענטאליטעט. מאָליי'ס אן אלטער באַ־וואפּענטער חבר זאָגט, ווען מען לאָזט איהם ניט ראטעווען זיין פריינד:

> Du boser Jakob Du! Pfui! Sterben will er,
> Verlassen seinen Waffenbruder!—Jakob!
> Du musst nicht sterben! horst du?'' *)

---

*) דו שלעכטער יאַקאָב, דו! פע, שטארבען וויל ער
פארלאָזען גאָר זיין וואפען־חבר! יאַקאָב!
דו הערסט, דו דארפסט ניט שטארבען.

טעריעס, און מיר באַמערקען יעדע איינצעלהייט פונ'ם אריינטריט פון די נייע אָנהענגער אין די דאָזיגע מיסטעריעס, אין די טונקעלע קאַסטענס מיט'ן גאַנצען קלאַפּער געצייג פון געוואַלטיגע סקעלעטען, פאַרבאָרגענע ביכער, פאַרהאַנגען, שווערדען, פאַלמען, א. א. וו. א. וו. דער זין פון דעם אַלעם איז: „פון בלוט און פינסטערניש קומט די גאולה". אָבער דער אָרדען פון די טעמפּלער איז בלויז אַ צווייג, דער גרויסער פּאָטער־אָרדען „דער טאָל" באַזיצט, ווי מיר געפינען אויס אין דער צווייטער טייל פון בוך, אַלע העכערע מיסטעריעס און דעם העכערן כח. אָבער אויך זיין איינציגסטע מיסטעריע איז בלויז אַ ריין נעגאַטיווע אידעע פון פאַרדאַמען און זיך מקריב זיין, געהיימע קולות זאָגען אָן „אין אַ הוילען, זינגענדיגען טאָן":

''Alles ist zum Seyn erkoren,
Alles wird durch Tod geboren,
Und kein Saatkorn geht verloren.
''Wer durch Blut und Nacht geschwommen,
Ist den Aengsten bald entnommen,
Blutgier, sei uns Willkommen!'' *)

מיר קענען זיך פאָרשטעלען אויף ווי ווייט די מיסטעריעס ווערען אויסגענוצט אין אויסאַרבייטען די בינע דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פונ'ם פּאַקט וואָס אין דער צוועלפטער סצענע פון פינפטען אַקט, וואָס האָט פיר און זעכציג שורות, זיינען דאָ בלויז זעקס שורות דיאַלאָג, די איבעריגע גיבען זיך אָפּ מיט אָנווייזונגען בנוגע „אַ גרויס קבר־בערגעל, באַדעקט מיט רויזען, מיט דורכזיכטיגע בילדער פון אַ מלאך, אַ לייב, אַן אָקס און אַן אָדלער צעטיילט אין די פיר ווינקלען". די קאָסטיומען וואָס די בכבוד'ע לייט פונ'ם „טאָל" דאַרפען טראָגען, דאַרפען זיין געוועבט פון

*) אַלץ איז אויסדערוועהלט צו לעבען
אַלץ ווערט דורך דעם טויט געבוירען,
עס געהט קיין קערנדעל נישט פאַרלוירען
ווער ס'איז דורך בלוט און נאַכט געשוואומען,
דער האָט די שרעק שוין בייגעקומען.
בלוט־באַגעהר, זיי אונז ווילקאָמען.

מיט פארדאמונגען אויף אפיקורסים און לויב־לידער צום היילינגען רוזען־קראַנץ. *)

ווערנער איז געשטאָרבען אין ווין אין 1823. ער איז דער הויפט־פארשטעהער פון מיסטיציזם אין דער ליטעראטור. זיין לעבען איז דער שליסעל צו זיינע ווערק — ווערק וואָס האָבען געלאָזען א טיפען איינדרוק אויף זיינע צייט־חברים, וואָס אינטע־רעסירען אונז אָבער הויפטזאכליך פון א פאטאָלאָגישען שטאַנד־פונקט. ער האָט בלי ספק פארמאָגט היבשע פּאָעטישע פעהיג־קייטען, זיין פערז איז מעלאָדיש און גלעט דאָס אויער, פונקט ווי די קירכען מוזיק פון דרום לענדער. זיינע העלדען זיינען געוויינט־ליך גוט געצייכענט (נעמט, למשל, פראַנץ פאָן בריענע אין ערשטען און צווייטען אקט פון „די טעמפלער אויף ציפערן", און די האנד־לונג אינטערעסירט אונז און האלט אונז געשפּאנט; אָבער דער תוך און תמצית פון דער גאנצער זאך, דער דרייפאכער תוך פון ליידענשאפט, רעליגיע און גרויזאמקייט, איז מיאוס און אומגע־זונט.

דאָס ערשטע וויכטיגע ווערק זיינס „די זיהן פונ'ם טאָל"— וואָס איז אין צוויי טיילען, און יעדע טייל אין זעקס אקטען— באשעפטיגט זיך מיט'ן אָרדען פון די טעמפלער. דערצו האָבען איהם זיכער אנגערעגט די אידעען איבער פריימויערריי, אידעען וועלכע האָבען געמאכט אַן איינדרוק אויף שובערט'ן, האָבען גע־שפּילט א ראָלען אין „ווילהעלם מייסטער" און האָבען היבשליך באאיינפלוסט זיין אייגענע פריוואט לעבען.

אין דעם דאָזיגען ווערק נעמט אָן דאָס ארומרינגלען איין אידעע מיט אַן אנדערער — פון סאמע אָנהייב א ליבלינג מיטעל ביי די ראָמאנטיקער — אזא פאָרם אז אַלץ דרייט זיך ארום א צענטראלער מיסטעריע, די מיסטעריע פון דער געהיימער געזעל־שאפט; מיר דרינגען אַלץ טיפער אַן טיפער אריין אין דער זאך, אָבער בעת מיר טוען דאָס דוכט זיך אז זי רוקט זיך אָפּ פון אונז. דער אָרדען פון די טעמפלער האָט זיינע אייגענע באזונדערע מיס־

*) Hitzig: *Levens-Abriss Zacharias Werners*, 1823.
Schutz: *Zacharias Werner, Biographie und Charakteristik*, 1841.

לאַסענקייט און רעליגיעזער התלהבות, צווישען אריינגעטונקייט אין גראָבע תאוות און פארקער מיט דער געטליכקייט. די פראַג־מענטען פון זיין טאָג־בוך, וואָס שיף האָט ארויסגעגעבען אָני צוויי בענדער, ווייזען ארויס א גראָבע אויסגעלאַסענקייט, א פארשאַרט־קייט אין געדאַנק און א שאַנדלאַזיגקייט אין אויסדרוק, וועלכע ווערען נאָך פיעל מעהר עקעלדיג צוליב די אויסברוכען פון צרה'דיי־גער חרטה און זעלבסט־באַשולדיגונג, וואָס רייסען איבער די דע־טאַלע שילדערונגען פון עראָטישע איבערלעבונגען.

אין א צואה־בריעף צו זיינע פריינד (דאטירט סעפּטעמבער, 1812) דערמאָנט ער צוויי מאָטיווען וואָס האַלטען איהם אָפּ פון אַן עפענטליכער ודוי. „דער ערשטער איז, אַז צו עפענען א מגפּה־פלאַץ איז געפערליך פאר די צוקוקער וואָס זיינען ניט אָנגעשטעקט; דער צווייטער איז, וואָס אין מיינע שריפטען (פאר וועלכע גאָט זאָל מיר מוחל זיין) געפינען זיך, דאָ און דאָרטען, אין א מדבר פון סמ'יגע שוואָמען און ווילדע גראָזען, היילענדיגע קרייטעכצער פון וועלכע דער אָרימער קראַנקער, וואָס פאר איהם וואָלטען זיי אפשר געווען ניצליך, וואָלט זיך זיכער צוריקגעצויגען מיט שרעק, ווען ער וואָלט געוואוסט אויף וואָסער פארפעסטעט פלאַץ זיי זיי־נען געוואקסען".

ווען ווערנער האָט שטודירט טעאָלאָגיע (זעהר כאַראַקטע־ריסטיש נ אָ ך זיין שמד) און זיך באַקאַנט מיט'ן קאַטוילישען ריטואַל, איז ער געוואָרען א גלח. אין 1814 האָט ער אין ווין, אין דער צייט פונ'ם קאָנגרעס, געמאַכט זיין ערשטען אויפטריט אַלס פּרעדיגער. ער האָט געהאַט גרויס ערפאָלג. ער האָט גע־מאַכט אַן איינדרוק מיט זיין הויכער, דאַרער, אַסקעטישער פיגור און זיין לאַנגען, מאָגערן פּנים, מיט זיין אָנגעזעהענער נאָז און די טונקעל ברוינע אויגען, וואָס האָבען געבלישטשעט אונטער גע־דיכטע ברעמען. ער האָט געפּרעדיגט פאר אַן אומגעהייערן עולם. דעם מאָנאַכ'ס דרשה אין „וואַלענשטיינ'ס לאַגער" ניט א שוואַכע אידעע פון זיינע דרשות. זיי זיינען געווען פול מיט געפליגעלטע פראַזען און עקעלדיגען נבול פּה, האָבען פאַראייניגט גייסט און חכמה מיט אַסקעטישען אומזין און נודנע פלאַפּעריי, איבערפילט

האט, און ער האָט גע׳ירש׳ענט אַן עשירות נאָך זיין מוטערס טויט. ער האָט באַרייזט דייטשלאַנד און עסטרייך, דאָס „געבענשטע לאַנד“, ווי ער רופט עס, זיך באַקאַנט מיט מאַדאַם דע סטאַל און זי באַזוכט אין קאָפּעט. אין וויימאַר איז איהם געלונגען צו באַקומען אַ פּענסיע פון׳ם פירשט-פּרימאַס דאַלבערג. פּראָפעסאָר פּאַסאָוו, וואס האָט זיך מיט איהם באַקאַנט אין וויימאַר, שרייבט צו פאָס׳ן: „איך האָב זעהר פיינד ווערנער׳ן, ווייל איך האָב נאָך קיינמאָל איהם ניט געזעהן צוויי מאָל דעם זעלביגען. דאס איז דער פּועל יוצא פון זיין אומפּאַרטרעגליכער ליידענשאַפט אַלעמען צו געפעלען. צו ער איז אַן אויסגעלאַסענע בריאה אדער אַ פרומער ירא שמים פון סאמע מאָדערנעם און גייסטיגסטען סאָרט וועגדט זיך אין גאַנצען אָן זיין געזעלשאַפט“. אַ גלח מיט׳ן נאָמען כריסטיאַן מייר האָט געקריגען אַ גרויסען איינפלוס אויף איהם. מייר איז געוועזען פאַנאַטיש און עקסצענטריש. כדי צו פאַרווירקליכען איינע פון די זעהונגען פון׳ם „בוך פון אַנטפּלעקונגען“*) און צו דערגרייכען הימלישע חכמה, האָט ער אויפגעגעסען דעם גרעסטען טייל פון דער ביבעל, און איז דערפון געפערליך קראַנק געוואָרען; ער האָט געשאָסען מיט אַ פּיסטאָלעט אויף יעדען פון זיין קירך, וואָס איז אַנשלאָפען געוואָרען בעת ער האָט געפּרעדיגט; און ער האָט געגלויבט אַז בעת׳ן פייערן דעם סאַקראַמענט וואָלט ער געקענט אַרויסברענגען אמת׳ע בלוט און פלייש. אָט דער מענש האָט געוואָלט אַז ווערנער זאָל זיך אָנשליסען אָן אַ גרויסער געהיימער געזעלשאַפט „די קרויצעסברידער אים אָריענט“. לכתחילה איז ווערנער געוועזען שטאַרק ענטוזיאַסטיש פאַר דער זאַך, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צווייפלען, און די דאָזיגע ספקות האָבען טיילוויז געפירט צו דעם, אַז ער זאָל אַריבער צום קאַטאָליציזם.

אין נאָוועמבער, 1809, נאָך דעם ווי ער האָט באַזוכט קאָפּעט, איז ער אַוועק קיין רוים וואו ער האָט פאַרבראַכט עטליכע יאָר. זיין אַריבערגאַנג צום קאַטאָליציזם איז פאָרגעקומען אין 1810. אין זיינע וואַנדערער-יאָרען האָט ער געפירט אַ משונה׳דיג לעבען, ער האָט צעטיילט יעדען טאָג צווישען נידעריגער אויסגע־

*) דאָס לעצטע בוך פון נייעם טעסטאַמענט. — איבערז.

שלעכטער מענש, שרייבט ער צו היציג׳ן, נאָר איך בין אין פיעל הינזיכטען א שוואכלינג, כאָטש אין אנדערע גיט מיר גאָט כחות. איך בין שרעקענדיג, קאפריזנע, קארג, אומריין.. איהר ווייסט עס אליין". ניט קיין שמייכעלדיגער פּאָרטרעט.

שלייערמאכער׳ס "פּארטראג איבער רעליגיע", און דערנאָך די שריפטען פון יאקאָב ביימע, האָבען געלאזען אויף איהם ניט קיין קליינעם איינדרוק. קונסט און רעליגיע זיינען פאר איהם איצט געוואָרען איין זאַך. „פּארוואס — שרייבט ער צו היציג׳ן — האָבען מיר ניט איין נאָמען פאר דיביידע סינאָנימען?" פאר איהם באצייכענען זיי וואס ער האָט איין מאָל גערופען „דאס קלאָרע געפיהל פון דער נאָהענטקייט פון דער גרויסער נאַטור", און אנדערש מאָל — „דער פשוט׳ער, באשיידענער אויסגוס פון דער ריינער נשמה אינ׳ם ריינעם שטראם (פון דער נאַטור)". זיינע ליטעארישע מיינונגען, דערקלערט ער, זיינען „פונקט ווי טיק׳ס". אין ווארשע שרייבט ער נאָך קאַלטליך איבער דער קאטוילישער קירך; ער פארטיידיגט זי ניט ווי „א פארטיגע אמונה, נאָר ווי א נייאויפגעעפענטען מיטאלאָגישען קוואל".

איין מאָל, דעם 24טען פעברואר 1904, האָט דער טויט אוועקגערויבט זיין מוטער און זיין אינטימסטען פריינד, מניאָך, א פּאָלאַק — פון דאַנען נעמט זיך דער נאָמען פין זיין פאטאליסטישער טראגעדיע „דער פיר און צוואנציגסטער פעברואר". געשריבען אין צעהן יאָר ארום.

נאָך דעם ווי ער האָט געבעטען זיינע פריינד און אונטערשטיצער צו קריגען פאר איהם א שטעלע מיט אזוי וועניג ארבייט און אזוי פיעל געהאלט ווי מעגליך, האָט ער ענדליך באקומען א לייכטע און פראָפיטאבעלע שטעלע אין בערלין דורכ׳ן איינפלוס פון א מיניסטער וואס איז געוועזען פאראינטערעסירט סיי אין רעליגיע סיי אין פריימויערער". אויף א ווילע האָט ער זיך איבערגעגעבען אלע אמוזירונגען און צעלאָזענקייטען פון דער הויפט־שטאָט; אבער נאָך דעם ווי נאפּאָלעאָן האָט באזיגט די פרייסען, האָט ער גענומען פירען א וואנדערער־לעבען. ער איז געוועזען אליין און פריי, ווייל פון אלע זיינע הייראטען האָט ער קיין קינדער ניט גע־

אלס סטודענט האָט צאַכאַריאַס — וועלכע האָט פּאַרמאָגט הייסען, ליידענשאַפטליכען טעמפּעראַמענט — געפּירט זעהר אַן אויסגעלאַסען לעבען. צו צוואַנציג יאָר האָט ער פּאַרעפענטליכט א באַנד לירישע לידער, וואָס זענען לחלוטין ניט אַנגעהויכט מיט מיסטיציזם, פּונקט ווי די ערשטע שריפטען פון פרידריך שלעגעל און די אַנדערע ראָמאַנטיקער. זיי פאַלען אָן, אין סטיל פון אכט־צעהנטען יאָרהונדערט, אויף „וצדקתך׳דיגקייט, פרומער נאַריש־קייט, היפּאָקריטישקייט און יעזואיטיזם״. פונדעסטוועגען, ווען ער איז נאָך געווען פאַרהעלטניסמעסיג יונג, האָט ער אליין אַנגע־נומען א וצדקתכ׳דיגען סטיל. כאָטש ער האָט אַנגעהאַלטען זיין צעלאָזענקייט, קען מען איהם ניט אַנרופען היפּאָקריט, ווייל ער האָט כסדר געזינדיגט און עס באַדויערט. דער איינגעאַרטיגער שטריך פון זיין כאַראַקטער איז געווען וואַקעלדיגקייט, ווי ער איז עס אליין מודה אין זיין ליד „דעם וואַקעלדיגענס הימן״, און נאָך פיעל פריהער, אינ׳ם פּראָלאָג צו „זיהן פונ׳ם טאָל״, רופט ער זיך אַן אומשטאַנדהאַפטיגע בריאה „וואָס תמיד גאַר זי גרייזט, קלאָגט, וואָרענט״.

רעליגיעזע מאָטיוון האָבען ווערנער׳ן איינגערעדט זיך אַנ־צושליסען אָן די פריימויערער. ער האָט געגלויבט אַז אָט דער אָרדען וועט געפינען די מיטלען צו פאַרשפּרייטען אין דער וועלט א נייעם און אויפריכטיגען גייסט פון פּיעטעט. צוליב פינאַנציע־לע מאָטיוון איז ער געוואָרען א רעגירונג סעקרעטער; און אין 1795, ניט לאַנג נאָך דעם ווי ער האָט זיך געווענדט צו די פּאָלאַ־קען מיט דריי ענטוזיאַסטישע לידער (א מלחמה־ליד, א רוף צו כלי זין און א קלאָג ליד), האָט ער זיך באַזעצט אין דער באַזינטער שטאָט וואַרשע אלס פּרייסישער רעגירונג באַאַמטער; דאָרט האָט ער פאַרבראַכט צעהן אַנגענעמע יאָרען. אין משך פון די צעהן יאָר האָט ער חתונה געהאַט דריי מאָל. די ערשטע צוויי הייראַטען זענען געווען אַזוי ניט צוגעפּאַסט, אַז אין ביידע פאַלען איז דער גט געקומען גלייך נאָך דער חתונה. די דריטע הייראַט, מיט א צוואַנציגיעריגע שעהנער פּוילישער דאַמע, האָט אָנגעהאַלטען עטליכע יאָר. מיט איהר האָט ער זיך גע׳גט אין 1805. אין דעם פאַל האָט ווערנער גענומען די גאַנצע שולד אויף זיך. „איך בין ניט קיין

איז תמיד געווען פאַרצווייפעלט, תמיד געשוועבט צווישען די העכסטע שטרעבונגען און נייגונגען צו זעלבסטמאָרד. דאס דערקלערט פון וואנען עס נעמט זיך וואס מיר זעהען אז ער, דער גרעסטער פון די ראָמאַנטיקער, איז פעהיג כמעט אויף אלע טעות'ן מיט וועלכע זיינע צייט־חברים צייכענען זיך אויס. זיין אייגענער, ווירקליך פיינער, איידעלער כאראקטער איז זעהר א סך קאַליע געווארען, פונקט ווי דאָס רוב העלדען פון זיינע ווערק, א דאנק מיאוס'ע, אומגליקליכע אייגענטימליכקייטען, וואס שוואכען אפּ דעם ווילען און צעשטערען די בייגזאמקייט פון גייסט. דאָך האָט זיך היינריך פאָן קלייסט פארזיכערט מיט א פּלאַץ אין דער ליטעראטור, פונקט ווי אלע האָבען דאָרט באקומען א פּלאַץ, צוליב דער קרעפטיגקייט און ליידענשאפטליכקייט מיט וועלכער ער האָט געלעבט און געשריבען*).

אין די אנדערע בארימטע דראמאטורגען פון דער ראמאנטישער שול איז פאראַן א סך ווייניגער וואס פאַנאַנדערצונעמען. ער איז באלד פון אָנהייב געווען דער עכטער ראָמאַנטיקער.

צאכאריאס ווערנער איז געבוירען געווארען אין קעניגסבערג אין 1768. ער איז געווען א זוהן פון א פּראָפעסאר פון'ם אוניווערזיטעט, וועלכער איז אויך געווען דער דראמאטישער צענזאר. אזוי ארום האָט צאכאריאס, אפילו אלס קינד, געהאט די געלעגענהייט צו זעהן פיעסעס כמעט יעדען טאָג, און שוין אין זיין פריהסטער יוגענד האָט ער געהאט די מעגליכקייט זיך צו באקענען מיט דער גאנצער טעכניק פון דער בינע. זיין מוטער, ווי האָפמאַן זאָגט, "איז געווען רייך באַשאָנקען סיי אין אינטעלעקט, סיי אין פאנטאזיע". איהר נשמה איז געווען גענייגט צום ערנסטען הויךפאנטאסטישען מיסטיציזם, און זי האָט אויסגעאיבט ניט קיין קליינעם איינפלוס אויף איהר זוהנ'ס היציגער פאַנאַזיע. אבער שפּעטער צו איז זי אראָפּ פון זינען, איינס פון איהרע איינרערענישען איז געווען אז זי איז די יונגפרוי מרים און איהר זוהן — דער גואל פון דער וועלט.

---

*) Adolf Wilbrandt: *Heinrich von Kleist*, 1863; Otto Brehm: Heinrich von Kleist, 1884.

## א נאָכבאַמערקונג אין הענריעטע'ס האנדשריפט:

''Doch, wie dies alles zugegangen,
Erzahl' ich euch zur andern Zeit,
Dazu bin ich zu eilig heut.'' *)

„זייט געזונט, מיינע טייערע פריינד, און פארגעסט ניט צו טראכטען, אין פרייד און אין טרויער, וועגען די צוויי ברואים, וואָס האלטען איצט ביים אנהייבען די גרויסע אנטדעקונג־רייזע".

הענריעטע.

(אין קלייסט'ס האנדשריפט) — „געשריבען אין גרינעם צימער, דעם איין־און־צוואנציגסטען נאָוועמבער, 1811.

ה. פ. ק.

קלייסט איז געוועזן דער אומביינזאמסטער מענש אין דער דייטשער אינטעלעקטועלער וועלט פון זיין צייט. אחוץ דעם האָט ער געהאט צופיעל הארץ, צו שטארקע געפיהלען. נאָך דעם ווי ער האָט זיך מיאש געוועזן זיך צו דערוויסען דעם אמת, האָט ער זיך געסטארעט צו בויען אויפ'ן פונדאמענט פון געפיהל. אלס שרייבער איז ער פעהיג געוועזן דאָס צו טאָן; זיין „מיכאל קאָל־האס" שטיצט זיך אויפ'ן געפיהל פון גערעכטיגקייט. „קייטכען פאָן היילבראָן" — אויפ'ן געפיהל פון אבסאָלוטער מסירת נפש. אָבער די רעאלע וועלט, צו וועלכער ער אליין האָט געהערט, האָט ניט געדארפט קיין שטארקע, אומגעמישטע געפיהלען ווי זיינע. ער האָט זיי ניט געזעהן אין אנדערע, און ווען זיי האָבען איהם באַ־הערשט, האָבען זיי געפירט צו אומגליקליכע רעזולטאטען. אָ, ניין, ניין, קיין זאַך אין דער וועלט איז ניט געוועזן אין גאנצען זיכער, אפילו ניט זיין אייגענער בארוף!

אנטשלאָסענקייט, איינהייליכקייט אין כאראקטער, האָט קיי־נער ניט געשעצט מעהר פון איהם, און דאָך איז ניט געוועזן קיין מעהר אומזיכערער, צעשפאלטענער און קרענקליכער מענש. ער

---

*) נאָר ווי דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען
דערצעהל איך אייך אַן אַנדערש מאָל,
איך בין צו שטאַרק פאַרנומען היינט.

בעסטען מוט, פול מיט פרייד און געלעכטער דעם גאַנצען טאָג און ביז'ן נאָכמיטאַג פון צומאָרגענס, בעת זיי זיינען אוועק אויף אן אפגעזונדערט אָרט אויפ'ן ברעג, וואו קלייסט האָט געשאָסען זיין פריינד אין דער לינקער ברוסט און זיך אליין אין קאָפּ. זיי האָבען פריהער געהאט געשריבען א מאָדנעם, טרויעריג־הומאָריס־טישען בריף צו אדאם מילער'ס ווייב. ער לעזט זיך אזוי:

„גאָט ווייסט, מיין טייערער, גוטער פריינד, וואסערע מאָדנע געפיהלען, האלב טרויעריגע, האלב צופרידענע, באוועגען אונז צו שרייבען צו אייך אין איצטיגען מאָמענט בעת אונזערע נשמות גרייטען זיך, ווי ליכטיגע, לופטיגע רייזענדער, אוועקצופליהען פון דער וועלט. ווארים איהר דארפט וויסען, אז מיר האָבען באשלאָ־סען ניט איבערצולאזען קיין געזעגענונג־קארטלעך פאר אונזערע פריינד און באקאנטע. די אורזאך דערפון איז מסתמא דאס, וואס מיר האָבען וועגען אייך געטראכט טויזענדער מאָל אין טויזענדער גליקליכע מאָמענטען, און מיר האָבען זיך טויזענדער מאָל פארגע־שטעלט ווי גוטמוטיג איהר וואָלט געלאכט ווען איהר וואלט אונז געזעהן צוזאמען אין גרינעם אדער רויטען צימער. יאָ, די וועלט איז א מאָדנע אָרט! עס איז גאנץ פּאסיג, אז מירביידע, יעטע און איך, צוויי טרויעריגע, מעלאנכאָלישע באשעפענישען, וואס יעדער האָט זיך תמיד באקלאָגט אויפ'ן אנדערנס קאלטקייט, זא־לען זיך הארציג ליב באקומען, און דער בעסטער באווייז דערפון איז וואס מיר האלטען איצט ביידע ביי שטארבען צוזאמען.

„זייט געזונט, אונזער טייערער, טייערער פריינד! זייט גליק־ליך אויף דער ערד, וואס עס איז אהן ספק א מעגליכע זאך! וואס איז נוגע אונז האָבען מיר קיין פּארלאנג ניט צו האָבען די תענוגים פון דער דאזיגער וועלט. מיר חלום'ען פון די הימלישע פלוינען און די הימלישע זונען, וואס אין זייער ליכט וועלען מיר וואנדערן מיט לאנגע פליגעל אויף אונזערע אקסלען. אדיע! א קוש פון מיר, דעם שרייבער, פאר מילער'ן. זאָג אידם, אז ער זאל טייל־מאָל טראכטען וועגען מיר, און ווייטער בלייבען גאָט'ס א העלדי־שער סאלדאט קעמפּפענדיג אנטקעגען דעם טייוועל פון נארישקייט, וואָס האלט די וועלט אין זיינע קייטען".

איינציג מעגליכער וועג, אויף וועלכען ער קען פארדינען, איז דורך אריינטרעטען אין דער ארמיי. ער האָט אפילו ניט געהאט גענוג געלד זיך צו קויפען אן אפיציר אויסשטאַטונג. זיין בקשה צו הארדענבערג'ן נאָך הילף איז געבליבען אהן אן ענטפער. פונקט אין דער צייט איז פרייסען געוועזן געצוואונגען אריינצוטרעטען אין אן אליאנס מיט נאפּאָלעאָנ'ען אנטקעגען רוסלאנד. קען מען זיך פארשטעלען א גרעסערע „צעמישטקייט פון געפיהל", ווי עס איז איצט באשערט געוועזן דעם אומגליקליכען פאטריאט? דער שאפער פון דער „הערמאנשלאכט", דער בלוטיגער שונא פון נאַפּאָלעאָנ'ען, איז געצוואונגען, אלס פרייסישער אפיציר צו קעמפען פאר'ן דערנידעריגער פון זיין לאנד!

אָט דער לעצטער פּליכטען־צוזאמענשטויס האָט צעבראכען זיין הארץ. „מיין נשמה איז אזוי אויסגעמאטערט, — שרייבט ער, — אז איך פיהל עפּעס ווי אפילו דאס ליכט פון טאָג, וואס שיינט אויף מיר, בעת איך שטעק ארויס מיין קאָפּ פון פענסטער, וואָלט מיר וועה געטאָן".

ער איז געוועזן רייף פאר'ן ניט צוריקרופבארען באשלוס. דורך מילער'ן איז ער באקאנט געווארען מיט פרוי הענריעטע פּאָגעל, א גייסטרייכע פרוי, וואס האָט פונקט ווי ער, געליטען פון מעלאנכאָליע, און האָט זיך פארגעשטעלט אז זיליידט פון אן אומהיילבארער קראנקהייט. די דאָזיגע פרוי האָט איהם איינמאָל דערמאָנט, אז אין דער ערשטער צייט פון זייער פריינדשאפט האָט ער איהר צוגעזאגט צו טאָן אלץ וואס זי וועט נאָר וועלען, מעג עס זיין וואס עס וויל זיך. ער האָט געענטפערט אז ער איז יעדע מינוט גרייט אויסצופירען זיין צוזאג. "אויב אזוי דער'הרג'עט מיך", האָט זי געזאגט, מיינע צרות זיינען אזוי גרויס, אז איך קען מעהר דאס לעבען ניט פארטראגען, כאָטש איך קען מיר אויף קיין איין רגע ניט פארשטעלען אז איהר וועט עס טאָן. די היינטיגע מענער זיינען בכלל קיין מענער ניט". דאס איז גענוג געוועזן פאר קלייסט'ן. אין נאָוועמבער 1811 זיינען זיי, ער און הענריעטע, צוגעפארען צו א קליינער קרעטשמע אויפ'ן ברעג פון דער וואנזייע, א קליינער אזערע לעבען פּאָטסדאם. זיי זיינען, ווייזט אויס, געוועזן אין

ער גיט אזוי וויניג אכטונג אויף דער היסטאָרישער ארומיג־קייט פון אָט דער פיעסע אז ער מאַכט אַן הערמאַן זאָל רעדען וועגען א געלט־רעכענונג און אז ווארום זאל פארגלייכען דעם פירער פון די כערוסקער צו א דערוויש.

ער האָט געוואלט פירען א מלחמה אזא ווי שפאניער פלעגען פירען, מיט מערדעריי און שווינדעל, פארברענען דערפער און פאר'סם'ען ברונענס.

די שלאכט ביי וואגראם האָט צעשטערט אלע זיינע האָפענונ־גען. א דערשראקענער פרעגט ער, צו עס איז ניטא אזא זאך ווי גערעכטיגקייט אויף דער ערד.

קלייסט האָט איצט געהאלטען זעהר שמאָל, קיין שום טרייסט אין עפענטליכען לעבען, קיין אויסזיכטען אין פריוואטען לעבען, קיין געלד, קיין באשעפטיגונג, קיין הסכמה, קיין דערמוטיגונג. זיינע נאָהענטסטע און טייערסטע האָבען איהם ניט אפגעשאצט. קורץ פאר זיין טויט שרייבט ער צו א מוטערליכען פריינד: „איך וואָלט גיכער צעהן מאָל געשטארבען איידער ווידער צו ליידען וואס איך האָב דאָ ניט לאנג געליטען אין פראנקפורט, בעת איך בין געזעסען ביים עס־טיש צווישען מיינע צוויי שוועסטער. דער געדאנק אז זיי אנערקענען לחלוטין ניט וואס איך האָב אויפגעטאָן, זאָל עס זיין וויניג אדער א סך, אז מען קוקט אויף מיר ווי אין גאנצען א נוצלאָזער מיטגליד פון דער געזעלשאפט, וואָס פאר־דינט ניט מעהר די מינדסטע סימפאטיע, אָט דאָס רויבט ניט בלויז אוועק פון מיר מיין צוקונפט, נאָר עס סם'ט אָפּ פאר מיר מיין פארגאנגענהייט".

כאָטש ער האָט שטארק ניט געוואלט זיך אומקערען צו דער באשעפטיגונג וואס ער האָט געהאט אויפגעגעבען מיט צוועלף יאָר צוריק, האָט זיך איהם אָבער ענדליך אויסגעוויזען, אז דער

---

און ווען עס קומט די נאַכט, שלאָפען זיי מיט זייערע פרויען
— — — — — — — — — — — — — — — — —
די האָפענונג, אַז מאָרגען וועט אויגוסטוס שטארבען
פירט זיי, באדעקט מיט חרפות און בושות,
פון וואך צו וואָך, פון וואך צו וואָך.

פען די וואס האסען און צעשטערען די קינסט־אוצרות פון דער קירך מיט פלוצלונגער משוגעת.

קלייסט האָט זיך גאנץ פריה ארייגעלאזט אין אָפיום טרינ־קען, א פאקט וואָס א טייל פון די דאזיגע ווערק ברענגען אונז ארויף אויפ׳ן זכרון.

אין יאָר 1809 ערשיינט דער דיכטער ווי א הייסער פאָלי־טישער אגיטאטאר. א געוויסע צייט קלינגט זיין שטים פול און קלאָר. ער מאכט פארוואורפען זיינע מיטבירגער פאר וואס זיי האָבען ניט גענוג צוטרויען אין דער מיסטישער קראפט פון הארץ. נאפאָלעאָנ׳ען רופט ער א זינדיגען, וואס קיין מענשליכע שפראך קען ניט אויסדריקען זיינע זינד. דער ווידערשטאנד וואס די פראנצויזען האָבען באקומען איז, דוכט איהם, פארעכטליך שוואך. ער האָט פיינט פיכטע׳ס "ווענדונגען צום דייטשען פאָלק", מאכט חוזק פון פיכטע׳ן אליין אלס א פעדאנט, וואס רעדט און קען ניט טון, און דריקט אוים אומבאגרענצטע פאראכטונג פאר די מיטגלידער פונ׳ם „טוגענדבונד" צוליב זיין איינגעלשער אומ־טעטיגקייט. ער שרייבט א טראגעדיע „די הערמאנסשלאכט" מיט׳ן צוועק אנצורעגען זיינע מיטבירגער צו באהאנדלען נאפּאָלעאָנ׳ען ווי הערמאן (ארמיניוס) האָט באהאנדעלט וואַרוס׳ן. די פאָלגענדע שורות פון דאָרטען זענען געצילט אנטקעגען דער פוילער יוגענט פון זיין צייט:

"Die schreiben Deutschland zu befreien,
Mit Chiffren, schicken mit Gefahr des Lebens
Einander Boten, die die Romer hangen,
Versammeln sich um Zwielicht-essen, trinken,
Und schlafen, kommt die Nacht, bei ihrem Frauen.
..............................................
Die Hoffnung: morgen stirbt Augustus
Lockt sie, bedeckt mit Schmach und Schande,
Von einer Woche in die andere." *)

---

*) „וואָס שרייבען ווי דייטשלאנד צו באפרייען
מיט שיפער־כתב, און שיקען מיט לעבענס־געפאחר
שלוחים איינס צום אנדערן, וועלכע די רוימער הענגען,
פארזאמלען זיך אין בין־השמשות, עסען, טרינקען,

וועלכען ער האָט מקנא געווען פונקט ווי ער האָט איהם באוואונ־
דערט, און איז ביטער אנטוישט געווארען בעת, ווי מען האָט זיך
געקענט ריכטען, ער האָט דערפון ניט געהאַלטען. געטע, וועלכער
האָט ליידער געהאַט א שארף אויג בלויז פאר דער אָפּשטויסענדי־
גער זייט פון קלייסט'ס כאראַקטער, האָט וועגען איהם געזאָגט:
„ניט קוקענדיג אויף מיין ערליכער כונה צו זיין פריינדליך און אור־
טיילען מיט מילדקייט, האָט קלייסט אין מיר קיין זאך ניט דער־
וועקט אחוץ א געפיהל פון ווידערווילען, ענליך צום געפיהל וואס
מיר האָבען צו א קערפּער, וואס די נאַטור האָט באשאפען שעהן,
אבער וועלכער ליידט פון אן אומהייל־בארער קראנקייט". ווען די
קאָמעדיע „די צעבראכענע קרוג" איז דורכגעפאַלען אין ווייאמאר, א
דאַנק געטע'ס קינסטליכע איבעראנדערשונג פון די אקטען, זענען
קלייסט'ס געפיהלען אין גאנצען „צעמישט" געווארען, און ער האָט
געשריבען עפּיגראַמען אויפ'ן פּריוואַטען לעבען פונ'ם גרויסען
דיכטער, צווישען אנדערע אויך דעם נידעריגען, מיאוס'ען עפּי־
גראַם אויפ'ן קינד „דער פריהצייטיגער זשעניע", וואס האָט גע־
שריבען דאס חתונה־ליד צום חופּה־טאָג פון זיינע אייגענע עלטערן.

די זעלביגע צעמישטקייט פון געפיהלען ברענגט אריין א
קרענקליכקייט אין אלע זיינע ווערק. אפילו „מיכעל קאָלהאַז",
דאָס מייסטערווערק אין דער קונסט פון דערציילען מעשיות, וואס
אין אָנהייב ווערט דאָרט יעדער העלד געצייכענט מיט געניאַלער
פּינקטליכקייט, ענדיגט זיך עפּעס מיט א חלום־ארטיגער צעמישט־
קייט. ביים סוף פון דער מעשה ערשיינען צוויי גייסטער־פיגורען:
דער קרענקליכער און, צום סוף, האַלב־מ־שוגענער קורפירשט פון
זאַקסען און אן אומ־געוויינטליכע ציגיינערין, וועלכע, ווי מען גיט
אונז צו פארשטעהן, האָט אין זיך א דיבוק, דעם גייסט פון קאָל־
האַזעס טויטע ווייב — דאס זענען העלדען וואס שטעהען אין א
שארפען קאָנטראַסט מיט די פּשוט'ע, געזונטע מענשען, וועלכע
ווערען פאר אונז פאַרגעשטעלט אין אָנהויב. „די הייליגע צעצי־
ליע" איז א קאַטוילישע לעגענדע מיט א מוסר קעגען אפּיקורסות.
דער שרייבער צעלאָזט זיך דאָ מיט א געוויסען פארגעניגען, אין
אבערגלויבישע געדאנקען; ער מאכט אז די הייליגע זאלען שטראָ־

זיינע אייגענע שטאַרקע, אומצעטיילטע געפיהלען זענען ניט געווען געזעצט און האָבן זיך אַלץ אין איינעם פאַרפלאָנטערט. אין הסכם מיט'ן מנהג אין זיין פאַמיליע איז ער געוואָרען אַ פּרייסי־שער אָפיצער; אבער די פאַמיליען טראַדיציע און זיינע אייגענע נייגונגען האָבען ניט געשטימט. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגען די דיסציפּלין און איז אוועק פון דער אַרמיי. ער האָט זיך פאַר־ליבט און זיך איבערגעגעבען. זיינע געפיהלען פאַר ווילהעלמינע'ן זענען געווען הייס אבער זיינע זעלבסט־דערהאַלטונג אינסטינקטען אַלס אַרטיסט זענען געווען שטאַרקער. דאָ איז אויך פאָרגעקומען אַ פּלאָנטער פון געפיהלען און ער האָט איבערגעריסען זיין ליבע. ער האָט געפיהלט אַז ער איז אַ פּאָעט, אַ זשעניע, אבער דער רע־זולטאַט פון אַלע אַנשטרענגונגען איז געווען אַן איבערצייגונג, אַז איהם פעלט אמת'ע קראַפט, און אין זיין שרעקליכען צער האָט ער באַשלאָסען אַריינצוטרעטען אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, אין דער האָפנונג אַז ער וועט פאַלען אין דער קומענדיגער מלחמה. דאָס אַלץ דערקלערט זיין אייביג דרייען זיך אַרום דער טעמע פון פאַרפּלאָנטערטע געפיהלען. די אידעע איז גאַנץ פּשוט אויסגע־דריקט אין דעם מעשה'לע "די מאַרקיזע פאָן אָ.". די מאַרקיזע וויים פּונקט אַזוי ווייניג ווי אַלקמענע, וואָסער מענש עס האָט זי אומאַרעמט אין דער פינסטער. איהרע געפיהלען זענען אויך פאַר־פּלאָנטערט און צעמישט; איהרע נאָהענטסטע און טייערסטע זענען זי חושד; און ווען דער רוסישער אָפיצער, וואָס אויף איהם קוקט זי ווי אויף איהר אויסלייזער, — נאָר עס ווייזט זיך אַרויס אַז ער פאַרנאַכלעסיגט זי — קערט זיך אום צו איהר מיט ליבע און חרטה, ווערט איהר אומשולדיגע נשמה צעריסען אין אַנפאַלען אָט פון האַס און אָט פון ליבע. כמעט אויפ'ן זעלביגען אופן ווערט דער חוש פאַר גערעכטיגקייט, וואָס איז לכתחילה אַזוי שטאַרק אין דער נשמה פון מיכעל קאָלאַס, צעמישט צוליב די צרות וואָס ער לעבט איבער.

אַ פאַרוואונדערטער שטאָלץ האָט געבראַכט דערצו אַז קליסט זאָל זיך קריגען מיט זיינע פריינד און באַקאַנטע; אַ פאַרוואונדע־טער חוש פאַר גערעכטיגקייט האָט איהם געריצט צו באַליידיגען געטע'ן. ער האָט זיין פּענטעזילעע געשיקט צום גרויסען מייסטער,

הייבענדיג ווי א פּרייסישער פּראָגרעסיווער פּאַטריאָט און ענדי־גענדיג ווי א רעאַקציאָנער אין דינסט פון מעטערניכ׳ן.

אין דרעזדען, אין 1808, האָבען מילער און קלייסט גענומען ארויסגעבען א זשורנאל „פעבוס“, וואו עטליכע פון קלייסט׳ס בע־סטע ווערק האָבען צום ערשט דערזעהן דאָס ליכט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אז דאס וואס האָט מילער׳ן צום בעסטען באַפרידיגט אין „אמפיטריאן“ איז גראד געווען יענער עלעמענט פון היידניש־קריסטליכען מיסטיציזם, וואס איך האָב שוין דערמאָנט, וועלכער ווייזט זיך ארויס אין אזא שפּראַך ווי די פאָלגענדע כמעט ווערטערליכע רעפּראָדוקציע פון די ווערטער וואס זאָגען אן קריסטוסעס געבורט.

"Dir wird ein Sohn geboren dess Name Herculess"*)

ער האָט ניט אריינגעדרונגען אינ׳ם גייסט פונ׳ם ווערק. דער אינטערעס פון דער פּיעסע קאָנצענטרירט זיך אינ׳ם כאַראַקטער פון אַלקמענע׳ן, דער אינטערעס פון איהר כאַראַקטער — אינ׳ם כח מיט וועלכען זי דערלאָזט ניט אז איהר גייסטיגע רוהיגקייט זאָל ווערען געשטערט און איהרע געפיהלען צעמישט, און דער אינ־טערעס פון איהר טראַגישער געשיכטע — אינ׳ם צער וואס זי לעבט איבער ווען אויף להכעיס זיך אליין ווערען איהרע טיפסטע געפיהלען אויפגערעגט און פארפּלאָנטערט צוליב דער ערשיינונג פון איהר מאַן אין פארשידענע פארמען.

געטע, וואָס זיין זשעני האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט — כאָטש ער האָט ניט פארשטאַנען קלייסט׳ס כאַראַקטער — צו פארשטעהן זיין פסיכישען מעכאַניזם, האָט געמאכט די טיפע באַ־מערקונג אז דאָס צו וואס ער האָט הויפּטזעכליך געצילט, איז גע־ווען א „צעמישונג פון געפיהלען“. קלייסט איז ביז אָן אומנאַר־מאַלען גראד געווען אפּהענגיג אָן דער זיכערקייט פון געפיהל. א צעמישונג פון געפיהלען איז פאר איהם געווען די ווירקליכסטע טראַגעדיע.

---

*) דו ווערסט האָבען א זוהן מיט׳ן נאָמען הערקולעס

העלד ווי א פּאַראַלעל צום שאַטען אין וועלכען מרים ווערט אוועק־
געשטעלט פונ׳ם הייליגען גייסט.

אין 1806 האַט קלייסט רעזיגנירט פון זיין שטעלע און איז אוועק פון קעניגסבערג. ווען עס האַט אויסגעבראָכען די מלחמה צווישען פּרייסען און פראַנקרייך, האָבען די פראַנצויזען, צוליב די מיספאַרשטענדעניש, איהם איינגעזעצט. אין 1808 איז ער אוועק קיין דרעזדען, וואו ער האַט זיך באַקאַנט מיט אדאַם מילער. איצט האָט מילער געהאַט די אַמביציע, פּונקט ווי פר. שלעגעל פריהער, צו באאיינפלוסען מענשען ווי א נביא און אַפּאָסטאָל פונ׳ם ראָמאַנטיזם. ער איז מודה אז ער באַוואונדערט קלייסט׳ן זעהר שטאַרק, און, אומגליקליכערווייז, געלינגט איהם צו באַ־קומען א היבשען איינפלוס אויף איהם. מילער איז געוועזן א פּראַ־זיאַר, וואָס האָט געקראַגען געוויסע ידיעות אין עטליכע וויסענ־שאַפטען, און אין איצטיגען מאָמענט האָט ער געהאַלטען ביים ארויסגעבען א נייע פילאָזאָפיע וואו עס האָט זיך גאָר ניט גע־פונען (אזוי האָט ער באהויפּטעט) פון דער איינזייטיגקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אלע פריהערדיגע סיסטעמען. די דאָקטרין מיט וועלכער זי האָט זיך אויסגעצייכענט איז געוועזן די דאָקטרין פון „היפּוכים”, פונ׳ם שטענדיג בייטענדיגען, שטענדיג באַנייטען און ארויסגעשטופּטען „היפּוך”. לויט מילער׳ן איז דער גייסט פון אכצעהנטען יאָרהונדערט און דער גייסט פון ראָמאַנטיזם בלויז א פאַרשטעלטע פאָרם פון זעלביגען אמת,—אַן אמת וואָס ער האָט בלי ספק געגלויבט אז ער האָט איהם געקראָגען פולשטענדיג און אויף אייביג בעת ער איז אין 1805 אריינגעטראָטען אין דער רוי־מישער קירך.

א געוויסע צייט נאָך דעם ווי ער איז אריבער צום קאַטאָלי־ציזם, איז דאס גאנצע לעבען מילער׳ס אוועק צום מיסטיציזם. ער האָט שטודירט „דאס מיסטעריעזע לעבען פון די וואָלקענס”, באַ־טראַכט זיין נערוועזע מורא פאַר דונער און בליץ ווי א ספּעציעלע מתנה פון הימעל, און ער האָט געגלויבט אז ער איז פעהיג פאַר־אויסצוזאָגען די אינטעלעקטועלע אנטוויקלונג פון א זשעניע דורך מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען. א ווײַלע שפּעטער איז ער צוזאַ־מען מיט גענצ׳ן אריין אין פעלד פון פראַקטישער פּאָליטיק, אַנ־

**Und, von der Freude Pulsschlag eingelautet,
Ihn alle gattungen Erschaff 'ner preisen,
Steigst Du nicht in des Herzens Schacht hinab
Und betest Deinen Gotzen an?'' *)**

דערפאר ווערט אויך אלקמענע כסדר אדרעסירט אלס „די הייליגע!"

**''Du bist, Du Heilige, vor jedem Zutritt
Mit diamantnem Gurtel angethan.
Auch selbst der Gluckliche den Du empfangst,
Entlasst Dich schuldlos noch und rein.'' ***

אדאם מילער האָט געשריבען אַן ענטוזיאסטיש, מיסטיש פאָרוואָרט צו דער פיעסע. און אין איינעם פון זיינע בריף צו גענצ'ן שרייבט ער: „הארטמאן האָט געמאָלען אַ גרויסארטיג בילד, די דריי מרים'ס ביים קבר, דאס און אמפיטריאָן זאָגען אָן, דוכט מיר, אַ נייע פעריאָדע אין דער קונסט. וואָרים אמפיטריאָן באהאנדעלט אָהן ספק די געטליכע שוואנגערשאַפט פון דער הייליגער בתולה און אויך וועגען דער מיסטעריע פון ליבע בכלל". אפילו געטע האָט דאָס געפיהלט. ער זאָגט: „די פיעסע אנטהאלט ניט ווייניגער ווי אַ נייע קריסטליכע אויסטייטשונג פונ'ם מיטאָלאָגישען

*) באַמערקסטו די וועלט, זיין גרויס ווערק?
זעהסטו איהם אין גלוט פון זון־פאַרגאַנג
וואָס פאַלט אויף שווייגענדיגע וועלדער?
הערסטו איהם אין רוישען פונ'ם וואַסער
און אינ'ם ליד פון דער ליידענשאַפטליכער נאַכטיגאַל?
דערציילט דיר ניט אומזיסט פון איהם דער הימעל־הויכער באַרג
און דער פעלזען־פולער קאַטאַראַקט?
ווען די זון שטראַלט הויך אין איהר טעמפעל,
און, אין טיף־פולסירענדיגער שמחה, זינגט
לויב־לידער צו איהם יעדע לעבעדיגע בריאה,
נידערסט דו ניט אַראָפּ אין דער טיפעניש פון דיין האַרץ
און בעטסט דאָרטען צו דיין אָפּגאָט?

**) „דו הייליגע, פאַר יעדען וואָס קומט צו דיר
טראָגסטו אַ דימענטענעם גאַרטעל,
אפילו דער גליקליכער, וואָס דו נעמסט יאָ אויף
פאַרלאָזט דיך אומשולדיג און ריין."

מיר זעהען אַלזאָ, אַז יופיטער דריקט זיך אויס מיט דער גע־הובעלטער ראפינירטקייט פון א הויף־מענש. ביים סוף פון דער פיעסע גראַטולירען די צוקוקען דעם צרה'דיגען אמפּיטריאָן, און סאָסיאס דעקלאמירט אין עפּילאָג, וואו דער גאנצער ענין ווערט באהאנדעלט פון א קאָמישען שטאנדפּונקט און עס ווערט אָנגע־וויזען אויף א מוסר השכל אז וואָס וויניגער מען זאגט וועגען אזעלכע ענינים אַלץ בעסער איז.

קלייסט האָט, פארשטעהט זיך, געזעהן די זאך אין א גאנץ אנ־דער ליכט. עס איז קלאָר, אז זיין ראָמאנטישער מח איז קודם כל אטאקירט געווארען פון דער „דאָפּעלגענגעריי"; דערנאָך איז נעקומען די מעגליכקייט צו שפּילען, שוואך אבער קלאָר, אויף איינס פון די וויכטיגסטע מיסטעריעס פון דער קריסטליכער אמונה. אלקמענע'ס מאַן איז ניט הערקולעס'עס פאטער, דאָך איז דאָס טראָגען ניט געווען קיין פארברעך אנטקעגען איהר הייראט מיט אן אנדערן; עס איז געווען א געטליכע שוואנגערשאפט; דאָס קינד, וואס זי האָט, איז ניט פון א מענשען, נאָר פון א גאָט. דער־פאר קומט פאָר, אז אין דער וויכטיגסטער סצענע צווישען יופּיטער'ן און אלקמענע'ן, ווערט דער ערשטער פּאַטעאיסטיש דערהויבען צו דער מדרגה פון גרויסען וועלט־גייסט; ער איז ניט דער אויס־געלאסענער אָלימפּיאנער פון די גריעקען, ער איז פּונקט אזוי געט־ליך און גייסטיג ווי דער „אבסאָלוט" פון דער „נאטור־פילאָזאָפיע". ער זאגט צו אלקמענע'ן:

Nimmst du die Welt, sein grosses Werk, wohl wahr?
Siehst du ihn in der Abendrothe Schimmer,
Wenn sie durch schweigende Gebusche fallt?
Horst Du beim Gesausel der Gewasser,
Und bei dem Schlag der uppgen Nachtigal?
Verkundigt nicht umsonst der Berg ihr Dir,
Gethurmt gen Himmel, nicht umsonst ihn Dir
Der felszerstiebten Katarakten Fall?
Wenn noch die Sonn' in seinen Tempel strahlt,

אויפ'ן עכטען פראנצויזישען אופן מאכט מאָליער אז דער צוזאמענשטויס צווישען דעם מאַן און דעם געליבטען זאל זיין דער הויפט ענין אין דער פיעסע; און ווען אלקמענע מאכט פארוואור־פען יופיטער פאר זיינע בייזע ווערטער וואס ער (ד. ה. אמפיטריאָן) האָט באנוצט קעגען איהר, פארענטפערט זיך דער גאָט מיט אזא מין דעליקאטען אונטערשיד:

''Lepoux, Alcmene, a commis tout le mal;
Ce'est l'epoux qui vous faut regarder en coupable.''

Lamant na point de part a ce transport brutal,
Et de vous offenser son coer, nest point capable
Il a de vous, ce coer, pour jamais y penser,
Trop de respect et de tenderesse;
Et si de faire rien a vous pouvoir blesser
Il avait en la coupable faiblesse,
De cent coups a vos yeux il voudrait le percer.
Mais l'epoux est sortit de ce respect soummis
Ou pour vous on doit toujours etre;
A son dur procede l'epoux s'est fait connaitre,
Et par le droit d'hymen il s'est cru tout permis.'' *)

---

*) אויפ'ן מאַן, אלקמענע, ליגט די גאַנצע שולד;
דעם מאַן מאַקע דאַרפסטו האַלטען פאַר'ן פאַרברעכער.
דער ליבהאָבער האָט קיין טייל ניט אין פאַרברעכען,
און ס'קען זיין האַרץ דיך ניט באַליידיגען,
צופיעל צאַרטקייט און רעספעקט האָט ער פאַר דיר,
פאַר דיין האַרץ, אַז ער זאָל ווען טראַכטען אַזאַ זאַך.
און אויב ער וואָלט געהאַט די פאַרברעכערישע שוואַכקייט
דיר שלעכטס צו טאָן,
וואָלט עס מיט הונדערט קלעפּ פאַר דיינע אויגען
זיין האַרץ דערשטאָכען.
נאָר דער מאַן האָט אָפּגעזאָגט זיך פון זיין טיפען רעספעקט
וואָס יעדער וואָלט תמיד געדאַרפט האָבען פאַר דיר,
ער האָט אָנגענומען זיין אומדערבאַרמדיגע האַלטונג
און געגלויבט אַז דאָס הייראַט־רעכט דערלויבט איהם אַלץ.

באַזונדערס גינסטיגע לאַגעס צו מאַכען די נויטיגע באַאָבאַכטונגען. און מיר געפינען אויס אַז הייליגע גלויבער קענען ניט בלויז דער־שפירען דאָס הייליגע ברויט, עס מאַכט ניט אויס וואו עס זאָל זיין באַהאַלטען, נאָר אַז דאָס ברויט פיהלט אַזאַ צוציהונג צו זיי, אַז עס שפרינגט פון די גלחים׳ס הענט אין זייערע מיילער אַריין. טיילמאָל פיהלט טאַקע דער גלח, אַז עס ווערט מיט געוואַלט אַרויס־געריסען פון זיין האַנט, עס רייסט זיך ווי שטאָל צום מאַגנעט. און די הייליגע ווידער ווערען אַזוי צוגעצויגען צום הייליגען שטאָף אַז זיי ווערען געטראָגען צו איהם דורך דער לופט.

אין קיין איינער פון קלייסט׳ס שריפטען האָט דער מיסטי־ציזם ניט אַזוי מאָדנע באַהערשט און אבסאָלוט היידנישע, ניט צו זאָגען אויסגעלאַסענע, טעמע, ווי אין זיין „אַמפיטריאָן“, וואָס איז אַ פאַראַנדערשונג פון מאָליער׳ס באַוואוסטער קאָמעדיע. די מעשה — וואָס איז ניט אַזוי לייכט צו באַהאַנדלען — איז אַזאַ: בעת אַמפיטריאָן איז ניטאָ, נעמט יופּיטער אָן זיין פאָרם און באַ־זוכט זיין ווייב, אַלקמענע, וועלכע גלויבט, אַז דער גאָט איז איהר מאַן. אַמפיטריאָן קערט זיך אום, און אַ קאָמישע צעמישעניש קומט פאַר צווישען דעם אמת׳ן און דעם כלומר׳שטען מאַן, צווישען דעם אמת׳ן שקלאַף סאָסיאַס און מערקורי׳ן אַלס סאָסיאַס. ענדליך קומט דער אמת אַרויס, און אַמפיטריאָן דאַרף זיך טרייסטען מיט׳ן געדאַנק אַז אין אַזאַ קרובה׳שאַפט מיט יופּיטער׳ן איז קיין שום אומערענהאַפטס ניטאַ — אַ מאָראַלע טעאָריע, וואָס עס איז מסתמא שטאַרק געלעגען אין די אינטערעסען פון לואי דעם פערצעהנטען, אַז ער זאָל זי פאַרטיידיגען און פאַרשפרייטען.

"Mon nom, qu'incessamment toute la terre adore
Etouffe ici le bruit, qui pouvait eclater;
Un partage avec Jupiter
Na rien du tout qui deshonore" *)

*) מיין נאָמען, וואָס אומאויפהערליך באַשיינט די גאַנצע ערד,
שטילט דאָ איין דעם ליאַרם וואָס וואָלט געקענט עקספּלאָדירען,
איין חלק מיט יופּיטער׳ן
איז באַיין אופן ניט קיין אומ׳כבוד.

זיין יוגענט. אין דער עסיי „ווי אזוי איך בין ווידער געוואָרען א לוטעראַנער", שרייבט ער: „דער הייליגער סאַקראַמענט איז דער הויפּט אינדיווידואַליזירענדיגער פּראָצעס אין קריסטענטום; דורך איהם פליסט אריין אין דער אויפנעמענדיגער פּערזענליכקייט די גאַנצע מיסטעריע פון דער אויסלייזונג אין איהר גאַנצער פולקייט. דער באַפרוכטענדיגער שטראָם פון געטליכען חסד, וואָס איז, זינט דעם טאָג פון דער גרויסער ווידער־אויפלעבונג, געפלאָסען דורך דער גאַנצער נאַטור אין דער גאַנצער געשיכטע, און וואָס מאַכט אונז רייף פאַר א געבענשטער צוקונפט, נעמט דאָ אָן די פאָרם פון׳ם אויסלייזער, כדי דאָס וואָס איז אַלץ אין אַלעמען זאָל פול־שטענדיג זיין מיט אונז... דורך דער צופרידען־שטעלענדיגער פּער־זענליכער פּאַראַנענקייט פון׳ם אויסלייזער, דאָס אין וואָס דער קריסט גלויבט טיף, דאָס וואָס דרינגט דורך זיין גאַנץ לעבען און איבערגעוועלטיגט דעם טויט, און דאָך, אין דער זעלביגער צייט טרייבט עס איהם צוריק צו די חושים, — דאָס ווערט דאָ זיכער־קייט, נעגוס, שפּייז... פאַר מיר איז דאָס מאַלצייט פון דער היי־ליגער וועטשערע דער העכסטער, וויכטיגסטער, מיסטעריעזסטער פון אַלע רעליגיעזע אַקטען; ער איז פאַר מיר אזוי וויכטיג אז דורך איהם באַקומט יעדע דאָקטרין אומגעהייערע באַדייטונג".

מיר זעהען אלזאָ וואָסער געוואַלטיג וויכטיגע ראָלע דער סאַק־ראַמענט שפּילט אין קריסטליכען מיסטיציזם פון דער דאָזיגער צייט. עס איז געווען א צאַרטע, כמעט אַן עראָטישע, שייכות צווי־שען די געטרייע און געהייליגטע עלעמענטען. מען האָט געזאָגט אז אמת׳ע גלויבער פיהלען די פּאַראַנענקייט פון אָט די עלעמענ־טען פון אַן אומגעוויינטליכען שטח. לייענט וואָס גערעס זאָגט וועגען דעם ענין אין דער צווייטער טייל פון זיין „מיסטיק". „אָנהויבענדיג מיט׳ן הייליגסטען — זאָגט ער, אַלע די וואָס האָבען דערגרייכט דאָס העכערע גייסטיגע לעבען דערפיהלען פון א גע־וואַלטיגען שטח דאָס הייליגע ברויט". איבער דעם גיט ער א געוויסע צאָל ביישפּילען, און ער דערציילט אונז אין פאָרוואָרט אז אַלע געבראַכטע פאַקטען זיינען גאַראַנטירט פון א סך עדות, אז די עדות זיינען פון די זיכערסטע וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען, אָדער נלחים אָדער זייטיגע פרומע לייט, אז זיי זיינען געווען אין

פונ'ם דאָזיגען מיסטיציזם. די דאָזיגע מענשען האָבען ניט גע־קענט פארשליסען זייערע רעליגיעזע אידעען אין אַ שופלאָד און זיי האַלטען אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון זייער לעבען און טע־טיגקייט. ניט בלויז צוויי אָדער אפשר דריי מאָל אַ יאָר האָבען זיי זיך פארנומען מיט אזאַ'ן ענין ווי די הייליגע וועטשערע; זי האָט דורכגעדרונגען אַלע זייערע געדאַנקען; זיי האָבען גע־שטרעבט צו זעהן דאָס לעבען אין ליכט פון אָט דער גרויסער מיסטעריע. אין דער פולשטענדיגער אויסגאַבע פון פרידריך פאָן באַדער'ס געזאַמעלטע ווערק (באַנד 4 אַנטראָפּאָלאָגיע), צווישען אַ צאָל קורצע אַרטיקלען, ווי למשל „וועגען דעם עקסטאַטישען גליק פון די וואָס רעדען פון מאַגנעטישען שלאָף", „דער חזיונות־זעהער פון פּרעפּאָרסט", „פּערציג פּרינציפּען פון רעליגיעזער ליבע", א. א. וו., געפינען מיר איין אַרטיקעל, וואָס הייסט: „אַז אינ'ם גייסטיגען, גוטען אָדער שלעכטען, זין פונ'ם וואָרט, זיינען אַלע מענשען קאַניבאַלען". עס הייבט זיך אָן: „דער מענש איז אין האַרצען, אָדער באַנוצענדיג די ביבלישע שפּראַך, דער אינוויי־נינגסטער מענ'ש לעבט ניט פון ממשות'דיג שפּייז, פון מאַטעריעל ברויט; ער לעבט — און ניט אין אַ סימבאָלישען נאָר אין רע־אַלסטען זין פונ'ם וואָרט — אין גאַנצען פון אַנדערע אינוויינינגסטע מענשען, וואָס זייערע הערצער און ווערטער זיינען זיין שפּייז".

די גרויסע רעליגיעזע מיסטעריע איז סוף ככל סוף געוואָרען דער צענטער אַרום וועלכען עס האָט זיך געדרייט דער פילאָזאָ־פישער געדאַנק. הענריק סטעפענס קען דינען ווי אַ ביישפּיל. דער דאָזיגער שרייבער, וואָס אין זיין העלד—ווי יוליאַן שמיט*) באַ־מערקט ריכטיג—„געפינט זיך אַ צוויפעללאָזער שטריך פון אַן איינגעבוירענער קנעכטישקייט", איז באַשטימט געוואָרען צו פירען דעם פּראָצעס פון די דעמאַגאָגען אין ברעסלע. די אַרבייט האָט ער עפּגעטאָן אין אַ גייסט וואָס איז ניט געווען אין הסכם מיט'ן שכל הישר און מיט'ן נאַטירליכען חוש פאַר גערעכטיגקייט, און בעת ער האָט עס געטאָן האָט ער אויסגעדריקט די רעאַקציאָנערסטע רעליגיעזע געפיהלען, לחלוטין פאַרגעסענדיג דעם פּאַנטעאיזם פון

*) Jul. Schmidt *Geschichte der Deutschen Literatur*, II., 307.

איז בלויז א רעטאָרישע פיגור, איז ביי פענטעזילעא׳ן א ווירק־ליכקייט. א סך פרויען זאָגען אז זיי ליבען זייערע געליבטע מיט אזא ווילדער ליידענשאפט, אז זיי וואָלטען זיי געקענט אויפעסען; אָבער פענטעזילעא טוט עס. זי זאָגט:

"Kusse, Bisse
Das reimt sich, und wer recht von Herzen liebt,
Kann schon das eine fur das andere greifen." **)

אָבער אפילו דאָס איז ניט קיין פולע דערקלערונג. דערווייל האָבען מיר געהאט בלויז צוויי עלעמענטען: ליידענשאפט און גרויזאמקייט, דער דריטער, רעליגיע, איז אויך דאָ. ער ערשיינט ווי א דערגענצענדיגע קאָליר ווען מיר באטראכטען אויפמערקזאם די ערשטע צוויי. געדענקט נאָוואליס׳עס שוין ציטירטע ווערטער: „די געטליכע באדייטונג פונ׳ם סאקראמענט פון דער הייליגער וועטשערע איז א רעטעניש פאר׳ן גראָבען מח. אָבער דער וואָס האָט אפילו איין מאָל בלויז ארייננעזויגען דעם לעבענס־אָטעם פון ווארימע, געליבטע ליפען, וואָס זיין הארץ איז צעגאנגען אין די ציטערדיגע פלאמען פון הייליגען פייער... „דער וועט עסען פון ז י י ן קערפער און טרינקען פון ז י י ן בלוט אויף אייביג". די קריסטליכע מיסטעריע איז געווען אן ענין מיט וועלכען אלע מחות, אויך קלייסט׳ס, האָבען זיך פארנומען. איינער פון זיינע אינטימסטע חברים איז דער בארימטסטער מיסטיקער פון יענער צייט, דער אָריגינעלער סאָפיסט אדאם מילער. מיר קענען זיך וואונדערן אָדער זיך באליידיגען געפינענדיג סמנים פון דער קריסטליכער מיסטישער דאָגמע אין א היידנישער דראמע וואו די העלדין איז די קעניגין פון די אמאזאָנען; אָבער כדי צו פאר־שטעהן דאָס און פיעל אנדערע נאָהענטע ערשיינונגען, דארפען מיר נעמען אין אכט דעם רעלאטיווען אמת און די בארעכטיגונג

---

**) קושען בייסען,
דאָס גראַמט זיך (אין דייטש) און דער וואָס ליבט פון טיפען הארצען,
קען ליבט פארבייטען איינס מיט ס׳אנדערע

עס נעמט אַ לאַנגע צייט ביז זי קומט צו זיך און באגרייפט וואָס זי האָט געטון. איהר ערשט געפיהל איז פולשטענדיגע פאַר־צווייפלונג אָבער דערווייל זאָגט זי:

Wie manche, die am Hals des Freudes hangt,
Sagt wohl das Wort: sie lieb' ihm, o so sehr
Dass sie vor Liebe gleich ihn fressen Konnte
Und hinterher, das Wort gepruft, die Narrin!
Gesattigt sein zum Ekel ist sie schon.
Nun, du Geliebter, so verfuhr ich nicht;
Sieh her: als ich an deinem Halse hing,
Hab ichs warhaftig Wort fur Wort gethan;
Ich war nicht so verruckt, als es wohl schien.'' *)

זי איז ניט אזוי משוגע ווי זי קוקט אויס. דאָ איז דאָס זעל־בינע וואָס אין „קעטכען פאָן הײלבראָן"—וואָס ביים רוב פרויען

---

רירט אָן איהרע איידעלע באַקען און שרייט:
פענטעזילעאַ! מיין כלה! וואָס טוסטו?
איז דאָס דער רויזען יום־טוב וואָס דו האָסט צוגעזאָגט?
די הונגעריגע לייבען וואָס יאָגען זיך ברומענדיג נאָך רויב
אויף וויסטע שניי־פעלדער וואָלטען צו איהם זיך צוגעהערט,
נאָר זי רייסט אַראָפּ די ברוסט־שילד פון זיין לייב,
זי רייסט זיך מיט איהרע ציין אין זיין ווייסער ברוסט אַריין,
קאָנקורירענדיג מיט איהרע הינט,
אָקסוס און ספינקס אין זיין רעכטער ברוסט
זי אין זיין לינקער, ווען איך בין ערשינען
האָט בלוט ביי איהר פון מויל און הענט
אַראָפּגערונען.

*) פאַראַן אַזאַ וואָס בעת זי האַלזט
איהר ליבסטען זאָגט זי: כ'האָב איהם אַזוי ליב
אַז כ'וואָלט איהם אויפעסען געקענט.
און ווען זי פרוווט עס טאָן, דער נאַר,
ווערט זי באַלד מיט עקעל זאַט.
ניט אַזוי האָב איך געטאָן, געליבטער.
הער אויס: ווען איך האָב אויף דיין האַלז געהאָנגען,
האָב איך עס בוכשטעבליך געטאָן,
איך בין ניט געווען אַזוי משוגע, ווי עס האָט אויסגעזעהן.

קושען זיך", נעמט איהם אָן און שיקט א פייל דורך זיין האלדז. ער פאַלט, אָבער מיט'ן גסיסה כאָרכעל אין זיין האלדז, רייסט ער זיך אויפצושטעלען; דעמאָלט רייצט זי אָן איהרע הינט זיי זאָלען איהם אויף שטיקער צערייסען און, נאָכטוענדיג זייער ביישפּיל, רייסט זי זיך אריין מיט איהרע ציין אין זיין ברוסט און בייסט ביז דאָס בלוט רינט איהר פון מויל און הענט.

Doch hetz! schon ruft sie: Tigris! hetz Leane!
Hetz, Sphinx! Melampus! Dirke! hetz Hyrkaon
Und Sturzt—sturzt mit den ganzen Mcut, O Diana!
Sich uber ihn, und reisst—reisst ihn beim Helmbusch
Gleich einer Hundin, Hunden beigesellt,
Der greift die Brust ihn, dieser greift den Nacken,
Dass von dem Fall der Boden bebt, ihm nieder!
Er in dem Purpur seines Blut sich walzend,
Ruhrt irhe sanfte Wange an, und ruft:
Penthesilea! meine Braut! was thust du?
Ist dies das Rosenfest, das du versprachst?
Doch sie—die Lowin hatte ihn gehort,
Die hungrige, die wild nach Raub umher
Auf oden Schneegefielden heulend treibt—
Sie schlagt, die Rustung ihm vom Liebe reissend,
Den Zahn schlagt in seine weisse Brust,
Sie und die Hunde, die wetteifernden,
Oxus und Sphinx den Zahn in seine rechte,
In seine linke sie; als ich erschien,
Traff Blut von Mund und Handen ihr herab." *)

---

*) אויף איהם! רופט זי, אויף איהם טיגרים, לעאַנע,
אויף איהם, ספינקס! מעלאמפּוס! דירקע! אויף איהם הירקאָאָן!
און זי וואַרפט זיך אויף איהם מיט דער גאַנצער הינט־באַנדע—
אָ דיאַנע! —
וואַרפט זיך אויף איהם און רייסט, רייסט די פעדער פון זיין קיווער
גלייך ווי אַ צויג אין אַ קאָמפּאַניע הינט,
איינער כאַפּט איהם ביי דער ברוסט, דער צווייטער ביים נאַקען,
אַז פון זיין פאַלען ציטערט אַזש די ערד,
ער, זיך וואַלגערנדיג אין דער רויטקייט פון זיין בלוט.

דיגען בעת ער האָט פאַרענדיגט די שילדערונג פון פענטעזילעאַ'ס טויט. נאָך מעהר, דער דיכטער אליין האָט געשריבען וועגען דער פיעסע צו אַ פריינד: „עס איז אמת, איהר האָט עס באמערקט מיט אַ בליק פון אַ זעהער; מיין טיפסטער איך ליגט אין איהר, מיין נשמה—אין איהר גלאַריע און איהר פאַרצווייפלונג".

אָבער אָט דער פערזענליכער עלעמענט שליסט ניט אויס דעם ראָמאַנטישען מיסטיציזם, וואָס מיט איהם איז די מעשה דורכגע־דרונגען. פענטעזילעאַ'ס ליבע דריקט זיך אויס מיט אַזעלכע ווערטער ווי:

Hetzt alle Hund' auf ihm! mit Feuerbranden
Die Elephanten peitschen auf ihm los!
Mit Sichelwagen schmettert auf ihm ein
Und mahet seine uppgen Glieder ab!"*

אָט דער לעצטער עקעלדיגער וואונש, צו זעהן ווי די מעסער פון די רייטוועגען שניידען אָפּ אכילעס'עס גלידער, איז, ווי מיר געפינען אויס ביים סוף פון דער פיעסע, ניט קיין אָנשטעל. די אמאַזאָנען ווערען באזיגט, און זייער מידע און פאַרוואונדעטע קעניגין פאַלט אריין אין אכילעס'עס הענט. ער ליבט זי, און כדי זי זאָל ניט טרויערן און זיין פאַרצווייפעלט, פּרובירט ער איהר איינצורעדען אַז איז די זיגערין און אַז ער איז איהר געפאַנגענער. אָבער זי געפינט באַלד אויס דעם אמת. דעמאָלט רופט אכילעס זי ארויס אויף אַ צוויי קאַמף מיט דער כונה זיך צו לאָזען באזיגען פון איהר און אויף אַזאַ'ן אופן ווערען איהר מאַן. ווען פענטע־זילעאַ דערהאַלט דעם ארויסרוף פאַרשטעהט זי ניט זיין באַדיי־טונג. אַ ווילדער פחד נעמט זי ארום, זי וואַרפט זיך ארויף אויף איהר פערד, רופט איהרע הינט און טראָגט זיך אָפּ. ער זעהט ווי זי קומט און האָט מורא. זי בייגט איהר בויגען ביז „די עקען

*) רייצט אָן אַלע הינט אויף איהם! מיט פייערבראַנדען,
טרייבט אַרויף די העלפאַנטען אויף איהם!
לאָזט זיך אַרויף אויף איהם מיט רייטוועגען
און שניידט די תאוה'דיגע גלידער זיינע אָפּ.

האָט איהם ניט געלאזט באקומען דעם העכסטען רום. זי הרג'עט איהם אין אן אנפאל פון פאראכטונג, ווי קלייסט האָט אין אן אַנ־פאל פון פארצווייפלונג צעשטערט זיין באליבט ווערק, זיין „גיס־קארד”. פון דעסטוועגען ליבט זי איהם, זי ליבט איהם הילפלאָז מיט אַ פארצערענדיג פייער *). ווען אכילעס האָט זי פארוואונ־דעט אין דער שאכט, באקלאָגט זי זיך אין ווערטער וואס האָבען מסתמא א שייכות צום דיכטער אליין:

Mir diesen Busen zu zerschmettern, Prothoe!
Die Brust so voll Gesang, Asteria!
Ein Lied jeweder Saitengriffe auf ihn!'' **)

בעת זי האלט ביים אויפגעבען אלץ מיטאנאנדער, זאגט זי, פונקט ווי קלייסט אין אזוי פיעל בריף צו זיין שוועסטער:

Das Aeusserste, das Menschenkrafte leisten
Hab ich gethan, Unmogliches versucht,
Mein Alles hab ich auf den Wurf gesetzt;
Der Wurfel, der entscheidet liegt, er liegt;
Bergreifen muss ichs—und dass ich verlor.'' ***)

מיר קענען לייכט פארשטעהן ווי עס קומט וואָס פפועל, קלייסט'ס טרייער פריינד, האָט איהם געטראפען זיצען א וויינענ־

*) זעת
Otto Brahm, Heinrich von Kleist.

**) זאָל ער מיר אָט די ברוסט דערשלאָגען, פראָטאָע!
אָט די געזאַנגפולע ברוסט, אסטעריע!
וואו יעדער סטרונע־ריר באַשאַפט אַ ליד.

***) דאָס גרעסטע וואָס אַ מענשענס קראַפט קען געבען
האָב איך געטאָן, אוממעגליכעס פרובירט,
האָב איינגעשטעלט מיין אַלץ אויף בלויז איין וואַרף
(פון ווערפעל)
און דער אַנטשיידענדיגער ווערפעל ליגט, ער ליגט,
איך האָב פאַרלוירען, אָט וואָס איך מוז איצט פאַרשטעהן.

יעדער האָט דאס בוך געלייענט, און אפילו אזא מענש ווי קלייסט האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, דערלאזען דערצו אז ער זאל אריינגעטון ווערען אין אָט דער גאנצער פּרעטענציעזער נאַרישקייט. מיסטיציזם איז געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג, און עס איז אינטערעסאנט צו באַמערקען ווי אזוי דער מיסטישער עלעמענט, די מאָדנע דריי־איינינקייט — ליידענשאפט, רעליגיע און גרויזאמ־קייט — גנב'עט זיך אריין אין אלע קלייסט'ס דראמעס. נעמט למשל די וואונדערבארע טרעגעדיע „פּענטעזילעא". די העלדין איז די צעלאָזענע קעניגין פון די אמאזאָנען, וואָס פירט אָן א זיגרייכע מלחמה אנטקעגען די גריכען און די טראָיאַנער. פאראן א גע־זעץ ביי די אמאזאָנען, אז יעדע מוז פאנגען דעם מענשען, וואָס דאַרף ווערען איהר מאַן; דערנאָך, ווען די מלחמה איז אוועק לעבט זי מיט איהם אין שלום און גליק. פּענטעזילעא האָט דערפיהלט אזא פאטאלע ליידענשאפט פאר אכילעס'ן, פּונקט ווי קעטכען פאר'ן גראף שטראל. אבער ביי פּענטעזילעא'ן ווייזט זיך ארויס די ליבע אויף אַן אנדער אופן; זי נעמט אָן די פאָרם פון גרויזאמקייט. אין יעדער שלאכט יאָגט זי זיך נאָך אכילעס'ן דורשטענדיג נאָך בלוט. אויב קעטכען ליבט ווי א הונט, ליבט פּענטעזילעא ווי א טיגערין וואָס איז אנטלאפען פון א באַקכאַנאַלי־שער פּראָצעסיע.

עס איז קלאָר, אז קלייסט האָט באַשאַנקען די אמאזאָנען קעני־גין מיט זיין אייגענעם טעמפּעראמענט. עס ארט זי גאר ניט, זי וויל גאָר ניט, נאָר אכילעס'ן, פּונקט ווי ער האָט צו קיין זאַך ניט געשטרעבט, קיין זיך ניט געוואַלט א חוץ דעם העכסטען ערען־פּלאַץ. איהר ווילדע איילעניש צו באזיגען איהר געליבטען איז פּונקט ווי זיין פארלאנג צו דערגרייכען זיין ציל מיט איין קלאַפּ, מיט זיין דראמע „ראָבערט גיסקארד". פּונקט ווי קלייסט קען זי לעבען נור דעמאָלט ווען זי זוכט דאס צו וואָס איהר נשמה רייס'ט זיך. זי זאָגט, וואס איהר מחבר וואלט געקענט זאגען: „איך וואָלט משוגע געווארען ווען איך וואָלט ניט געטון אלץ וואָס איז אין די גרענעצען פון דער מעגליכקייט".

זי האסט אכילעס'ן מיט אזא פייער ווי קלייסט האָט מסתמא אין זיינע טונקעלע שעה'ן געהאסט און געשאלטען דאס מזל וואָס

היינטיגע אזוי־גערופענע נעהיימע וויסענשאפטען. דער מענש, פונקט ווי די נאַטור וואס רינגעלט איהם ארום, איז א נביאי'שע־ היעראָגליף. אין היפּנאָטיזם, אין סאָמנאַבוליזם, אין פּאָר־געפיהל, און פאראוים־וויסען זוכט מען באוויייזען אז ס'איז פאראַן א פאָר־ אויס־באשטימטע הארמאָניע צווישען דעם לעבען פונ'ם איינצעל־ נעם און דעם גאנצען.

לויט שובערט'ס טעאָריע האָט דער מענש לכתחילה געהאַט דעם כח צו ווייזען מופתים. זיינע זינד האָבען אוועקגענומען זיין כח איבער דער נאַטור, און דערנאָך איז תמיד עפּעס טונקעל און גרויס געווען פארבונדען מיט דער מופתים פעהיגקייט, למשל מיט גריכישען אָראַקל און מיט'ן גאַנצען היידנישען כשוף. דער אלמער, נאַטירליכער כח צו באווייזען מופתים האָט אויפגעלעבט אין קריס־ טום'ן. אין זיין דעמאָנישער פאָרם האָט זיך אָט דער כח באוויזען ביי די רויזענקרייצער*) און די פריי־מויערער (די געהיימע געזעל־ שאַפט וואס האָט געשפּילט אזא וויכטיגע ראָלע אין דער פאַנטאזיע פון שובערט'ס צייט; און מען קען איהם אויך באמערקען אין אזעלכע ערשיינונגען, ווי היפּנאטיזם, וואָרזאָגעריי, א. ד. ג. אדאַם מילער שרייבט: „שובערט'ס בוך איז, דוכט מיר, דאס בעסטע וואָס די „נאַטורפילאָזאָפיע" האָט ארויסגעבראַכט; דער שרייבער איז זיכער העכער פון שעלינג'ן בנוגע געפיהל, אויפריכטיגקייט און דערהויפּט אין ע דיציע, כאָטש ער איז ניט העכער פון איהם בנוגע פּאָלעמישען און קריטישען טאלאַנט... אין שובערט'ס שריפטען געפין איך א פארגעפיהל, וואס איז גלאָריפיצירט, און דאָך געניי אין אלע פּרטים, פון א פריהערדיגער מדרגה פון מיין אנטוויקלונג, ווען מיין איינציגער פארלאנג איז געווען אז אלץ וואס איז מענש־ ליך אין מיינע דערגרייך־פעהיגקייטען זאלען עפּעס וו אויפגעלייזט ווערען אין רויך פון א זיסען ווייררויך, א קרבן צום גאָט, צו וועלכען איך דין. ווי שטארק איך האָב געוואלט פעהיג זיין זיך צו באַ־ פרייען פון נאָמען און פּערזענליכקייט און ווערען דער איבערגעגע־ בענסטער מארטירער, אָדער דער גייסטליכסטער גייסטליכער.

---

*) אַ געהיימע געזעלשאַפט פון 17טען און 18טען יאָהרהונדערט, וואָס האָט געגלויבט אין דער מעגליכקייט צו באַווייזען וואונדער, און זיך פאַרנומען מיט קבלה און עהנליכע סודות'דיגע לערעס.—איבערז.

דער קורפירשט פאראורטיילט איהם צום טויט. דער יונגער העלד טראכט וועגען דעם אורטייל ווי עפּעס א פארמאלע זאך, ווייל ער שטעלט זיך ניט פאר אז מען וועט איהם אויספירען. ווען ער דערגעהט אז מען מיינט אלץ גאנץ ערנסט, ווערט ער באהערשט פון א פלוצלונגער מורא פאר׳ן טויט, און בעט שקלאפיש מען זאָל איהם לאזען לעבען. קלייסט׳ס זשעניע ווייזט זיך ארוים אין דער שילדערונג פון די גייסטיגע פראצעסען, וואו דער פרינץ קומט ווי־דער צו זיך און פאַרערט דעם טויט ווי זיינס א רעכט. דאָ ווערט אונזער אויפמערקזאמקייט ווידער געצויגען צו דער טונקעלער זייט פון דער נשמה. דער פרינץ איז נערוועאיש, קראנק, ארייננגעטון אין זיך. אין ערשטען אַקט געהט ער ארום אין שלאָף. אין לעצ־טען — ווערט מקוים איינע פון זיינע זעהונגען. ער פארבייגט באפעלען, ניט ווי מצגליום טארקוואטום׳עס זוהן, מיט יוגענדליכער געוואגטקייט און מיליטערישען פייער, נאָר ווייל אין זיין נערווע־אישער, פאר׳חלום׳טער זעלבסט־ארייננגעטונקייט האָט ער ניט גע־הערט די פאראָרדענונגען וואָס מען האָט איהם געגעבען, און ממילא פליהט ער ווייטער אָהן א רעכענונג.

ג. ה. פאָן שובערט׳ס „די נאכט־זייט פון דער נאַטורוויסענ־שאפט” האָט קלייסט׳ן טיף פאראינטערעסירט. דאס בוך, גע־שריבען פונ׳ם פּאָפּולערסטען נאַטורפילאָזאָף פון יענער צייט, איז איינס פון די רייכסטע ווערק פון דער גאנצער פּעריאדע. די נאכט־זייט פון א פלאַנעט איז די זייט וואס איז אוועקגעדרעהט פון דער זון, און וואס בלישטשעט קוים קוים אין דער פינסטערניש מיט א ליכטיגקייט וואָס פארמאָגט ניט קיין ווארימקייט, א ליכטיגקייט אין וועלכער אלע זאכען קוקען אוים מאָדנע און לחלוטין אנדערש ווי בעת זיי געפינען זיך אין ליכט פון דער זון. שוּבערט מיינט, אז עס געלינגט איהם אין זיין „נאַטורוויסענשאפט” צו דעמאָנ־סטרירען די עקזיסטענץ פון אזא נאכט־זייט. די ערשטע העלפט פונ׳ם ווערק איז „נאַטורפילאָזאָפיע” כמעט ווי סטעפענס האָט ער פארשטאנען. „דאס איז זיכער ניט קיין פילאָזאָפיע פאר דער וועלט — זאָגט דער שרייבער — נאָר זי איז זיכער א סך עלטער פון דער וועלט און אלע איהרע פילאָזאָפיעס, און וועט א סך לענ־גער דויערן. על פי רוב איז זי אין דער זעלביגער ריכטונג ווי די

איבער־טרייסשאַפט פון א יונג מיידעל, וואס מיט איהר האָט ער זיך נעהאט באקאנט אין קערנער'ס הויז אין דרעזדען, און וועלכע איז געווארען צוגעבונדען צו איהם, און א דאנק זיין פארלאַנג איז יעדע באציהונג צווישען זיי איבערגעריסען געוואָרען. איצט איז ער מיט זיין אידעאל אוועק אינ'ם עיר מקלט פון פּאָעזיע.

פאראן א געוויסער נחת רוח און א באפרידיגונג אין דער גוט באקאנטער פראזע: „צו זעהן און ליבען איז די זעלביגע זאך, נאָכצוגעהן דעם געליבטען ביז'ן סוף פון דער וועלט, צו זיין איהם טריי מעהר ווי זיין הונט, צו געהן אין פייער און אין וואסער פאר איהם". אבער פון דעסטוועגען געהערט דאָס אלץ גיכער אין פעלד פון פאטאָלאָגיע; דאס זענען קרענקליכע סימנים. אחוץ דעם האָבען מיר אויך די ראָמאַנטישע אורזאַך פון דעם אלעם. קעטכענ'ס געוואלטיגע נערוועאישקייט ווען זי דערזעהט דעם גראף ווערט דערקלערט דורך דעם וואס ער איז פריהער איהר געקומען צו חלום, בעת זי זעהט איהם אין חלום ליגט גאָר דער גראף געפערליך קראנק אויף א טיפוס. ער ליגט אויסגעצויגען אויפ'ן בעט ווי א בר מנן, און פיהלט אויך אז ער געהט אריין אין קעטכענ'ס צימער. און ווען ער דערוויסט זיך וועגען דעם מאָדנעם צוזאמענפאל, רופט ער אויס ניט ווילענדיג מיט אויפרעגונג:

„העלפט מיר, געטער, איצט בין איך צווייענדיג,
איך בין אַ גייסט, וואָס וואַנדערט אין דער נאַכט."

דאָ געפינען מיר די ראָמאַנטישע ליבלינג אידעע „דאָפּעלגענגעריי", אין ענגער פארבינדונג מיט סאָמנאַבוליזם.

אן ענליכע ראָלע שפּילט סאָמנאַבוליזם אין „דער פּרינץ פאָן האָמבורג", קלייסט'ס בעסטע דראַמע, אפשר די בעסטע דראַמע וואָס די ראָמאַנטישע שול האָט ארויסגעבראַכט. די וויכטיגסטע פיגורען קומען דארט ארויס בולט ווי אויסגעהאַקטע פון שטיין. דער דיאַלאָג איז קרעפטיג און קלאָר; יעדעס וואָרט זאָגט עפּעס. דער יונגער קאוואַלעריע פירער באַגעהט אן אומפארגעבבאר פאר־ברעך אנטקעגען דער דיסציפּלין; ער איז דער זיגער אין א גע־שלעג וואס ער האָט פאראורזאַכט להיפוך צו זיינע אינסטרוקציעס.

פון געדיכטע וועלדער, געהעט זי, ווי א הונט נאָך די טריט פון זיין בעל בית. און זי, וואס איז געווען געוואוינט אוועקצולייגען איהר קאָפּ אויף ווייכע קישענס, וואס עס פלעגט זי ארען יעדעס פיצעל קנופּ, וואס זי האָט אומבאַמערקט ארייגעוועבט אינ'ם געוועב פון דער ציך, — איצט, ווען די נאַכט קומט אָן, שלאָפט זי אין גראַפּ'ס שטיוועלען ווי דער ערגסטער דינער, און א מידע פאַלט זי אנידער אויפ'ן שניי, וואס מען האָט אויסגעבעט פאַר די פערד.

פאַראַן א שאָטען פון אמת אין דער שילדערונג, וואָס איהר פאָטער גיט ,וועגען דעם יונגען מיידעלס אנטלויפען. דער גראַף, וואָס ווייס אז ער איז לחלוטין ניט שולדיג, פּרובירט אלע מיטלען זי אָפּצופּרעמדען. ווען ער טרעפט זי אין שטאַל אין אן אויף דער נאַכט, שטופט ער זי אוועק מיט זיין פוס, און מעהר ווי איין מאָל סטראַשעט ער זי מיט זיין הונט-בייטש. ער דערלאזט אז זי זאָל זיך מקריב זיין פאַר זיין כלה, וועלכע הייסט זי ארייגלויפען אין א ברענענדיג הויז צו ראַטעווען זיינס א מיניאַטור, און ווען זי ברענגט זי, שיקט די כלה זי צוריק נאָכ'ן קעסטעל. מיט שמחה און טיפער אונטערטעניגקייט טוט זי און פאַרטראָגט אלץ. א ראַפינירטער, נאָר שוואַכער בילד פון א באַצווינגענדיגע און ניט אָפּלאָזבארע ליידענשאַפט, וואָס העגריק הערץ גיט אונז אין זיין „הויז פון סוועג־דירינג" איז מאָרעלירט נאָך קלייסט'ס קעטכען. צוזאמען מיט פיעל שטריכען, וואָס זיינען לעכערליך און דערווידער אנטהאַלט „קעכטען פאָן היילבראָן" אזעלכעס וואס איז באמת הערליך. עס איז פשוט, אז די דאזיגע ליידענשאפט, וואָס קומט אן פלוצלונג ווי אן אַפּאָפּלעקציע אָנפאַל — וואָס, א חוץ דעם, צעשטערט זי, ווי א אידעע פיקס, יעדע אנדערע אידעע, און זייענדיג אליין א נס באַוויזט זי נסים מיט דער הילף פון א מלאָך — שטייגט אריבער די גרענעצען פונ'ם נאַטירליכען און געזונטען. דאָך איז אין איהר דאָ עפּעס פיינס. קלייסט, וואס האָט געהאט אן איינגעווארצעלטע פאַראַכטונג פאַר פראזען, האָט געשעפּט א טיפען פאַרגעניגען פון שילדערען א פרוי וואס ליבט, וואס ביי איהר איז געווען אמת און ווירקליכקייט דאס וואָס ביי אנדערע פרויען איז בלויז ווערטער. אָט אזוי האָט ער אויך געוואלט, אז זיין ווילהעלמינע זאָל איהם ליבען. און אין א שפּעטערדיגער צייט האָט ער פאַרלאַנגט אזא

משוגעת. דער חילוק צווישען די העלדען פון קלייסט'ן און אנדערע איז דאס וואס ביי זיי איז קיין זאך ניט טונקעל אדער פארמעקט; דער עיקר אייגענשאפט וואס זיינע און זייערע העלדען האבען בשותפות איז קרענקליכקייט. אין יעדער ליידענשאפט כאפט זיך אן קלייסט אן דעם שטריך וואס ווייזט ארויס א קרובה'־שאפט מיט דער אידעע פיקס אדער מיט הילפלאזער משוגעת; ער זוכט אונטער יעדען מח, מעג ער זיין ווי געזונט, ביז ער געפינט דעם קראנקען פונקט וואו ער פארלירט די קאנטראל איבער זיך: א סאמנאבוליסטישע טענדענץ, איבערוועלטענדיגע חיה'שע פארלאנגען, כראנישע פארטראכטקייט, פחדנות ווען פנים אל פנים מיט'ן טויט. נעמט אזא ליידענשאפט ווי ליבע; איהר טבע איז זיכער ניט ראציאנאל, אבער זי האט א זייט וואו מען קען זעהן אז זי איז פארבונדען מיט שכל און פארשטאנד. קלייסט שילדערט זי אלעמאל, און מיט וואונדערבארער פעהיגקייט, ווי עפעס וואס איז בטבע א קראנקייט א מאניע.

ווען קעטכען פון הייל‌בראן זעהט גראף וואלטער פאן שטראל צום ערשטען מאל, לאזט זי אראפ אלץ וואס זי טראגט: שפייז, וויין, גלעזער, און טויט בלאס, מיט פארלייגטע הענט פאלט זי צו זיינע פיס, אזוי ווי געטראפען פון א בליץ. דער גראף רעדט צו איהר א פריינדליךווארט. אט זעהט זי דורכ'ן פענסטער ווי ער זעצט זיך אויפ'ן פערד אוועקצופארען. אין איהר איילעניש איהם נאכצופאלגען שפרינגט זי פון פענסטער, דרייסיג פוס הויך, אין גאס אריין און צעברעכט ביידע פיס. קוים וואס זי קומט ארויס פון א זעקס וואכיגען פיבער, געהט זי ארויס פון בעט, נעמט צונויף א קליין פעקעל זאכען און פארלאזט איהר היים כדי צו זוכען דעם גראף און איהם נאכגעהן פון ארט צו ארט אין בלינדער טרייישאפט, געפירט „פון די שטראלען וואס לייכטען פון זיין פנים און פלעכטען זיך ארום איהר הארץ ווי א פינף־פאדעמדיגער שטריק". זי וואנדערט איהם נאך, איהרע בארוועסע פיס בלוטיגען אויף די שטיינערנע וועגען, איהר קורץ קליידעל פלאטערט אין ווינט, א שטרויענער הוט איז איהר איינציגער באשיצער אנטקעגען דער היץ פון דער זון און דעם גיסען פון רעגען. דורך בערג נעפלען, איבער וויסטע, זון־פארברענטע שליאכען, דורך דער פינסטערניש

אינגעווייד; איהר סם פאַרצערט די סאמע ביינער זיינע. ער, וואָס איז אומעטום געווען פול מיט נצחונות, דער זיגער פון דרום איטאַליען, פון רוים, פון ווענעדיש און פון גריכענלאנד, וויים, פיהלט, אז זיין סוף איז נאָהענט. א המון נאַרמאַנען באלאגערן זיין געצעלט, בעטענדיג אז ער זאל אוועקפירען זיין ארמיי פונ׳ם שרעק־ליכען לאגער פעלד, וואו זיי פיהלען אז דער פאר׳סם׳טער אטעם פון דער מגפה הויכט אין זייערע פנים׳ער. א קלאנג אז ער איז קראנק, האָט זיך שוין גענומען פארשפרייטען, אבער דערווייל דאַרף מען נאָך דעם אמת ניט ארויסטראגען; גיסקארד איז צו שטאָלץ צו דערציילען אז ער ליידט.

זיין געצעלט ווערט ויזעפענט, און דער מענש וואס אין זיין ברוסט פלאקערט א פארצערנדיג פייער, וואָס זיין האלדז איז פארטרוקענט פון אומגעשטילטען דאָרשט, און וואס זיין האנט איז אזוי שוואך אז דורך דער גאנצער נאכט האָט ער זי ניט געקענט אויפהייבען, — קומט ארויס גלייך און שטאָלץ, און ווייזט זיך פאר׳ן עולם. ער זעהט אויס אזוי שטארק און לעבעדיג און זעלבסט־באהערשט, אז אפילו די וואס זענען פריהער געווען זיכער אינ׳ם ערגסטען, ווייסען שוין מעהר ניט וואָס צו גלויבען.

און עס ליגט א טיפער מיין און א הערליכקייט אין אָט דער אויפפאסונג קלייסט׳ס. דער דאָזיגער גיסקארד, וואס שטעהט דאָרט גלייך, אָהן א ציטער, בעת א שטערבליכע קראנקייט פרעסט זיין לעבען, ווער איז ער אויב ניט קלייסט אליין, זיין גאנץ אומ־גליקליך לעבען? ער אליין איז דער גרויסער גאון, וואס א מגפה אין איהם און אין דרויסען צעשטערט זיינע פלענער.

קלייסט האָט באלד רעזיגנירט פון זיין רעגירונג שטעלע און זיך אומגעקערט צו זיין ליטערארישען בארוף. עס איז זעהר אינ־טערעסאנט צו באמערקען די דראמאטישע העלדען, וועלכע ווערען איצט ארויסגעבראכט פון א מענשען, וואס איז אין דער אמת׳ן פול מיט פראדוקטיווער ענערגיע. אונזער שטודיום איבער די פסיכאָ־לאָגישע אייגענטימליכקייטען און טעאריעס פון די ראמאנטיקער האָט אונז געוויזען ווי זייער נייגונג צו צעשפאלטען די פערזענליכ־קייט האָט זיי געפירט ספעציעל אונטערצושטרייכען אלץ וואָס האָט א צעטיילענדיגע ווירקונג — חלומות, האלוצינאציעס און

האָט איהם אָפּגעזאָגט. א באַקאַנטער, וועמען ער האָט צופעליג גע־טראָפען, האָט געמאַכט מעגליך אז ער זאָל זיך אומקערן קיין דייטשלאַנד, וואו, נאָך א סך טרויעריגע צופאַלען און אנטוישונגען, האָט ער באַקומען א קליינע רעגירונג שטעלע אין קעניגסבערג.

קלייסט האָט געלאָזט וויסען זיין כונה צו קאָנקורירען מיט געטע'ן. „איך וועל אראָפּרייסען דעם קראַנץ פון זיין שטערן“, איז יונגערהייט געווען די לאַסט פון זיין גלויבען און זיינע טרוימען. עס קלינגט ווי אַן אויסדרוק פון א משוגענעם. און דאָך, בעת מיר לייענען דעם איינציגען פראַגמענט וואָס איז אונז געבליבען פון דער קיינמאָל־ניט־פאַרענדיגטער דראַמע „גיסקארד“, ווערען מיר נשתומם. עס איז פונקט אזוי ווייניג געווען אין זיינע כחות, ווי אין די כחות פון אַנדערע, אראָפּצונעמען דעם גרען־קרוין פון'ם גאונ'ס קאָפּ, וואָס זיין גייסט באַהערשט צוויי יאָרהונדערטען; אָבער דער אמת איז, אז דער פראַגמענט וואָס מיר באַזיצען קען זיך פאַר־גלייכען מיט ביעל פון'ם בעסטען וואָס געטע האָט געשאַפען.

קלייסט האָט אויסגענוצט זיין פאַנטאַזיע צו מאָלען א גרוי־סען מענשען, א גרויסען פירער; און עס געלינגט איהם גלייך צו מאַכען אויף אונז אַן איינדרוק מיט דער גרויסקייט פונ'ם העלד, ווייזענדיג וויפיעל עס הענגט אָפּ פון איהם, פון זיין לעבען, ווי טויזענטער און טויזענטער קוקען אויף איהם אלס זייער פירער און איינציגען גואל.

דער גרויסער געוואַגטער רייזענדער, ראָבערט גיסקארד, דער זוהן פון טאַנקערד דע אָטוויל, געפינט זיך מיט זיין ארמיי ביי קאָנסטאַנטינאָפּאָל, די שטאָט וואָס ער האָט א נדר געטון זי צו נעמען און צו האַלטען. אבער דאָס מזל איז אנטקעגען איהם; א מגפה האָט זיך אריינגעכאַפּט אין זיין לאַגער און מאַכט אַן א שרעקליכען חורבן.

קלייסטען אליין האָט באַגעגענט פונקט אזא געוואַלטיג אומ־גליק אויפ'ן וועג פון נצחון וואָס זיין פאַנטאַזיע האָט איהם אויס־געמאָלט; און זיין שילדערונג פון א העלד וואָס ראַנגעלט זיך מיט זיין מעכטיגען גורל, וועלכען ער האָט לאַנג געטראָגען באַוואוסט־זיניג אין זיך, איז גרויסאַרטיג. וואָרים גיסקאַארד אליין איז אַנגע־גריפען פון דער מגפה; די מסוכנ'דיגע קראַנקייט ברענט אין זיין

האָט איהם באַלד ווידער צערודערט. ער איז געפאָרען צום ערשטען קיין לייפּציג, און דערנאָך קיין דרעזדען. אין דרעזדען האָט ער פאַר־געשלאָגען אַ מיידעל, וואָס האָט זיך געפיהלט אומגליקליך צוליב אַן אויסגעדרוקטער גלייכגילטיגקייט מצד איהר געליבטען (אַ פאַרשלאַג וואָס ער האָט שפּעטער איבערגע'חזר'ט צי פריינד פון ביידע גע־שלעכטער), אַז ער זאָל נעמען אַ פּיסטאָלעט און שיסען זי און זיך. אַ ביסעל שפּעטער האָט ער אַן ענליכע זאַך פאָרגעשלאָגען זיין גע־טרייען פריינד פאָן פּפועל. פּפועל איז געקומען צום שלום אַז רייזען וואָלט געווען די זאַמע בעסטע זאַך פאַר קלייסט'ן און זיין טראַ־געדיע. קלייסט האָט זיך מיט חשק אָנגעכאַפּט אַן דער אידעע. אַ קורצע צייט איידער ער איז אַוועק אין דער שווייץ האָט ער דער־האַלטען אַ בריף פון ווילאַנד'ן, וואָס האָט איהם געגעבען פרישען מוט און איז אַ לאַנגע צייט געווען זיין גרעסטע טרייסט. ווילאַנד האָט געשריבען אַז עס איז איהם אוממעגליך צו גלויבען אַז עפּעס אַן אויסערליכע שטערונג זאָל קלייסט'ן קענען אָפּהאַלטען פון פאַר־ענדיגען זיין מייסטערווערק: „פאַר דער הייליגער מוזע וואָס באַ־גייסטערט אייך איז קיין זאַך ניט אוממעגליך. איהר מוזט פאַרענ־דיגען אייער „גיסקאַרד", יאָ, אפילו ווען גאַנץ קאַווקאַז זאָל זיך אַוועקלייגען אויף אייך."

בעת זיינע רייזעס אין דער שווייץ און צפון איטאַליען, וואָס האָבען פאַרנומען דעם זומער און הערבסט פון 1803, האָט קלייסט גאָרניט געשריבען. ער האָט זיך מיאש געווען אין דער גענוגקייט פון זיינע כחות, און געקומען צום שלום, אַז ער פאַרמאַגט בלויז אַ „האַלבען טאַלאַנט", און ער האָט דערווייל אויפגעגעבען יעדען גע־דאַנק וועגען ליטעראַרישער אַרבייט. זייענדיג תמיד געפּייניגט פון געדאַנקען וועגען טויט, איז ער געפאָרען קיין פּאַריז דורך ליאָן. דאָרט האָט ער פאַרברענט „גיסקאַרד" און אַלע זיינע פּאַפּירען, און באַשלאָסען אַריינצוטרעטען אין דער פראַנצויזישער אַרמיי (אַ פּאָלק וואָס ער האָט געהאַסט) און זיך באַטייליגען אין דער גרוי־סער עקספּעדיציע וואָס האָט זיך געגרייט אין בולאָן, אין דער טיפער הן פּינגנוג אַז די אונטערנעמונג וועט דורכפאַלען און אַז ער און די גאַנצע אַרמיי וועלען ליגען אין זייערע קברים אין ענגלאַנד. ער האָט פּרובירט זיך פאַרשרייבען ווי אַ פּשוט'ער סאָלדאַט, נאָר מען

צו אַלע חושים... אַ, בלויז איין טראָפּען פאַרגעסליכקייט ! דעמאָלט וואָלט איך מיט שמחה געוואָרען אַ קאַטאָליק."

כאָטש ער איז מנצח די דאָזיגע פאַנטאַזיעס, איז ער אָבער אומפעהיג זיך צו צווינגען צו ווערען טעטיג נאָך דעם ווי ער האָט אַנטדעקט אַז דעם אמת קען מען אויף דער ערד ניט געפינען. כדי צו מאַכען אַ סוף צו אָט דער פיינליכער צעלאָזענקייט באַשליסט ער, כאָטש ניט האָבענדיג אין זין קיין ספּעציעלען צוועק, צו פאָרען קיין פּאַריז. זיינע בריף פון פּאַריז ווייזען ווי פּרוכטלאָז עס איז אָט דער נייער פאַרזוך אויסצוגעפינען זיין אמת'ן באַרוף אין לעבען. ער צערייסט זיינע תנאים, ווייל זיין כלה וויל ניט בלינד און גע־האָרכזאַם פאָרען מיט איהם אין דער שווייץ דאָרט צו פירען אַ לע־בען פון אַ פּויערס אַ ווייב. זיין שטאָלץ דערלויבט איהם ניט זיך אומצוקערען אין זיין געבורט שטאָט איידער ער האָט עפּעס אויפ־געטאָן אין אויספירען זיינע אַמביציעזע פּלענער. ער פאָרט קיין ווייםאַר מיט דער כונה דאָרט צו פאַרענדיגען „ראָבערט גיסקאַרד", געפינט זיך אָפּט אין ווילאַנד'ס געזעלשאַפט און באַזעצט זיך ענד־ליך אין זיין הויז.. דעם אַלטענס גוטסקייט און זיין טאָכטער'ס שטילע איידעלקייט האַלטען איהם דאָרט אַ־יף, אָבער ער בלייבט אַ צוריקגעהאַלטענער און אַ פאַרטראַכטער. ענדליך איז ער זיך מודה פאַר'ן ליבליכען, סימפּאַטישען אַלטען פּאָעט אַז ער אַרבייט אויף אַ טראַגעדיע, אָבער אַז זיין אידעאַל איז אַזוי הויך אַז דערווייל איז פאַר איהם נאָך אוממעגליך איבערצוגעבען זיין אויפפאַסונג אויף פּאַפּיר.

אין אַ געוויסען נאָכמיטאָג האָט ווילאַנד אויסגענוצט אַ גינס־טיגע געלעגענהייט און איבערגערעדט זיין גאַסט איבערצוזאָגען פון זכרון געוויסע טיילען פון די הויפּט סצענעס. דעם אַלטען דיכטער'ס באַוואונדערונג איז געווען אָהן אַ גרענעץ; ער האָט באַהויפּטעט אַז אויב עס וואָלט מעגליך געווען אַז די גייסטער פון עסכילוס, סאָ־פאָקל און שעקספּיר זאָלען זיך פאַראייניגען צו שאַפען אַ טראַגעדיע, וואָלט זי געווען אַזאַ ווי „ראָבערט גיסקאַרד" בתנאי אַז די גאַנצע זאַך זאָל אויספירען דעם צוזאָג פון די טיילען וואָס ער האָט גע־הערט.

קלייסט'ס שמחה איז געווען גרויס, אָבער קורץ. דאָס לעבען

זיינע כחות זיינען נאָך אַלץ ניט געווען פּאַסיג צו שאַפן אַ פּאָלקאָמען ווערק, און ער איז געווען געצוואונגען אָוועקצולייגען די טראַגעדיע אין אַ זייט.

נאָך דער אַנטוישונג פון׳ם ראָזיגען פאַרזוך האָט ער זיך גענו־מען צו פילאָזאָפיע. זיין פאַרלאַנג איז געווען ניט צו געפינען אַן אמת, נאָר ד ע ם א מ ת. מיט׳ן נאַאיווען גלויבען פון אַן עקסטערן האָט ער געהאָפט גלייך צו אַנטדעקען דעם גאַנצען, פולען אמת וואָס וועט פירען סיי אין לעבען סיי אין טויט.

די פילאָזאָפיע וואָס ער האָט זיך גענומען שטודירען איז גע־ווען קאַנט׳ס, און דער איינדרוק וואָס זי האָט אויף איהם געלאָזען האָט איהם זעהר נידערגעשלאָגען. ער האָט זיך געריכט צו געפי־נען אַ רעליגיע אין דער פילאָזאָפיע, און קאַנט׳ס „דערקענטעניש טעאָריע" האָט איהם געלערנט אַז מיר קענען ניט דערגרייכען דעם אמת, קענען קיינמאָל ניט וויסען וואָס זאַכען זענען אין זיך אַליין, מיר זעהען זיי בלויז אַזוי ווי אונזערע אָרגאַנען ווייזען זיי אונז, ד. ה. דער וואָס טראָגט גרינע ברילען זעהט גרינע זאַכען, דער וואָס טראָגט רויטע ברילען זעהט רויטע. ווען ער האָט איינגעזעהן, אַז מען קען ניט וויסען דעם אמת, אַזוי ווי ער האָט זיך איהם פאָרגע־שטעלט, האָט זיך דעם יונגענמאַן אויסגעוויזען אַז זיין העכסטער, זיין איינציגער ציל איז פאַרשוואונדען פון איהם.

אין אַט דעם צושטאַנד פון גייסטיגער דעזאָרגאַניזאַציע האָט ער, ווי אַנדערע ראָמאַנטיקער, געפיהלט אַ נייגונג צו זוכען אַ שטיץ פונקט אין אַ סיסטעם פון דאָגמאַס פון אָרטאָדאָקסישען פּראָטעס־טאַנטיזם אָדער פון דער עלטערער און מעהר אָנגעזעהענערער קאַ־טוילישער קירך. פון דרעזדען שרייבט ער: „קיין זאַך האָט ניט געקענט זיין בעסער אויסגערעכענט אָוועקצוציען מיך פון דער מע־לאַנכאָלישער וועלט פון דער וויסענשאַפט ווי די קונסט אוצרות וואָס מען האָט אין דער שטאָט צונויפגעזאַמעלט... אָבער אין ערגיץ בין איך ניט געווען אַזוי טיף גערירט ווי אין דער קאַטוילישער קירך וואו די געטליכסטע מוזיק פאַראייניגט זיך מיט די אַנדערע קונסטען צו רירען דאָס הארץ. אונזערע רעליגיעזע צערעמאָניעס קענען זיך לחלוטין דערמיט ניט פאַרגלייכען; זיי אַפּעלירען בלויז צום קאַלטען פאַרשטאַנד, אָבער אַ קאַטוילישער יום טוב אַפּעלירט

און אין די קלאַסיקער, לעבענדיג, ניט קוקענדיג אויף זיין יוגענד, זעהר א ריין לעבען, זייענדיג אין גאַנצען פאַרנומען מיט זיינע אייגענע, פלייסיגע אינטראָספּעקטיווע געדאַנקען. — אויף אַן אומגעלומפּערטען, פּעדאַנטישען אופן האָט ער פּרובירט לערנען זיין שוועסטער, און אַנטוויקלען זיין כלה'ס מח, אז זי זאָל איהם קענען גוט פאַרשטעהן. אין א יאָר ארום האָט ער פאַרלאָזען פראַנקפורט ווייטער צו שטודירען אין בערלין. אין זיין פריהער יוגענד האָט ער באַקומען די שרעקליכע נייגונג איינצושטעלען אלץ אויף דער קאָרט. זיין ביאָגראַפער, ווילבראַנט, האָט טרעפליך פאַרגליכען זיין כאַראַקטער מיט ווערטער'ס. ער האָט פאַרמאָגט ווערטער'ס טרויעריגע אומצופרידענהייט און צינישע צוריקגעהאַלטענקייט, זיין לעבעדיגע פאַנטאַזיע, זיין געוואוינהייט צו זיין פאַרמראַכט, נאָכצודענקען, און אָפּצושטעלען זיך אויף אלץ וואָס איז פיינליך, זיין איבערשוימענדיגע אויסברוכען פון געפיהל.

קלייסט אַליין האָט גאַנץ גוט געוואוסט אז זיין בארוף איז א פּאָעטישער, נאָך לאַנג איידער ער האָט געוואַגט אַנצוטרויען דעם געדאַנק צו זיינע פריינד; ער האָט זיי פאַרלאָזט, ער האָט זיך אָפּגעזונדערט, ביז ער איז געוועזן זיכער אין זיינע כחות. ווען ער האָט צום ערשטען מאָל דערפיהלט, אז דער פּלאַן פון א ווערק פאַרמירט זיך אין זיין קאָפּ, האָט זיך איהם אויסגעוויזען אזוי ווי „עפּעס אַן ערדיש גליק" וואָלט שמייכלענדיג געוואונקען צו איהם. זייענדיג פול מיט אימפּעט און געוואַגטקייט, האָט ער זיך גלייך געריכט צו שאַפען א מייסטערווערק. דער פאַרזוך פון'ם אומרייפען אָנפאַנגער האָט זיך ניט גוט אויסגעלאָזען. ווען ער האָט, אין א יאָר ארום, געפּלאָנעוועט „ראָבערט גיסקארד", די טראַגעדיע וואָס האָט פאַרנעמען זיינע געדאַנקען די גאַנצע ווייטערדיגע צייט פון זיין יוגענד, האָט ער געהאַט די קלאָרע כונה איבערצושטייגען געטע'ס און שילער'ס קלאַסישע ווערק „מיט דער הילף פון א נייעם קונסט פּרינציפּ". אין זיין קונסט האָט געדאַרפט פאַרקומען א פאַראייניגונג פון עסכילוס, שעקספּיר און די בעסטע אייגענשאַפטען פון אַלטערטום און פון דער רענעסאַנס, דער יחוס פון שעהנקייט האָט געזאָלט קאָמבינירט ווערען מיט'ן אמת פון דער נאַטור, און א פיינער סטיל מיט עקסטרעמער טראַגישער שרעק.

מאַנטישע טענדענץ האָט געקענט מאַכען פון אַ מערימיי. מיר ווע־לען זעהן ווי די פּאָעטישע משוגעת פונ׳ם ראָמאַנטיזם האָט אריינ־געבראַכט אַ שטערונג און אַן אומעגדערונג אין דער קלאָרקייט און באַשטימטקייט, וואָס זענען געווען די נאַטירליכע אייגענשאַפטען פון זיין זשעני.

דרייסיג טריט פון דער וואַנזייע, אַ קליינע אָזערע לעבען בער־לין, און פופציג פון דער קרעטשמע אויף יענעם שליאַך, שטעהט אַ מצבה אויף וועלכער עס איז אויפגעשריבען „היינריך פאָן קלייסט."

דעם 20טען נאָוועמבער 1811, אין עלטער פון פיר און דרייסיג יאָר, האָט אויף דעם דאָזיגען אָרט דער גרעסטער דייטשישער פּאָעט פון אינגערן דור פון יענער צייט, געשאָסען צום ערשט די פרוי, וועלכע ער האָט געליבט און דערנאָך זיך, און ניט פאַרפעלט אין ציל. אַ לאַנגע צייט האָט מען געגלויבט אַז בלויז אַ שטילע, אייס־געדעכענטע פריינדשאַפט האָט זיי פאַרבונדען. אָבער ווען זייער קאָרעספּאָנדענץ איז ערשינען, אין 1873, האָט איהר קרענקליכע ליידענשאַפט באַוויזען אַז בייביידען איז געווען אַן אומגעוויינליך שטאַרק געפיהל, און אַז ביידענס שכל איז געווען ניט מיט אַלעמען. קלייסט אַדרעסירט זיין געליבטע, פרוי הענריעטע פאָגעל אין אַזעל־כע ווערטער ווי: „מיין צירונג, מיין אַלץ, מיין שלאָס, לאַנד, לאַנקע, און וויין גאָרטען, זון פון מיין לעבען, מיין חתונה, טויפונג פון מיינע קינדער, מיין טראַגעדיע, מיין רום, מיין היטענדיגער מלאך, מיין כרוב, מיין פייערדיגער מלאך". און זי ענטפערט: „מיין פאַרטיידי־גונג, מיין היטער, מיין שווערד, מיין שפּיז, מיין שוץ, מיין שילד", און אַז. וו.

היינריך פאָן קלייסט שטאַמט פון אַן אדעליגער פאַמיליע אַ קינד פון אַ פּרייסישער מיליטערישער משפחה, וואָס האָט נאָך אין אכצעהנטען יאָרהונדערט אַרויסגעבראַכט אַ פּאָעט. היינריך האָט איבערגעלעבט איין מיליטערישע אונטערנעמונג, אַלס יונגער סיגנאַליסט, און דאָס מיליטערישע לעבען איז איהם געוואָרען נמאס, און אַ טונקעל באַוואוסטזיין וועגען זיינע אומגעוויינליכע כחות האָט איהם געטריבען צו שטודירען. אין 1799 האָט ער זיך פאַרשריבען אינ׳ם אוניווערזיטעט פון זיין שטאָט, פראַנקפורט אַן דער אָדער, און ער איז באַלד געוואָרען אַ מתמיד אין פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק

זאָגט: „ווי שרעקליך איז מיין פאַרלאַנג נאָך זיין פלייש! אָט פיהל איך ווי דער זאַפטיגער ביסען קייקעלט זיך צווישען צונג און גו־מען"... אָט געה ער שוין באַגעהן דאָס פאַרברעך, נאָר דאָס קינד שרייט אויס: „פאָטער, אָ, פאָטער!" און גלייך פאַרטיפט זיך דער זקן אין זיין בוך.

כמעט אין דערמיט פיעסע, בעת א רעליגיעזער צערעמאָניע וואָס ווערט אָפּגעהאַלטען פון די ריטער פון הייליגען קבר, ווערט פלוצלונג געמאכט אן אטאקע אויף די ראָמאַנטיקער וואָס זייער פיעטעט איז אויפריכטיג. א רייזענדער זאָגט: „איך וועל אויס־לייזען דעם הייליגען קבר פון די הענט פון די טערקען". איינער פון'ם שרייבער'ס באַליבטע העלדען ענטפערט אָפּ: „צום ערשט טו עס, און דערנאָך רעד דערפון". דערויף קומט די אומגלויבליך אומ־דראַמאַטישע פאַרענטעטישע באַמערקונג: „דער רייזענדער אנט־לויפט פאַרשעמט; ער געהט אין דער ברייטער וועלט אריין און נעמט זיך אָן פאַר'ן קריסטענטום אין טויזענטער ווערטער. אָבער זיינע ווערטער האָבען ניט דעם כח פון אייביגען לעבען, ווייל זיין לעבען איז ווערטער אָהן מעשים. פון איהם קומען ארויס אַלע נייע, פּאָעטישע קריסטען, איך מיין די, וואָס זענען קריסטען בלויז אין זייערע לידער". ווען עס קומט אזוי ווייט אז דעם שרייבער'ס „איך" ערשיינט אין א פאַראַנטעז אין מיטען אַ פיעסע, מעגען מיר אָננע־מען אז די דראַמאַטישע פאָרם עקזיסטירט כמעט ניט. אפילו טיק און האָפמאַן זענען קיינמאָל אזוי ווייט ניט געגאַנגען.

דער דייטשישער ראָמאַנטיזם האָט ארויסגעבראַכט צוויי אמת'ע דראַמאַטורגען: צאַכאַריאַז ווערנער און היינריך פאָן קלייסט. צווישען זיי איז דער לעצטער אומפאַרגלייכליך גרעסער; זיין פּאָעטישע באַגאַבטקייט איז באמת אַזוי גרויס, אז מען קען איהם אָהן קווענקלענישען אָפּגעבען דעם העכסטען פּלאַץ צווישען די פּאָעטען פון זיין שול. ער האָט א קלאָרען, פּלאַסטישערן סטיל ווי יעדער פון זיי, און זיין פּאַטאָס געפינט מען ניט אפילו ביי געטע'ן. זיינע בעסטע ווערק זענען פול מיט נשמה, הארץ ברענגענ־דיגער ליידענשאַפט, און דאָך איז דער סטיל פשוט און קלאָר. קלייסט איז דייטשלאַנד'ס מערימיי; און אונטערזוכענדיג זיינע כאַראַקטער שטריכען וועלען מיר איינזעהן וואָס די דייטשישע ראָ־

„געליבטע, דו צעלעבערסט מיין הארץ
ערגער איז דאָס פון גהינום וועת."

גלייך דערנאָך נעמט דער קברן אראָפּ די מאַסקע און אַנטפּלעקט זיך אַלס דער טייוועל און טראָגט אַוועק צעלינדע'ס אויסגעלאַסענע מוטער, אַז זי זאָל ווערען זיין כלה.

אין אַן אַנדער סצענע האַלט צעלינדע ביים האָבען אַ קינד אין אַ באַרג־הייל. אַ שטאָרך ערשיינט אויף דער בינע מיט אַ קינד אין זיין שנאָבעל און פליהט אריין אין דער הייל. דערנאָך קומט אַ גאַנצע מחנה שטאָרכען, וואָס פליהען צו דרום צו און זינגען:

''Hast du schwer am kind getragen,
Musst sie mit den Flugeln schlagen,
Hast du mussen lange reisen,
Musst sie mit dem Schuabel beissen.'' etc. *)

דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען טויט, און די אָרימע מוטער איז פאַרצווייפעלט. דעם דאָזיגען פאַקט טיילט אונז אויך מיט אַ שטאָרך:

In meiner Wut
In der Reiseglut
Hab ich das Kind erdruckt.'' etc., etc. **)

גלייך נאָך דעם קומען כלומר'שט פּאַטעטישע, אָבער אין דער אמת'ן ווידערדיגע שרעקליכע סצענעס, ווי די וואָס רופט זיך „דער נסיון אין דער מדבר", וואו אחשור, דער „וואַנדערער איד", וואָס הונגערט, זוכט בייצושטעהן דעם נסיון אויפצועסען אַ אינגעל, וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט איהם געראַטעוועט פון אַ שיפבּרוך. אחשור

*) „איז שווער געוועזן דיר ס'קינד צו טראָגען,
דאַרפסטו זי מיט די פליגעל שלאָגען,
האָט לאַנג גענומען דיר דאָס פליהען,
דאַרפסטו זי מיט'ן שנאָבעל בייסען" א. אַ. וו.

**) „אין מיין צאָרן
אין דער אויפרעגונג פון מיין רייזע
האָב איך דאָס קינד דערדריקט" א. אַ. וו.

מענשליכע באַשעפענישען און ווירקליכער האַנדלונג. דער גאַנג פון געשעהענישען ווערט אַנגעצייכענט דורך מאָדנע פאָרגעפיהלען און אומפעלבאַרע פאָראויסזעהונגען.

פאַראַן אַ געוויסע ענליכקייט צווישען ברענטאַנאָ'ס דראַמאַטיזירען סלאַוואַנישע לעגענדעס אין זיין פּיעסע און דעם אופן ווי דער פּוילישער ראָמאַנטיקער, סלאָוואַצקי, באַהאַנדעלט ענליכע טעמעס (למשל אין „לילאַ ווענעדאַ"). ביידע האָבען, פון רויהע מיטלען און טראַדיציעס, געשאַפען בילדער פון סלאַוואַנישען הייַדענטום, וואָס ווייזען אַרויס אַ געוויסען אינטואיטיווען טאַלאַנט. דער אמת איז אַז די ראָמאַנטישע שרייבער פון אַלע לענדער האָבען געהאַט אַ שאַרפערן זין פאַר'ן רעליגיעזען מיסטיציזם איידער פאַר'ן דראַמאַטישען אמת און דראַמאַטישען עפעקט. מען זאָגט אַז ברענטאַנאָ'ס פּיעסע האָט טאַקע באַאיינפלוסט די מיטאָלאָגישע טעאָריעס פון זיינע צייט חברים, די ברידער גרים.

ארנים'ס „האַלע אין ירושלים" די „טראַגעדיע אין צוויי קאָמעדיעס", ווי ער אַליין האָט זי גערופען, וואו די לעגענדע פון'ם „וואַנדער איד" איז דורכגעפלאָכטען מיט דער מעשה פון קאַרדעניאָ'ן און צעלינדע'ן, איז איינס פון די נודנעסטע ווערק פון דייטשישען ראָמאַנטיזם. עס איז אַ דראַמע צו לייענען, פון פיר הונדערט גרויסע זייטען אין אָקטאַוו פאָרמאַט, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ קאָמעדיע פון אַ צעלאָזענעם סטודענט אין האַלע און אַנטוויקעלט זיך אין אַ מיסטעריע פון אַן עולה רגל אין ירושלים. די מעשה דרעהט זיך אַרום דער מיטעלאַלטערליכער אידעע אַז דאָס „הייליגע קבר" איז דער צענטער פון דער וועלט, און זי ענדיגט זיך דערמיט וואָס עס באַווייזען זיך דריי פייערדיגע צלמ'ען איבער די קברים פון די דריי הויפט העלדען.

אין איינער פון די סצענעס פּרובירט צעלינדע, אין חושך פון דער נאַכט, אַרויסצושניידען דאָס האַרץ פון דער ברוסט פון איהר טויטען געליבטען, כדי זי זאָל מיט זיין הילף קענען אויספירען געוויסע מאַגישע צערעמאָניעס דורך וועלכע זי וועט זיך פאַרזיכערן מיט'ן האַרץ פון איהר לעבעדיגען געליבטען. דער טויטער הייבט זיך אויף אין זיין אָרון, מיט אַ בלוט-טריפענדיגער ברוסט, און באַקלאָגט זיך אויף איהר באַהאַנדלונג אין אַזעלכע פערזען ווי:

Weil Du ihn darfst so platzlich schaun,
Das ist der Vater, unser Alter,
Heisst Pan, von Allem der Erhalter.'' *)

און טיק האט באטראכט און פארשטאנען די מענשליכע נא־טור פונקט ווי ער האט באטראכט און פארשטאנען דעם וואלד און דעם בארג. שילדערנדיג האט ער פארטרונקען יעדע באשטימטקייט און יעדען כאראקטער אין א מבול פון מיסטישען פאנטעאיזם. און אט דער מיסטישער פאנטעאיזם אין זיינע פיעסעס גרייט צו דעם וועג פאר'ן קריסטליכען מיסטיציזם, מיט וואס די ראמאנטישע דראמע צייכענט זיך אויס.

מען קען זיך קוים רעכענען מיט ארנים'ען און ברענטאנא'ן ווי מיט דראמאטורגען. דער לעצטער פרעטענדירט אין זיין קאמעדיע „פאנטיי דע לעאן", — וואו דער דיאלאג איז איבערפול מיט ווער־טער שפילען — צו זיין שעקספיר'ס א תלמיד, וואס איהם איז גע־לונגען בלויז צו אימיטירען די געמאכטקייט פון'ם רבינ'ס שטיל אין דער יוגענד. אין זיין גרויסער ראמאנטישער דראמע„ ווי פראג איז געגרינדעט געווארען", גיט ער אונז צויבעריי און נסים, זעהונ־גען און נביאות, מאגישע רינגען און חרמות אנשטאט ווירקליכע

*) וואס כ'האב פאר וואלד און פעלז געהאלטען,
פאר לאנקע, בערג און אפגרונטען,
איז בלויז איין גרויסער קאפ געווען.
מיט וואלד באקראנצט שטאט האר און בארד,
שטיל לאכט ער, וואס די קינדער זיינע
זיך פיהלען גליקליך אין דער שפיל.
ער הינקט, שווימט אויף א מורא'דיגער טומעל
אין ווייגען גערויש פון וואלד,
דאן פאל איך אויף די קניה אנידער,
מיר ציטערן פון שרעק די גלידער,
איך זאג צום קינד נאר בלויז דאס ווארט:
וואס איז עס, זאג, דאס גרויסע דארט?
דאס קינד זאגט: ס'פאלט אויף דיר זיין שרעק
ווייל דו האסט פלוצלונג איהם דערזעהן.
דאס איז דאך אונזער אלטער פאטער,
פאן הויסט ער, ער היט אונז אלע אפ.

„עס טרייבט מיך ניט קיין רעליגיעז געפיהל,
נאָר טיפע ליבע צו די אַלטע צייטען,
דער וועהטאָג וואָס מיר זייגען איצט אַזוי
צו יענע גרויסע גלויבער וויינינ ענליך.״

דער הויפּט מענליכער העלד פון דער דראַמע, דער וויינענדיגער, קלאָגענדיגער אינטריגאַנט גאַלאָ, איז ווידער אַמאָל וויליאַם לאַוועל, און אַ וויליאַם וואָס איז אויף אַ האָר ניט אויסגעבעסערט דורך דעם וואָס ער איז אָנגעטאָן ווי אַ דראַמאַט־שע פיגור אין אַ מיטעל אַלטערליכער טראַגעדיע.

„אָקטאַוויאַנוס“, וואָס זיין אַלעגאָרישער סטיל איז שטאַרק באאיינפלוסט געוואָרען פון „היינריך פאָן אָפטערדינגען“ איז, אויב מעגליך, נאָך מעהר אָהן פאָרם אין צוזאַמענהאַנג ווי „גענאָוועוואַ“. „אָקטאַוויאַנוס“ קוקט אויס ניט צו זיין ענליך צו קיין זאַך אַזוי שטאַרק ווי צו אַ גרויסאַרטיגער קאָלעקציע מוסטערן פון פאַרשידענע סאָרטען מעטערס, דרום אייראָפּעאישע אַזוי גוט ווי צפון׳דיגע, און איז אין דער אמת׳ן אַ מיד־מאַכענדיגע רייה פאָרזיכטיג אויסגעאַרבייטע באַשרייבונגען פון געמאַכטע איינדריקען און ארויסגערופענע שטימונגען פון דער נאַטור.

אינ׳ם אריינפיר צו „פאַנטאַזוס“ האָט טיק אליין געשילדערט ווי אלע באַשטימטע איינדרוקען פון דער צרומינער וועלט מישען זיך צונויף אין זיין מח אין אַ מין מיסטישען פאַנאַטיזם: —

Was ich fur Grott' und Berg gehalten,
Fur Wald und Flur und Felsgestalten,
Das war ein einzigs grosses Haupt
Statt Haar und Bart mit Wald umblaubt.
Still lachelt er, dass seine Kind
In spielen glucklich vor ihm sind
Er winkt und ahndungsvolles Brausen.
Wagt her in Waldes heilgen Sausen.
Da fiel ich auf die Kniee nieder
Mir zitterten in August die Glieder.
Ich sprach zum Kleinen nur das Wort:
Sag an, was ist das Grosse dort?
Der Kleine sprach: Dich fasst sein Graun,

איהם פאַרפירט אין אַ לירישֿ־עפּישער פאָרמלאָזינקייט וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער ליטעראַטור געשיכטע. עס וואָלט געווען שווער צו געפינען דראַמאַטישע ווערק מיט ווייניגער פּלאַן און סטיל. דער שרייבער פאַרשווענדט זיין גאַנצע זאָרג אויף דעם וואָס ער רופט, דער „קלימאַט“ פון די געשעהענישען, זייער אַטמאָ־ספּערע און ריח, טאָן און קאָליר, אויף דער שטימונג וואָס זיי רופען אַרויס, דעם שאָטען וואָס זיי וואַרפען, דעם ליכט אין וועלכען מען זעהט זיי, וואָס איז תמיד דאָס ליכט פון דער לבנה. אין זיינע מיטעל־אַלטערליכע העלדען לעבען גייסטער, וואָס דער שטודיום פון אַלטע לעגענדעס האָט אַריינגעבראַכט אין איהם אַליין. אַ מין רעליגיעזער איינדרוק האָט אַריינגעפירט די דאָזיגע טענדענץ אין זיין שאַפען. שלייערמאַכער׳ס „רעדעס איבער רעליגיע“ האָט געהאַט אַ טיפען איינפלוס אויף איהם. ער האָט גענומען לייענען יאַקאָב בעמע׳ס „באַגינען“ (Morgenrothe) זיך ריכטענדיג דאָרט צו געפינען אַן אמתן גאָלד־גרוב מיט אַבסורדען, און פון אַ חוזק מאַכער איז ער געוואָרען אַן ענטוזיאַסטישער תלמיד. אין דער זעלביגער צייט האָט ער אויך באַגעגענט נאָוואַליס׳ן און איז אַרונטער אונטער זיין איינפלוס.

פון דעסטוועגען, בעת מיר לייענען „גענאָוועוואַ“ אויפמערק־זאַם, געפינען מיר גלייך אויס, וואָס טיק אַליין גיט צו, אַז די רע־ליגיע פון אָט דעם ווערק, דאָס פרומע געפיהל וואָס האָט עס גע־דאַרפט געבען אַן אַרטיסטישע איינהייטליכקייט, איז בלויז די ראָ־מאַנטישע בענקשאַפט נאָך רעליגיע. אין דער דראַמע קען מען גע־פינען אַ סך סימנים פון דער דאָזיגער בענקשאַפט. די אַלטע ציי־טען, די גלויבענספולע צייטען, ווערען פאָרגעשטעלט ווי זיי לעכצען, פונקט ווי טיק׳ס לעבען, נאָך עלטערע, פיעל מעהר גלויבענספולע צייטען; זייער רעליגיע איז אויך ניט מעהר ווי אַ בענקשאַפט נאָך רעליגיע. גאָלאָ זאָגט צו סער וואָלף׳ן, וואָס שטעלט פאָר איהם פאָר די גוטע אַלטע צייטען: „ווי קען מיר איינפאַלען חוזק צו מאַכען פון דיין קינדערשען גייסט!“ גענאָוועוואַ קוקט צוריק צו דער פאַר־גאַנגענהייט; פונקט ווי טיק גיט זי אָפּ איהר צייט אויפ׳ן לייענען אַלטע לעגענדעס. זי זאָגט מיט אַ געפיהל פון עכטען ראָמאַנטיזם:

## קאַפּיטעל 15.

# דער מיסטיציזם אין דער ראָמאַנטישער דראַמע.

דער אונטערשייד צווישען דראַמע, ליריק און עפּיק; טיק׳ס מיס־טישער פאַנטעאיזם; ארנים׳ס „האַלע אין ירושלים״; היינריך פאָן קלייסט; זיינע דראַמעס; זיין טראַגישער סוף; צאַכאַריאַס ווערנער און זיינע דראַמאַטישע שריפטען; דער תמצית פון ראָמאַנטיזם.

פאַראַן איין ליטעראַרישע פאָרם וואו מענשען ווערען על פי רוב געשילדערט דער עיקר ווי אינטעלעקטועלע באַשעפענישען, באַ־שאָנקען מיט פרייהייט פון ווילען און האַנדלונג. די דאָזיגע פאָרם איז די דראַמע. אין לירישער פּאָעזיע הערשט דאָס געפיהל; אין עפּישער — באַמערקט זיך ניט אזוי דער העלד, א דאַנק די רייכע שטריכען פון באַדינגונגען און כחות, וואָס באַשטימען זיין טבע. אָבער דער סוביעקט פון דער דראַמע איז האַנדלונג; און אזוי ווי דער מענשליכער כאַראַקטער, אין האַנדלונג און ווילען, איז אין זיך אליין אַן אבסאָלוט באַשטימטע זאַך, צווינגט ער דעם שרייבער אז ער זאָל געבען זיין ווערק א קלאָרע, פעסטע באַשטימטע פאָרם. די דראַמע פאָדערט קלאָרקייט און אינטעלעקט; אין איהר, וואו פאַר אלץ איז דאָ אַן אורזאַך, דאַרפען די נאַטור כחות זיין אָדער די דינער אָדער די הערשער פונ׳ם מענשען; אָבער קודם כל דאַרף מען זיי פאַרשטעהן; זיי קענען ניט ערשיינען ווי פינסטערע, מיסטעריעזע דעספּאָטען, אויף וועלכע מען ריכט זיך גאָר ניט אז זיי זאָלען געבען עפּעס א דערקלערונג וועגען זייער טבע אָדער אינטערעס. טיק׳ס צוויי ראָמאַנטישע דראַמעס, די טראַגעדיע „לעבען און טויט פון הייליגען גענאָוועוואַ״ און די צעהן אקטיגע קאָמעדיע „קייזער אָק־טאַוויאַנוס״ זענען אין דער אמת׳ן דראַמעס בלויז אין נאָמען. זיין באַוואונדערן שעקספּיר׳ס „פּעריקלעס״ און „דעם ווינטער׳ס מעשה״ און קאַלדעראָנ׳ס לירישע און מוזיקאַלישע צווישען־שפּילען האָבען

אַ יעגער. דער דאָזיגער יעגער דאַרף באַצאָלען מיט זיין לעבען פאַר אַ מערדעריי. ווען דאָס קינד ((אַנערל) קומט צו נאָהענט צום הענ־קער, ציטערט זיין שווערד אין איהר שייד — אַ זיכערער סימן אַז זי דורשט נאָך איהר בלוט. דער אָפּגעשניטענער קאָפּ פון׳ם יעגער, פליהט צו איהר, און די ציין כאַפּען אָן איהר קלייד. עס ווערט כסדר דערציילט וועגען דער קראַפט וואָס ציהט זי צו שלעכטס און אומגליק: „זי (די קראַפט) האָט זי געריסען דערצו מיט די ציין". אַמביציע פירט צו שאַנד. אַנערל ווערט פאַרפירט פון אַ יונגען אָפי־ציר אונטער אַ פאַלשען הייראַט־צוזאָג. אין איהר שרעק און משוגעת דערשטיקט זי איהר ניי־געבוירען קינד, דערנאָך גיט זי זיך איבער דער גערעכטיגקייט און באַצאָלט די שטראָף פאַר איהר פאַרברעך מיט איהר יונג לעבען. איהר פאַרפירער קומט אָן מיט אַ פאַרגעבונג ווען עס איז שוין צו שפּעט.

דער אינהאַלט פון דער מעשה ווייזט יוי ווייט ברענטאַנאָ — אין דעם דאָזיגען ספּעציעלען פאַל — האָט אָפּגעגעבען כבוד די טע־אָריעס פון׳ם ראָמאַנטיזם. איבערנאַטירליכע התראות שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע. דאָס לעבען פון דער העלדין ווערט באַטראַכט פון שטאַנדפּונקט פון אָריענטאַלען פאַטאַליזם; אָבער אין דער זעלבי־גער צייט, און אָהן יעדער פראָבע אויסצוגלייכען די סתירה, געפי־נען מיר די עכט קאַטוילישע איבערצייגונג, אַז זינד ווערט באַ־שטראָפט, די זינד וואָס דער הויפּט העלד באַגעהט דערמיט וואָס ער שטעלט אוועק דעם ריין מענשליכען עור־פּרינציפּ העכער פון דער קירכליכער דאָקטרין פון הימלישער פאַרגעבונג. פונדעסטוועג־גען האָט די קליינע דערציילונג סיי אָן אַרטיסטישען סטיל סיי אַ פאָלקסטימליכען טאָן. דער גייסט פון דער פאָלקס־באַלאַדע, פון וואַנען די טעמע איז גענומען, שוועבט איבער איהר. און, וואָס עס איז נאָך מעהר ווערט צו באַמערקען, עס איז אויף אַזוי ווייט אָן עפּאָכע־שאַפענדיג ווערק אין דער דייטשישער ליטעראַטור, אַז אַ סך פריהער איידער עס איז ערשינען אימערמאַנ׳ס „דער אָבערהאָף", זאָגט עס שוין אָן די עפּאָכע פון דער פויער־מעשה, אַרויסברענגענ־דיג אין אַ נאַאיוועז, כאָטש אַביסעל אַ געקינצעלטען, סטיל דעם טאָן, וואָס זיין עכאָ הערען מיר אַזוי לאַנג שפּעטער ביי אויערבאַכ׳ן און אַנדערע.

אין ברענטאַנאָ׳ס באַארבייטונג ווערט די גאַנצע מעשה דער־ציילט אין גאַס, אין אַ לאַנגער זומער נאַכט, פון אַן אָרימער אַלטער אַכט און אַכציג יעריגער פרוי, דער שעהנער אַנערל׳ס אָדער נאַ־נערל׳ס באָבע. איהם איז אַזוי גוט געלונגען צו שילדערן די שפּראַך פון דער אַלטער, פרומער און זעהר אַבערגלויבישער פרוי, אַז עס דוכט זיך אַז מיר זעהען זי פאַר זיך די גאַנצע צייט. מיט דער העכ־סטער קונסט געלינגט איהם צו האַלטען דעם לעזער שטענדיג גע־שפּאַנט דורך דעם אומגעוויינליכען אופן אויף וועלכע זי דערציילט איהר מעשה, ווי זי איילט זיך צו דערציילען ווייטער און קערט זיך אום פּלוצלונג צוריק אויפצוכאַפּען אַ פאַדעם וואָס זי האָט געלאָזען פאַלען. אין דער גאַנצער דערציילונג זאָגט זי ניט גענוג, אַז מיר זאָלען האָבען אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער לאַגע פון דער זאַך, אָבער שטענדיג גענוג צו האַלטען אונז געשפּאַנט און מאַכען אַז מיר זאָלען שטאַרק וועלען וויסען דעם ענטפער פונ׳ם רעטעניש, צו כאַפּען די דערקלערונג פונ׳ם דערציילער׳ס מיסטעריעזע וואונקען. זעלטען האָט מען מיט אַזא געשיקטקייט אויפגעהויבען, איינס נאָך ס׳אַנדע־רע, די שלייערס, וואָס פאַרבאָרגען אַ רייהע איצידענטען פונ׳ם לעזער.

נאָך אַ פאַרדינסט פון דער מעשה איז די קראַפט מיט וועלכער די הויפּט אידעע, ערע (דאָס אמת׳ע און פאַלשע ערען־געפיהל, די חרפּה פון פאַרוואונדעטען שטאָלץ און די ווירקליכע חרפּה און שאַנד צו וועלכע אַמביציע קען דערפירען), ווערט פאָרגעשטעלט פאַר אונז און אַנטוויקעלט אין די האַנדלונגען און איבערלעבונג פון די צוויי הויפּט העלדען. קאַספּערל, דער העלדישער אולאַנער, וואָס זיין ערען־געפיהל איז אַזוי שאַרף, אַז עס דערגרייכט אַ סענטימענ־טאַלע שוואַכקייט, פאַלט אַריין אין אַ פאַרצווייפלונג, צוליב די אומערנהאַפטע האַנדלונגען פון זיין פאָטער און שטיפמוטער. ער באַגעהט זעלבסטמאָרד, און דורך דעם פאַרשפּאָרט ער די שרעק פון וויסען וואָס עס קומט פאָר מיט זיין געליבטער, דער שעהנער אַנערל. דאָס גאַנצע לעבען אַנערל׳ס איז געפירט געוואָרען פון אַ גרויזאַם מזל. דער פאָעט, אין זיינע אַבערגלויבישע שטימונגען, האָט ווירק־ליך הנאה געהאַט דערפון וואָס ער האָט זי געטריבען צו אומגליק און טויט מיט דער אומווידערשטעהליכער, מיסטעריעזער קראַפט פון באַשערטקייט. אַנערל׳ס מוטער האָט, אין איהר צייט, געליבט

den Huhnern fertig waren, machten sie nich viel Federlesens und hatten bald mit diesem, bald mit jenem Nachbarn ein Huhnchen zu pflucken .Sie sahen die Landkarte wio einen speiszetel an; wo etwas von Henne, Huhn oder Hahn stand, das strichen sie mit rother Tinte an und giengen mit Kuchenmesser und Bratspiess darauf los. So giengen sie uber den Hanebach, Stechten gross—und Kleinhunigen in den Topf und dann kamen bis in das Hanauer Land. Als sie nun Gockelsruh, das herrliche schloss der Raugraufen von Hauau, im Walde fanden, statuirten sie ein Exempel, schnitten allen Huhnern die Halse ab, steckten sie in den Topf und den rothen Hahn auf das Dach, das Heisst, sie machten ein so gutes Feuerchen unter den Topf, dass die lichte Lohe zum Dach herausschlug und Gockelsruh daruber verbrannte. Dann giengen sie weiter nach Hunefeld und Hunhaun.''

דער צויבער־מעשה סטיל, מיט זיין שטענדיגען קאָמישען ווער־טער שפיל דערמאָנען כמעט אָן דעם ווי אזוי דער איבערפלוס פון הומאָר רייסט זיך ארויס ביי געוויסע יונגע לייט אין א טייל דראַ־מעס שעקספיר'ס.

א סך ערנסטער, אויב ניט וויינינגער געהובעלט, איז דער סטיל אין ברענטאנאָ'ס בארימטסטע מעשה „די מעשה פון העלדישען קאספערל און דער שעהנער אנערל“.

די טעמא איז גענומען פון „דעם אינגעל'ס וואונדערפייפעל“. אין צווייטען באנד פון דער זאמלונג, זייט 204, געפינט זיך א באלאַ־דע „וועלטליכע גערעכטיגקייט“, וואָס דערציילט די מעשה ווי דער טויט אורטייל ווערט אויסגעפירט אויף דער שעהנער אנערל, וועלכע איז צופרידען צו שטארב'ן און געהן צו איהר קינד:

''Der Fahndrich kam geritten und schwenket seine Fahn:
'Halt still mit der schonen nanerl, ich bringe Pardon.'

'' 'Fahndrich, lieber Fahndrich, sie ist ja schon Todt.
'Gute nacht, meine shcone Nanerl, deine Seel is bei Gott.' '' *)

---

*) דער סיגנאַליסט קומט צורייטען און פאָכט מיט זיין פאָן
הערט אויף, שעהנע נאַנערל, איך ברענג א פארדאָן

מיין ליבער סיגנאליסט, איצט איז זי שוין טויט,
אַ גוטע נאַכט, שעהנע נאַנערל, דיין נשמה איז ביי גאָט.

אָבער בעת דער מיטעלער פעריאָדע פון זיין קאַריערע, האָט ברענ־טאַנאָ געשאַפען געוויסע ווערק אין פראָזע וועלכע האָבען מעהר ווי בלויז אַ היסטאָריש ליטעראַרישען ווערט, למשל, די צויבער־מעשה „גאָקעל, הינקעל אונד גאַקעלעיאַ“, וואָס ער האָט לכתחילה געשרי־בען אין אַ קאָמפּאַקטער, קאָנדענסירטער פאָרם, נאָר אין אַ שפּע־טערער צייט האָט ער זי צעמישט מיט הייליג וואַסער און פיעל אויסגעצווייגען. די דאָזיגע מעשה גיט אונז אַ באַגריף פון׳ם אומ־אויסשעפּליכען זאַפּאַס אמוזירענדיגע און מאָדנע איינרעדענישען פון וואַנען עס האָט זיך אָהן ספק גענומען דער טיפער צויבער פון זיינע געשפּרעכען. אין זיי אָטפּלעקט זיך ברענטאַנאָ ווי אַ מייס־טער פון דער פּראָזע וואו ער ווייזט אַרויס אַזאַ געשיקטקייט אין אויסמיידען צוזאַמענצומישען מעטאַפאָרען, און צעריי֞סט קיינ־מאָל ניט די אידעען־קייט, כאָטש ער שפּילט זיך מיט ווערטער און אידעען און פאַרבינדט זאַכען וואָס האָבען צווישען זיך ניט דעם מינדסטען שייכות. דאָס וואָס רופט ביי איהם אַרויס צו שמידען זיין קייט קען זיך זיין גאָר אַ קליינינגקייט, ווי אַ צופעליגע עראינע־רונג (ברענטאַנאָ דערמאָנט זיך, למשל, אַז אין זיין קינדהייט האָט ער געהערט ווי געטע׳ס מוטער האָט געזאָגט: „דאָס איז ניט קיין ליאַלקע, נאָר אַ שעהנע קונסט־פיגור“). אָבער מיט דער איינגעשפּאַר־טער אַרטיסטישער שטרענגקייט פון אַ קאָנטראַפּונקטיסט האַלט ער זיך ביי זיין פאַרבייגעהענדיגען מאָטיוו איבער דער גאַנצער לענג פון זיין קאָמפּאָזיציע, און ער וואַריאירט און באַרייכערט איהם. אַלס מוסטער פון זיין סטיל, נעמט דעם פאָלגענדען פּאַראַגראַף פון „גאָקעל, הינקעל אונד גאַקעלעיאַ“, די מעשה אין וועלכער — אין משך פון עטליכע הונדערט זייטען — ער פאַראַנדערשט ווערטער און אידעען אַזוי, אַז זיי זאָלען פאַרנעמען אַ פּאַסיג אָרט אין דער הינער־וועלט:

“Die Franzosen haben das Schloss so ubel mitgenommen, dass sie es recht abscheulich zuruckliessen. Ihr Konig Hahnri hatte gesagt, jeder Franzose solle Sonntags ein Huhn, und wenn keins zu haben sei, ein Hinkel in den Topf stecken und sich eine Suppe kochen. Darauf hielten sie streng und sahen sich uberal um, wie jeder zu seinem Huhn kommen konne. Als sie nun zu Haus mit

באַנד ציהט זיך צוריק אין הינטערגרונד, און דער שרייבער אַליין, אונטער׳ן פּסעוודאָנים מאַריאַ, פאַרנעמט זיין פּלאַץ.. מיר געפינען אויס אַז דעם שרייבער געלינגט אריינצוקריגען די קאָרעספּאָנדענץ פון וועלכער עס באַשטעהט די ערשטע טייל ווייל ער זוכט צו גע־ווינען די האַנט פון אַ טאָכטער פון איינעם פון די פּערזאָנען אין דער ערשטער טייל פונ׳ם בוך. ער האָט געהאָפּט צו דערגרייכען דעם דאָזיגען צוועק דורכ׳ן ארויסגעבען דאָס בוך. נאָר אַזוי ווי דער ערשטער באַנד קריגט ניט קיין אנערקענונג, נעמט ער איהם צו גאָדווי׳ן און בעט איהם ער זאָל איהם דערציילען אַלע אנדערע לי־בעס־פּאַסירונגען וואָס ער האָט איבערגעלעבט. דער פאַרוואונדעטער גאָדווי לייענט זיין אייגענע געשיכטע. מיט׳ן בוך אין דער האַנט פירט ער דעם שרייבער אַרום אין זיין גאָרטען, און זאָגט, אָנווייזענדיג אויפ׳ן וואַסערל: „דאָס איז דאָס וואַסערל וואוהין איך פאַל אריין אויף דער 266טער זייט פונ׳ם ערשטען באַנד“. מיר האָבען אַלזאָ אין גאָדווין׳ פרייהייט פון ליידענשאַפטען מיט ראָמאַנטישער איראָניע און זעלבסט־פּאַרטאָפּלונג.

די צוריקציהונג פון רעוואָלוציאָנערען ברען און פייער איז ביי ברענטאַנאָ׳ן געווען נאָך פולשטענדיגער ווי ביי פר. שלעגלען; עס איז ביי איהם געוואָרען אַ פּאָזיטיווע פאַרדאַמונג פון שכל. און זיין איבערגאַנג צום קאַטאָליציזם, פּונקט ווי ווערנער׳ס, איז געווען פון אַזאַ סאָרט, וואָס געהט צוזאַמען מיט אַ טיף זינד־געפיהל. אין זיין „סקיצע פונ׳ם לעבען פון אַנאַ קאַטערינאַ עמעריך“, דערציילט ער, ניט טראַכטענדיג וועגען עפּעס אַ פיזיאָלאָגישער דערקלערונג פונ׳ם פאַקט, אַז איהר בענקשאַפט נאָכ׳ן „הייליגען סאַקראַמענט“ איז גע־ווען אַזוי גרויס, אַז אַ סך מאָל אין מיטען נאַכט, דערפיהלענדיג אַן אומווידערשטעהליכע צוציהונג צו איהם, פלעגט זי פאַרלאָזען איהר צעל, און אין דער פריה האָט מען זי געפונען אַ קניהעדיגע מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס אין דרויסען פאַר דער פאַרמאַכטער טיר פון דער קירך. עס איז איהם קיינמאָל ניט איינגעפאַלען אַז זי קען זיך געפינען אין אַ קרענקליכען צושטאַנד, אפילו ניט דעמאָלט בעת זי האָט איהם דערציילט אַלע איינצעלהייטען וועגען די סימפּטאָ־מען אויף איהר קערפּער, עפּעס אַזוי ווי די גאַנצע זאַך וואָלט פּאַסירט מיט אַן אנדערער מאַנאַשקע פון דער געגענד.

ברענטאַנאָ'ס נעהט אַזוי :

Viel hundert tausend ohne Zahl,
Ihr sinket durch der Sense Strahl;
Weh' Rosen, Weh' Liljen,
Weh' krause Basilien!
Selbst euch Kaiserkronen
Wird er nicht verschonen
Ihr must zum Erntekranz hinein.
Hute dich, schones Blumelein.

די זעקס סטראָפען פון אַלטען ליד ציהט ער אויס אויף פער־צעהן מיט דער הילף פון אַ לאַנגען צעטעל בלומען און פלאַנצען. מיר פאַרלירען דעם אטעם איידער מיר דערגרייכען דעם סוף. דאָס בוך לידער וואָס הייסט „די ראָמאַנסען פון רויזענקראַנץ" איז אַ ראָמאַנטישע וואַריאַציע פון דער פאוסט לעגענדע, ווייזענדיג די שלעכטסקייט פון דורשטען נאָך וויסען און פון זיין שטאָלץ דער־מיט. פאוסט אַליין ווערט טראַנספאָרמירט אין אַ מעפיסטאָפעלשען שלעכטסקייט־פּרינציפּ. אין דעם דאָזיגען ווערק, אַזוי גוט ווי אין „לארעליי", מאַכט ברענטאַנאָ גרייט דעם וועג פאַר היינע'ן. די ראָמאַנסען זענען געשריבען אין פיער־פיסיגע כאָרייען, וואָס אין זייער קאַדענץ און אין גאַנצען כאַראַקטער זייערן זאָגען זיי אָן היינע'ס כארייאישען פערז, ספּעציעל דאָס מאָדנע שטעלען איינס לעבען ס'אַנדערע לייכטע, גראַציעזע שורות, און שורות, וואָס אַנט־האַלטען געלערנטע נעמען, טונקעלען יורידישען שטאָף און שטיקער פון מיטעלאַלטערליכען מיסטישען זשאַרגאָן.

אַלס פּראָזע שרייבער האָט ברענטאַנאָ אָנגעהויבען מיט זיין „גאָדווי" לויט'ן סטיל פון „לוצינדע". די ערשטע טייל פון'ם בוך נעמט אָן אַז אמת'ע מאָראַל באַשטעהט אין פריילאָזען די ליידענ־שאַפטען, און אין אוממאָראַלישקייט — אין אונטערדריקען אָדער איגנאָרירען זיי. די העלדין פּרעדיגט די תורה פון פרייער ליבע מיט שכור'ער ווילדקייט און פאַרדאַמט הייראַט און יעדען סאָרט געצוואונגענע צניעות. די צווייטע טייל — אויך אַן עכט ראָמאַנטי־שען אופן — לאַכט אָפּ פון דער ערשטער טייל און פון די העלדען וואָס ווערען דאָרט געשילדערט. גאָדווי, דער העלד פון ערשטען

מען זאָל צוליב דעם לויב־געזאַנג אראָפּגעמען פון הײנע'ס פאַר־דינסטען, געבען איהם קרעדיט בלויז פאַר גרעסערער ליטעראַרישער געשיקטקייט, און ברענטאַנאָ'ן פאַר גרעסערע ערפינדונג־ פעהיג־קייטען. דאָס זעהט נאָך מעהר אויס צו זיין אומגערעכט ווען מיר געדענקען אז ברענטאַנאָ'ס אײגענע בעסטע לירישע לידער זענען איבערגעמאַכטע פּאָפּולערע לידער. לייענט, למשל, זיין שעהנע זאַך „פאַראַן אַ שניטער, וואָס הייסט טויט“. דאָס ליד געפינט זיך אונטער'ן נאָמען „שניט־צייט ליד“ און „דעם אינגעל'ס וואונדער־פייפעל“, און הייבט זיך אָן אזוי:

Es ist ein Schnitter, der heisst Tod,
Hat Gewalt vom hochsten Gott,
Heut wetzt er das Messer,
Es schneidt schon viel besser,
Bald wird er drein schneiden,
Wir mussen nur leiden;
Hute dich, schons Blumelein!"

ברענטאַנאָ'ס שורות זענען מעהר געהובעלט.

Es ist ein Schnitter, des heisst Tod
Er maht das Korn, wenn Gotts gebot,
Schon wetzt er dis Sense,
Dass schneidend sie glanze;
Bald wird er dich schneiden,
Du musst es nur leiden;
Musst in den Erntekranz hinein;
Hute dich, schones Blumelein.

אין דער אָריגינעלער פאָרם זענען די פאָלגענדע שורות ניט בלויז איינפאַכער, נאָר שענער ווי אין ברענטאַנאָ'ס באַארבייטונג:

"Viel hundert tausend ungezahlt,
Was nur unter die Sichel Fallt
Ihr Rosen, Ihr liljen,
Euch wird er austilgen
Auch die Kaiserkronen
Wird er nich verschonen.
Hute dich, schones Blumelein!"

Den Faden klar und rein,
So lang der Mond wird scheinen.

Da wir zusammen waren
Da sang die Nachtigal,
Nun mahnet mich ihr Schall
Dass du von mir gefahren.

So oft der Mond mag scheinen
Gedenk ich dein allein
Mein Herz ist klar und rein,
Gott wolle uns vereinen.'' *)

מען דאַרף ווירקליך אָפּגעבען ברענטאַנאָ'ן אַ סך ערע אַלס באַשאַפער — אין זיין באַלאַדע „לאָרעליי“ — פון אַ פיגור, וועלכע איז, אונטער דער באַהאַנדלונג פון אַנדערע פּאָעטען, ספּעציעל פון היינע'ן, געוואָרען אַזוי לעבעדיג, אַזוי ווירקליך פּאָפּולער, אַז עס גלויבט זיך קוים אַז זי איז ניט קיין עכטע לעגענדאַרע פיגור. עס איז שלעכט צו טון דאָס וואָס גריזעבאַך און שערער האָבען געטון. דהיינו,

---

*) עס זינגט שוין לאַנגע יאָרען
אויך די נאַכטיגאַל.
אַ זיסער קלאַנג איז עס געווען,
ווען מיר זיינען געווען צוזאַמען.

איך זינג און קאָן ניט וויינען
און וועב, און וועב אַליין
דעם ריינעם, קלאָרען פאָדעם
אַזוי לאַנג ווי די לבנה וועט שיינען.

בעת מיר זיינען צוזאַמען געווען
האָט די נאַכטיגאַל געזונגען,
איצט דערמאָנט מיך איהר קלאַנג,
אַז דו ביסט פון מיר אַוועק.

אַזוי לאַנג ווי די לבנה וועט שיינען
וועל איך בלויז דיך געדענקען,
מיין האַרץ איז קלאָר און ריין,
הלואי זאָל אונז נאָך גאָט פאַראייניגען.

כמעט אַלע זיינע לידער פאַרמאָגען איינציגע אויסגעצייכענטע סטראָפען, אָבער כמעט אַלע זענען צו לאַנג. ער האָט אָנגענומען די צעשוואומענקייט פונ'ם פאָלקס-ליד. ער איז זעהר אָריגינעל אין אַזעלכע אומאיבערזעצבארע סטראָפען ווי די פאָלגענדע, פון זיין „דיכטער'ס בלומענשטרויס":

Ein verstimmend Fuhlgewachschen
Ein Verlangen abgewandt,
Ein erstarrend Zitterhexchen,
Zuckeflammchen nie verbrannt.

Offnes Rathsel, nie zu losen,
Steter Wechsel, fest gewohnt,
Wesen, wie noch keins gewesen,
Leicht verhohnt und schwer versohnt

.........................................

Auf dem Kehlchen wiegt das Kopfchen
Blumenglockchen auf dem Stiel,
Seelchen, selig Thauestropfchen
Das hinein von Himmel fiel.''

דער זעהר געקינצעלטער סטיל פון דעם ליד איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר ברענטאנא'ן. סיי אלס לירישער פּאָעט, סיי אלס דערציילער איז ער געקינצעלט. אָבער זיינע מאנעריזמען מאכען זעלטען דעם איינדרוק פון געמאכטקייט, זיי זאָגען בלויז עדות אויף דער, כמעט קרענקליכער, פיהלבארקייט פון זיין טעמפּעראמענט.

אין „דער שפּינערינ'ס ליד" געפינען מיר אן איינפאכען און רירענדיגען אויסדרוק פונ'ם וועהטאָג פון דער לאנגער צעשיידקייט מיט סאָפי מערא'ן. עס הייבט זיך אָן:

Es sang vor langen Jahren
Wohl auch die Nachtigal,
Das war wohl susser Schal
Da wir zusammen waren.

Ich sing und kann nicht weinen,
Und spinne so allein

אַרויסגעקראָגן אַ גט דאָס זעלביגע יאָר, און האָט אין קורצען ווי־דער חתונה געהאַט.

ברענטאַנאָ האָט זיך באַזעצט אין בערלין, און באַלד איז ער געוואָרען אין די דאָרטיגע געזעלשאַפטליכע קרייזען זעהר אַ פּאָר־לאַנגטער גאַסט, אַ דאַנק זיינע פעהיגקייטען אין געשפּרעכען, זיין קאַפּריזנעקייט און זיינע פייערווערק־אַרטיגע וויציגע אויסברוכען. אין בערלין טאַקע האָט ער געשריבען דאָס רוב פון זיינע צויבער־מעשיות און דאָס רוב פון זיינע „ראָמאַנסען פון רויזענקראַנץ". זיין פּיעסע „די גרינדונג פון „פּראָג" איז געשריבען געוואָרען אין בעמען, וואו עס האָט זיך געפונען דאָס פאַמיליען גוט „בוקאָוואַן", איבער וועלכען זיין אינגערער ברודער, כריסטיאַן, האָט געהאַט די אויפ־זיכט. נאָך דעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט קיין בערלין אין 1816 האָט ער געשריבען די באַרימטע מעשה „די געשיכטע פון העלדישען קאַספּערל און דער שעהנער נאַנערל", אויך „די פּיעלע וועהמילער" און „די דריי נים". דערנאָך איז פאָרגעקומען זיין אַריבערגאַנג צום קאַטאָליציזם, און ער האָט שוין מעהר ניט געלעבט פאַר דער ליטע־ראַטור. די פאַרדינסטען פון אַלץ וואָס ער האָט דערנאָך געשריבען זענען צוועק אויף צדקה זאַכען.

סטעפאַנס באַמערקט וועגען ברענטאַנאָ'ן אַז ער איז דער אײנ־ציגער צווישען די ראָמאַנטיקער, וואָס קוקט אויס צו זיין אין גאַנצען באַוואוסטזיין ביי זיך, אַז ער האָט קיין ציל ניט. ער רופט איהם אַן איראָנישער, שפּילענדיגער קראַנאַס, וואָס יעדער אויסדרוק זיינער צעשטערט, אויף אַ פאַנטאַסטישען אופן, דעם פריהערדיגען, אַזוי אַרום פרעסט ער אויף זיינע אייגענע קינדער. דאָך אַלס לירישער פּאָעט, שרייבער פון צויבער־מעשיות און ראָמאַנען שרייבער, האָט ברענטאַנאָ געשאַפען קונסטווערק, ווייניג אין צאָל, אָבער פון דויערנ־דיגען ווערט.

אין זיין פּאָעזיע איז דאָ עפּעס וואָס רירט, איז איינפאַך און גלעטענדיג זיס. ער פאַרשטעהט די קונסט פון קאָנדענסירען אַ גע־פיהל, אָבער געוויינטליך שפּרייט ער עס ווידער אויס, און מאַכט קאַליע דעם עפעקט דורך איבער'חזר'ן זיך, רעפריינס, אָדער דורך אַריינברענגען סתם קלאַנגען, ווי למשל, „רי, קו, קו, קו" א. ד. גל.

איז שוין געווען א גרושה, און זיי האבען זעהר גליקליך געלעבט צוזאמען ביז 1803 ווען זי איז געשטארבען אין קימפעט.

אין היידעלבערג האט ברענטאנא מיטגעארבייט מיט ארנים'ען אין דער אויסגאבע פונ'ם „אינגעלס וואונדער פייפעל", און מיט גערעס'ן אין „די געשיכטע פונ'ם זייגערמאכער באגס". ער האט שוין געהאט אליין פארעפענטליכט עטליכע פון זיינע ווערק, „פאנ־טעה דע לעאן", „די פרייליכע מוזיקאנטען", „כראניק פון א רייזענדען סטודענט". אין פראנקפורט האט ער זיך פארפלאנטערט אין א ליבע, וואס האט געפירט צו פיעל טראגי־קאמישע עפיזא־דען אין זיין לעבען. ער איז אנטלאפען מיט א יונג מיידעל, אוי־גוסטע בוסמאן, וואס האט זיך אין איהם ווילד פארליבט; זי איז געווען א פלימעניצע פונ'ם בארימטען באנקיר, בעטמאן. זיי זיינען אוועק קיין קאסעל וואו ער האט מיט איהר חתונה געהאט. מען דערציילט אז ער האט געוואלט אנטלויפען פון איהר בעת זיי זיינען געגאנגען אין דער קירכע, נאר די ענערגישע כלה האט איהם פעסט צוגעהאלטען. עטליכע טעג נאך דער צערעמאניע האט זי ארויסגעווארפען דאס קידושין פינגערל דורכ'ן פענסטער. זי האט ליב געהאט זיך א לאז צו טאן דורך דער שטאדט רייטענ־דיג בעת די פעדערן פון איהר הוט און דאס רויטע פערד־צירונג האבען געפלאטערט אין ווינט. זי האט געפייניגט איהר מאן אויף פארשיעדענע אופנים. מען דערציילט אז איינס פון די ערג־סטע צרות וואס ער האט געדארפט ליידען איז געקומען פון איהר פעהיגקייט אויסצופויקען עפעס מיט איהרע פיס אויפ'ן פוס־שטיק פון בעט, נאך אזא קאנצערט האט תמיד נאכגעפאלגט א געשיקטע פיציקאטא*), וואס זי פלעגט שפילען מיט די נעגעל פון די פיס־פינגער אויפ'ן ליילעך.**) דאס און אנדערע זאכען האבען איהם אזוי דערעסען אז ער איז אנטלאפען. די העלדישע דאמע האט

---

*) דאס וואס ווערט געשפילט מיט די פינגער אויף די סטרונעס אנשטאט מיט'ן סמיטשיק.

Godeke; Grundriss zur Geschihcte der Deutschen Dichtung, III., Erster Abth. 31. **)

געמאכט אין פאלגענדען שעהנעם סאנעט, זייענדיג באגייסטערט פון עכטער באוואונדערונג און ליבע:

"Welch sussen Bild erschuf der Kunstler hier?
Von welchem milden Himmelsstrich erzeuget?
Nennt keine Inschrift seinen Namen mir,
Da diese Todte Lippe ewig schweiget?

Nach Hohem loht im Auge die Begier,
Begeistrung auf die Stirne niedersteiget
Um die, nur von der Schonen Locken Zier
Geschmucket, noch kein Lorbeerkranz sich beuget.

Ein Dichter ist es. Seine Lippen prangen
Von Lieb' umwebt, mit wunderselgem Leben,
Die Augen gab ihm sinnend die Romanze!

Und schalkhaft wohnt der Scherz auf seinen Wangen;
Den Namen wird der Ruhm ihm einstens geben,
Das Haupt ihm schmuckend mit dem Lorbeerkranze" *)

דאס גליק איז געקומען צו ברענטאנא'ן פריהער פאר זיין רום. אין 1803 האט ער חתונה געהאט מיט סאפי מערא'ן, וועלכע

---

*) וואסער גרויסארטיג בילד האט דער קינסטלער דא געשאפען?
אונטער וואסער מילדען הימעל געבוירען?
דערציילט מיר ניט קיין אויפשריפט דא זיין נאמען?
בעת אט די טויטע ליפען זיינען שוין אויף אייביג שטום?

אין אויג גליהט א פארלאנג נאך עפעס הויכס,
באגייסטערונג איז אויסגעגאסען אויף זיין שטערען,
וועלכער איז באצירט מיט די שעהנע לאקען זיינע,
און נאך ניט מיט קיין לארבערקראנץ.

ער איז א פאעט. זיינע ליפען גליהען,
ארומגעוועבט מיט ליבע, מיט געבענשטען לעבען,
אין זיינע געדאנקענפולע אויגען לעבט די ליבע,
און שעלמיש קוקט דער שפאס פון זיינע באקען
דער רום וועט איהם אמאל זיין נאמען געבען,
און איהם זיין קאפ באצירען מיט'ן לארבערקראנץ.

אלט טאטין זעקעלע, וואָס האָט לאַנג צוריק געהערט צו איהם, און וועגען וועלכען עס זיינען ארומגעגאנגען קאָמישע מעשיות צווישען זיינע באקאנטע.

פון זיין פאטערס צד שטאמט קלעמענס ברענטאנא אָפּ פון איטאליענער. זיין זיידע, א פעהיגער סוחר פון פראנקפורט, איז געווען א געבירטיגער פון טרעמעזאָ, ביים טייך קאָמאָ. פון ז״ין מוטערס צד, שטאמט ער אָפּ פון דער שרייבערין סאָפיע לאראָש, ווילאנדס א פריינד.

אין דעם פערזענליכען אויסזעהן זיינעם, איז ער געווען אַן אידעאלער פּאָעט: שעהן, בלאס, און צארט, מיט א געמיש פון געקרייזעלטע שווארצע האָר; אפּנים ווי ביי א דרום־מענשען, מיט פינקלענדיגע, אומרוהיגע ברוינע אויגען, איבער וועלכע ס׳האָבען אראָפּגעהאנגען לאנגע ווימפערן. ער האָט פארמאָגט א באַסאָווע שעהנע שטים, און פלעגט הנאה האָבען צו זינגען זיינע אייגענע לידער, און זיך אליין באגלייטען אויף דער גיטארע.

ער האָט לכתחילה געדינט ביי א סוחר, אָבער דער דאָזיגער עקספערימענט האָט קיין שום נוצען ניט געבראכט און אין 1797 האָט ער זיך אוועקגעלאָזט קיין יענא, וואו ער האָט זיך באקאַנט מיט די חשוב׳סטע ראָמאנטיקער, ווי פרידריך שלעגעל, סטעפענס, און אנדערע. די דאָזיגע פריינד האָבען איהם אָפט געווארנט אז זיי וועלען איהם שלאָגען צוליב זיינע משוגענע קונצען און „ניט זעלטענע בייזוויליגע בארימערייען און ליגענס", און די ווארנונג איז מעהר ווי איין מאָל ווירקליך אויסגעפירט געוואָרען. אָבער ער האָט זיך ניט געקענט אָפּהאלטען פון באליידיגען; פאר איהם איז אוממעגליך געווען איינצוהאלטען א קאפּריז. ווען ער איז נאָך גאנץ יונג געווען האָט ער זיך פארליבט אין זעהר א גייסטרייכער פרוי, סאָפי מעראָ, א יענא־ער פּראָפעסאָר׳ס א ווייב. אין משך פון דער ליבע האָט דאָס פּאָרל דורכגעלעבט וואונדערבארע פּאסי־רונגען, וואָס עטליכע פון זיי זיינען רעפּראָדוצירט אין זיין ערשט בוך "גאָדווי, אָדער דער מוטערס סטאטוע". ווען פר. טיק האָט אין 1802 אויסגעהאקט א מאַרמאָרנעם ביוסט פון ברענטאנאָ׳ן האָט פרוי מעראָ געשילדערט דעם איינדרוק, וואָס ער האָט אויף איהר

"Verachte nur Vernunft und Wissenschaft,
Des Menschen aller hochste kraft,
Lass nur in Blend-und Zauberwerken
Dich von dem Lugengeist bestarken,
So hab' ich dich schon unbedingt." *)

האלוציאנאציעס און כישוף האָבען געשפּילט א גרויסע ראָלע אין זיין לעבען, און דער זעלביגער מענש וואָס האָט געמאכט זיין דעבוט מיט אַ שפּאָטעריי אויפ'ן ראציאָנאליזם, טענה'נדיג אז ער איז טרוקען און נשמה'לאָז, איז אַליין געפאַלען א קרבן צו אידעען, וואָס זיינען אַ סך טרוקענער און נשמה'לאָזער, איידער דער פּוסטסטער ראציאָנאליזם. פּונקט ווי די טייערע נשמה קאַטארינא עמעריך איז ניט געווען קיין באַטרינגערין, אזוי איז ער ניט געווען קיין היפּאָקרים. אָבער זיין דורשט נאָך שטאַרקער אויסערליכער הילף פאַר זיין שוואכען און שלאָבעריגען „איך", וואָס איז איצטער נאָך שוואכער געוואָרען צוליב זיין חרטה אויף זיין יוגענטליכער הפקרות, אָט דער דורשט האָט איהם געטריבען זיך אָנצוכאַפּען מיט'ן פאנאַטישען ענטוזיאזם פון זיין נשמה אָן דער קירך מיט איהרע נסים, פּונקט ווי ער האָט זיך פריהער געהאַט באַהאַפטען צו דער פּאָעזיע מיט איהרע וואונדער־מעשיות און כישוף.

אין די שפּעטערע יאָרען זיינע איז ער באַהערשט געוואָרען פון אַ מין רעליגיעזער מצניע, הגם ער האָט אין געוויסע פאַלען ארויסגעוויזען סמנים פון זיין אַלטער נטיה צו לצנות. ער דע־ציילט, למשל, אז ער האָט געצייכענט די אַפּאָסטאָלען, וואָס זיינען ערשינענן פאַר קאַטערינא עמעריך אין איהר זעהונג, פּונקט ווי זי האָט זיי פאַר איהם געשילדערט. אָבער בעטינא האָט אַנטדעקט אז ער האָט זיך ניט געקענט צוריקהאַלטען פון אויפהענגען אויפ'ן האַלז פונ'ם אַפּאָסטאָל פּאולוס, אַנשטאָט אַ טאָרבע, אַ משונה'דיג

*) פאַרהאַס דעם שכל און די וויסענשאַפט,
דעם מענשענס שטאַרקסטע, העכסטע קראַפט,
און זאָל אין צויבער און אין כשוף רינגען
דער גייסט פון ליבען דיך באַצווינגען,
ביסטו אין גאַנצען אין מיין האַנט.

וואָס שוועבט אַזוי שנעל אַראָפּ יעדע פאָרמלאָזע זאַך. איידער ער איז אַלט געוואָרען פערציג יאָר, האָט ער שוין געהאַט אויס־גענוצט זיין גייסטיגען קאַפּיטאַל, האָט שוין געהאַט פאַרשוועגדט זיין תוך, און האָט גערן געוואָלט, ווי דער יונגערמאַן פון דער ביבעל „אָנפילען זיין בויך מיט דעם שאָלעכץ, וואָס חזירים עסען" — שאָלעכץ מיט וואָס ס'האָבען זיך געשפּייזט נאָר עם־הארצים און אַבערגלויביגע מענשען. מיט אַנדערע ווערטער: ער איז אריינ־געפאַלען אין אַ צושטאַנד פון נאַרישען פאַנאַטיזם. אין 1817 האָט ער זיך ווידער גענומען תשובה טאָן, ווי אין זיינע אינגערע יאָרען, און אין אַ יאָר ארום האָט ער אינגאַנצען אָפּגעבראָכען זיינע באַציהונגען מיט זיינע חברים. די ווייטערדיגע זעקס יאָר פון זיין לעבען האָט ער פאַרבראַכט אין אַן ערנסטען חשבון הנפש לעבען דעם קראַנקען בעט פון דער באַרמהערציגער שוועסטער קאַ־טאַרינאַ עמעריך, אויף וועמעס קערפּער ס'האָבען זיך אָנגעוועהן די צייכענס פון קריסטוס'עס וואונדען, אויף די קערפּערליכע מ:מים פון אָט דעם פרומען, אויפריכטיגען, אָבער באמת היסטערישען מיידעל האָט ער געקוקט ווי אויף אַזוי פיעל סמנים פון געטליכער ברכה; ער האָט געגלויבט אין דער נסים'דיגקייט פון די בלומרשטיגע אָפּדרוקען פון דעם גואל'ס וואונדען, אויף וועלכע ער פלעגט קוקען מיט יראה־שמים'דיגער מיטלייד. קאַטאַרינאַ'ס ווערטער האָבען איהם איבערצייגט, אַז זי באַזיצט אַ מיסטעריעזע, איבערנאַטירליכע פעהיגקייט פון אַ צווייטער ראיה, און ער האָט פאַרזיכטיגערהייט פאַרצייכענט אַלע איהרע זעהונגען און האַלו־ציגאַציעס. ער האָט אָנגעשריבען די געשיכטע פון איהר לעבען, האָט רעדאַגירט איהרע „נאַכזינונגען" און האָט, לויט איהר דיקטי־רונג, אָנגעשריבען די „לעבענס־געשיכטע פון דער הייליגער מאַריע". זיין איינציגע באַשעפטיגונג נאָך איהר טויט (אין 1824) איז פּאַק־טיש באַשטאַנען אין צוגרייטען צום דרוק די פערצעהן בענדער מאַנוסקריפּטען, וואָס האָבען אנטהאַלטען איהרע פאַרשידענע גע־דאַנקען.

ברענטאַנאַ'ס לעבען איז אַ מערקווירדיגע ראיה פון דעם אמת פון מעפיסטאָפעל'ס ווערטער אין געטע'ס פאוסט:

פּאַטאָס. פּונקט ווי אַ סך מענשען מיט אַ שאַפערישען אינטעלעקט, איז ער אויך געוואָרען, ווען ער האָט זיך גענומען צו דער פען, טיפער, ערנסטער, און װעל כולם אַ סך האַרציגער, ווי ער איז געװען אין פּאַקטישען לעבען. דאַריבער טרעפט עס זיך גאַנץ אָפט, וואָס אַלס ארטיסט באַשאַפט ער דעם איינדרוק פון עפּעס עכטס, הגם ער איז אין לעבען ניט געוועזן וואַרהאַפטיג.

ברענטאַנאָ'ן האָט געפעלט דער רוקענביין פון אַן אינטעלעקטועלער פּערזענליכקייט. זייענדיג אָהן פעסטע איבערצייגונגען, האָבען פאַר איהם בלויז עקזיסטירט צוויי באַציהונגען צו דעם פּרינציפּ פון אויטאָריטעט אין שייכות צו רעליגיעזע פראַגען — אָדער ווילדער אויפשטאַנד, אָדער פאָלשטענדיגע הכנעה. זיין אינטעלעקט האָט זיך געוואַקעלט צווישען די צוויי עקסטרעמען, און איז לסוף איבערגעגאַנגען צו הכנעה.

פון אַלע זיינע טאַלאַנטען און פעהיגקייטען, האָט דער דאָזיגער איבער־ראָמאַנטיקער בלויז געוואָלט אַנטוויקלען זיין פאַנטאַזיע. גאַנץ אמת איז די פאָלגענדע וידוי, וואָס מיר נעמען ארויס פון איינעם פון זיינע בריעף: „אַך, מיין קינד! מיר האָבען בלויז געשפּייזט אונזער פאַנטאַזיע, און אַלס לוין, האָט זי אונז איינגעשלונגען". אַ ניט־איינגעצוימטע פאַנטאַזיע, וואָס ווערט אַנטוויקעלט אומגעשטערט פון וועלכער ס'איז אַנדערער קראַפט, איז ענליך צו פאַלשקייט; און ווי באַוואוסט איז ברענטאַנאַ אין זיין יוגענט געוועזן אַ פאַרפאַלענער ליגנער, וואָס זיין אַמוזאַנטסטע באַשעפטיגונג איז באַשטאַנען אין ברענגען פרויען צו טרערען דורך מעשיות וועגען זיינע נישט געשטויגענע און ניט געפלויגענע ליידען.

ער איז געוועזן דער „אַנפאַן פערדי" (דאָס „פאַרלאָרענע קינד") פון דער ראָמאַנטישער שול. מען קען איהם אויך אָנרופען „דאָס פאַרלאָרענע קינד" פון דער פּאָעזיע. ווי דער יונגערמאַן פון נייעם טעסטאַמענט, איז ער אויך געוועזן אַ פאַרשווענדער. יעדע גוטע און שכל'דיגע אידעע, אַלע פרוכטבאַרע סיטואַציעס וואָס ער האָט אויסגעטראַכט, האָט ער פאַרטאַכלעוועט אויף ווערק, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין באַשטימטען פּלאַן, און קיין געהעריגע פאָרם, און ממילא איז אין זיי ניט געוועזן דער כוח איבערצולעבען די צייט,

יעדער איבערמענשליכער קראפט, קענען וועלכער זיי מוזען זיך באשיצען, אָדער פון וועלכער זיי מוזען אנטלויפען, אָדער אזא קראפט וואָס פארשאפט זיי קיין זאך ניט א חוץ האָפנונגסלאָזיג־קייט".

פון אַלע זיינע ראָמאנטישע קאפריזען, שיינט ארויס אָט די ראָזיגע אריסטאָקראטישע נייגונג.

צוזאמען מיט ארנים׳ס נאמען דערמאָנט מען תמיד דעם נאָ־מען קלעמענס ברענטאנא (1778—1849), וואָס איז געווען זיין שותף אין דער זאמלונג און אין דער אויסגאבע פון די דייטשישע פאָלקס־לידער און באלאדען. ברענטאנאָ איז ענליך צו ארנים׳ען אין זיין טבע פריי צו לאָזען לויפען אַן אינטערעסאנטע פאנטאזיע, און אונטערשיידט זיך פון איהם דערמיט, וואָס ער איז אַן אומ־שטצנדהאפטיגע און ניט־פארטרויענסווערטע פערזענליכקייט. זיין טאלאנט איז פלאמענדיגער און בייגזאמער, ער איז גיכער א מין איטנעלעקטועלער וואונדער. אָבער נאָר ווי א פסיכאָלאָגישע ער־שיינונג פאראינטערעסירט ער אונז, און ניט אַלס מענש. דאָס איינציגע וואָס רופט ארויס אונזער סימפאטיע צו איהם, איז וואָס ער דערנידעריגט זיך ניט, ווי זיין גייסטיגער ברודער, צאכאריאס ווערנער, דורך סענטימענטאלער שונד. ער האנדעלט ניט געמיין, אָבער ער איז קיינמאָל ניט ווארהאפטיג, אין דעם שטרענגען זין פון וואָרט, ביז ער ווערט ניט אינטעלעקטועל פארטעמפט, און ווארפט פון זיך אראָפּ זיין בארוף אַלס פּאָעט, אָדער שרייבער, און ניט זיך לחלוטין אָפּ מיט זיין רעליגיעזער התלהבות. זיין פאל דערמאָנט אונז שטארק אָן העלדערלינ׳ען, וואָס איז אזוי יונג משוגע געוואָרען — פאר דער ליטעראטור זיינען די לעצטע פינף און צוואנציג יאָר פון זיין לעבען פארלאָרען געגאנגען.

אַלס יונגערמאן איז ברענטאנא געווען דער לץ פון די ראָמאנ־טיקער, דער בייזהאפטיגער אָפלאכער און וויצלינג, וואָס קאָן זיך ניט אָפּהאלטען פון זאָגען דאָס, וואָס וועט איהם קאָסטען די פריינד זיינע, און וואָס קען אויך ניט שטערען און באזייטיגען די געפיהלען און אילוזיעס, וואָס ער האָט אויף א געשיקטען אופן אליין באשאפען. צוזאמען מיט דער גראציעזקייט אין דער קונסט, א זעלטענהייט צווישען ראָמאנטיקער, באזיצט ער אויך א לייכטען

שפיץ בארג אויף וועלכען עס שטעהען אנגעלאדען צוויי קאנאנען.
און איצטער, אלס רעזולטאט פון זיין שרעקליכער אויפרעגונג,
רייסט זיך ווידער אויף דער וואונד אין דעם אלטענ'ס קאפ; ער
ווערט צוריק מיושב, און לאזט זיך אראפ באגעגענען זיין פרוי, —
ער, זי, און די גאנצע שטאדט ווערט גערעטעוועט.

די ווירקונג פון דער קליינער דערציילונג ווערט קאליע גע־
מאכט דורכדעם, וואס ער ברענגט אריין איבערנאטירליכע עלע־
מענטען. דער גאנצער אומגליקספאל ווערט צוגעשריבען צום רעזול־
טאט פון א שטיפמוטער'ס נארישער קללה. אין איהר איינפאכ־
קייט אבער, איז די דאזיגע דערציילונג א פארהערליכונג פון יענער
שטארקער און שעהנער ליבע, וואס איז בכוח צו פארטרייבען
אפילו דעם טייוועל אליין.

און אין אט דער דערציילונג, ווי אין עטליכע אנדערע דער־
ציילונגען זיינע, ווייזט ארנים ארוים א מענשליכע סימפאטיע צו
די נידעריגע קלאסען, א שטריך וואס פאסט זיך זעהר גוט פאר
דעם אריסטאקראט־ראמאנטיקער. ס'איז דאסזעלבינע ליבע־גע־
פיהל וואס ער ווייזט ארוים פאר עניות'דיגע מענשען, און וואס
האט איהם געפירט צוזאמענצוקלייבען און ארויסצוגעבען די
פאלקס־לידער און באלאדען, און וואס ווערט אויסגעדריקט דורך
דעם העלד פון „דאלארעס" מיט די פאלגענדיגע ווערטער: „גלויב
מיר, אז א סך מאל, ווען איך האב געדארפט באצאלען עטליכע
טאלער פאר א פאר שורות ווענען א נארישער פארמאליטעט, בין
איך באהערשט געווארען פון א שטארקען באגער א כאפ־צו־טאן
דעם טינטער, און איהם א שמיץ טאן אין אדוואקאט'ס פנים. מיך
וואלט גארנישט געוואונדערט, ווען איך וואלט געזעהן, ווי א
פלאם־פייער קומט אראפ גלייך פון הימעל און פארברענט אלע זיינע
פארשימעלטע דאקומענטען. און אויב איך פיהל אזוי, ווי
שמערצליכער מוז אזא מין הוצאה אנקומען דעם ארימאן, וואס
דארף אפשר ארבייטען א גאנצע וואך פון פריה באגינען ביז שפעט
אין דער נאכט, כדי צוזאמענצושארען דאס געלט". מיט דערזעל־
ביגער אידעע באגעגענען מיר זיך אין זיין עסיי „וועגען פאלקס־
לידער", וואו ער דערקלערט, אז די מענשען האבען אנגעפאנגען
„קוקען אויפ'ן געזעץ, ווי אויף א שטורמווינט, אדער ווי אויף

ער וועגען פּראָדוצירען נייע סאָרטען פייערווערק, און פּלוצלינג כאַפּט ער זיך, אַז זיין הילצערנער פוס ברענט. ער מאַכט אַ גוואַלד, און אַן אומבאַקאַנטע פרוי, וואָס האָט גראָד געוואָלט אַריינקומען אין׳ם צימער, גיט זיך אַ וואָרף צו איהם, און נעמט פאַרלעשען דאָס פייער מיט איהר פאַרטוך; פון דעם ברענענדיגען הילצערנעם פוס, כאַפּט זיך דאָס פאַרטוך אָן, אָבער ביידע ווערען גערא־טעוועט פון די מענשען, וואָס זיינען אַריינגעלאָפען פון דער גאַס מיט עמער וואַסער. די פרוי איז געקומען מיט דער שליחות עפּעס אויסצובעטען לטובת איהר מאַן, וואָס פירט זיך שטאַרק מאָדנע אויף זינט ער איז פאַרוואונדעט געוואָרען אין קאָפּ. ער איז אַ פעהיגער פעלדפעבעל איהר מאַן, אָבער טיילמאָל ווערט ער אַזוי צעקאָכט, אַז ס׳איז פּשוט אוממעגליך מיט איהם אויסצוקומען. טיילווייז אויס רחמנות, און טיילווייז דערפאַר, ווייל דער פאַל אינטערעסירט איהם, באַשליסט דער קאָמענדאַנט איבערצוגעבען אונטער דער השגחה פון דעם פעלדפעבעל אַ פעסטונג צו וועלכער ס׳זיינען בלויז נויטיג אַ קאָמפּאַניע פון דריי מענשען, און אַזויער־נאָך וועט ער האָבען ווייניגער מעגליכקייטען זיך צו צעווערטלען מיט זיינע שכנים.

דער פעלדפעבעל האָט נאָך ניט באַוויזען אַריבערצוטרעטען די שוועל פון דער פעסטונג, און ער פאַלט אריין אין אַ צושטאַנד פון משוגעת. ער פאַרטרייבט זיין גוטע פרוי, וויל ניט אויפנעמען די צוויי אונטעראָפיצירען זיינע, דערקלערט קריג קעגען זיין קאָ־מענדאַנט, און אַטאַקירט מאַרסייל פון זיין נעסט אויפ׳ן שפּיץ פעלז, צו וועלכען ס׳איז שווער צוצוקומען. דריי טעג כסדר נעפינט זיך די שטאָדט אין אַ צושטאַנד פון טראָר. אַלע צוגרייטונגען ווע־רען געמאַכט צו אַטאַקירען די פעסטונג, הגם ס׳איז זיכער, אַז ס׳ווע־לען דערביי אומקומען מענשען, און אַז דער משוגענער וועט אויפ־בלאָזען דעם שרויט־מאַגאַזין. זיין בראַווע פרוי, וואָס ליבט איהם אפילו מיט זיין משוגעת, פאַרלאַנגט אַז מ׳זאָל פריהער זי לאָזען אַריינכאַפּען זיך אין דער פעסטונג כדי זי זאָל אַנטיוּאַפּענען איהר מאַן, אויב מעגליך. און ווען זי דערנעהנטערט זיך, שיסט ער אויף איהר, אָבער געשטאַרקט פון איהר ליבע, קלעטערט זי אומ־דערשראָקען אַרויף דורך אַ שמאָלער און פעלזיגער סטעזשקע צום

איין בליק שוואַנגער געמאכט עקרות, האָט ער דאָך זיי אודאי געמוזט וואָס אָפטער אריינברענגען אין א דערציילונג פון אמאָליגע צייטען, און זיי באשרייבען אזוי, אז זיי זאָלען אויסזעהן נאָך צוי־בערנדיגער. פאוסט, למשל, קורירט בערטאָלד'ען, אריינשפריצענ־דיג אין זיינע אָדערן בלוט פון א קרעפטיגען יונגענמאן מיט'ן נאָמען אנטאָן; און פון דאמאָלסט אָן טראכט בערטאָלד, אז אנטאָן האָט אויף א געוויסע אופן באקומען א שליטה איבער זיין, בערטאלד'ס, געליבטער, איבער אנא'ן. און אנטאָן ווידער פיהלט אויך, אז ער איז אויף א מיסטעריעזען אופן צוגעצויגען געוואָרען צו אנא'ן. די „קרוינגוועכטער", ווי אלע אנדערע גרעסערע ווערק ארנים'ס, איז א טאנדעטנע שטיקעל ארבייט, הגם מיר מוזען מודה זיין, אז זי פארמאָגט א פּאָעטישען ווערט.

בלויז אין זיינע קירצערע דערציילונגען, איז ער בכוח געווען ארויסצוברענגען דעם איינדרוק פון איינהייטליכקייט. „פילאנ־דער" איז א קונציגע און אנגענעמע נאָכמאכונג נאָך מאָשעראָש'עס סטיל, א שרייבער וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון דעם „דריי־סיג יאָריגען קריג". זיין „פירסט גאנצאָגט און זענגער האלבי־גאָט", איז א הומאָריסטישער וואריאנט פון דער באליבטער ראָ־מאנטישער „דאָפּעלגענגער" טעמע, וואָס איז באזירט אויף דער אויסערגעוויינליכער ענליכקייט צווישען צוויי שטיף־ברידער, וואָס קענען זיך ניט איינס ס'אנדערע; אין דער זעלבער צייט, איז די דערציילונג אויך א שלעכטע פּאראָדיע אויף דער אָנגעבלאָזענקייט און אויף די אוממעגליכע מנהגים, וואָס הערשען אין די קלענערע הויפען. דאָס בעסטע און כאראקטעריסטישסטע ווערק זיינס איז די קורצע דערציילונג „דער נארישער אינוואליד אויף דער פעסטונג פון ראנטאנא". דאָ געפינען מיר זיינע אלטמאָדישע גוזמאות, ניט אריבערטרעטענדיג די געזעצען פון מעגליכקייט. די הויפּט אידעע איז הארציג מענשליך.

ווי אין אלע דערציילונגען זיינע, פאנגט ארנים אויך אין דער דערציילונג אָן מיט א מערקווירדיג משונה'דיגען אריינפיר. דער אלטער קאָמאנדיר פון מארסייל, פירסט דוראנד, זיצט ביים קנאַ־קענדיגען פייער אין קאמין, און שארט ארויף איילבערט־צווייגלעך אויפ'ן פייער מיט זיין הילצערנעם פוס. אזוי זיצענדיג, טראכט

א בארג שיקט פון זיך ארוים שטראָמען קיין מזרח און קיין מערב, אזוי האָט דער דאָזיגער מענש פאראייניגט אין זיך אזעלכע היפוכים, וואָס מ׳געפינט זיי קיינמאָל ניט צוזאַמען אין א צוויי־טען — עניוות און שטאָלצקייט, א גלויבען אין דער ריכטיגקייט פון דעם וועג אויף וועלכען ער איז געגאנגען, און א גרייטקייט אָנצונעמען די עצות פון אנדערע, א קלאָרען פארשטאנד און א בלינדע אמונה״.

א חשוב׳ע ראָלע אין דער האנדלונג פארנעמט דר. פאוסט, דער פאוסטוס פון דער פאָלקס־לעגענדע, דער באוואוסטער דאָק־טאָר און אלכעמיסט. לויט דער באשרייבונג האָט ער א מורא׳דיג רויט פנים, ווייסע האָר, א פליכעוואטען שארבען, און טראָגט שארלאַך־רויטע, ברייטע הויזען, און צעהן מעדאלען. ער איז האלב גאון, האלב שארלאטאן, און טוט אויף נסים מיט זיינע רפאות.

די פיגור וואָס איז צום שענסטען געמאָלען, איז א פרוי, דעם העלד׳ס כלה, אנא צערינגער, די טאָכטער פון אפּאָלאָניא, די געליבטע פון זיין יוגענט. זי איז דאָס הויכע דייטשישע מיידעל מיט א געזונטען קערפּער־געבוי און מיט א גראציעזען גאנג, אָבער זי פארמאָגט אויך די ליידענשאפטליכע צוציהונגסקראפט, וועלכע גאָטפריד קעלער האָט מיט זיין ספּעציעלען טאלאנט אריינגעגעבען אין זיינע העלדינס. דער העלד פון דער דערציילונג, דער בירגער־מייסטער בערטאָלד, איז א צווייטע פערזאָניפיקאציע פון ארנים׳ס פערזענליכען אידעאַל. ער שטאמט פון א יחוס׳דיגער משפחה, אָבער אזוי ווי ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין אָן אָרימער אומגעבונג, איז ער א פּראָסט־פּשוט׳ער מענש, א גוטער, אויפריכ־טיגער, צוריקגעהאלטענער בירגער אין אלע פּרטים. ניט קוקענ־דיג אָבער אויף דעם, איז ער אין הארצען אַן אריסטאָקראַט, וואָס בענקט נאָך געווער, כלי־זיין, טורנאמענטען, און געווינט פאַקטיש, אָהן וועלכער ס׳איז פריהערדיגער איבונג, דעם פרייז אין דעם ערשטען טורנאמענט, אין וועלכען ער האָט אנטיילגענומען.

עס פעלען ניט, פארשטעהט זיך, קיין מיסטישע אינצידענ־טען. אויב ארנים האָט זיך ניט געקאָנט באגעהן אָהן זיי אין זיין מאָדערנעם ראָמאַן וואו מיר לעזען וועגען א גלח, וואָס האָט מיט

ציילונג, שטאַרט אַרויס אַן אומגעהייערער מיסטעריעזער און פאַר־
כישופ׳טער שלאָס, וואָס זיינע זיבען טורעמס זיינען לחלוטין
דורכזיכטיג. זיי זיינען מסתמא געבויט געוואָרען פון גלאָז, מחמת
יעדער טורעם וואַרפט פון זיך אַראָפּ אַ שאָטען פון אַ בריליאַנטע־
נעם רעגענבויגען אויף די שוואַרצע פעלזען, און אויף ווייטע וואַ־
סערען. אין דעם שלאָס געפינט זיך דער מקום־מנוחה פון די
„האָהענשטאַופענס" קרוין־וועכטער, און פון דאָנען לאָזען זיי זיך
אַרויס אויף דער וועלט נאָך זייערע עסקים און נאָך נקמה. וויכ־
טיג איז אָבער דאָ ניט דער דאָזיגער מיסטעריעזער הינטערגרונט.
וואָס עס בלייבט יאָ ביי אונז אין זכרון, איז איינער אָדער צוויי
כאַראַקטערען, וואָס זיינען אויסגעצייכענט געוואָרען מיט אַזאַ
שטאַרקער קראַפט, אַז מיר געפינען כמעט ניט נאָך אַזאַ ביישפּיל
ביי קיינעם פון די דייטשישע שרייבער נאָך איהם, סיידען דער
אויסנאַם זאָל זיין גאָטפריעד קעלער אין זיינע היסטאָרישע ראָ־
מאַנען.

מיר נעמען אַלס ביישפּיל דעם העלד׳ס שטיף־מוטער, פרוי
הילדעגראַד, מיט וועמען מיר באַקאַנען זיך אויף אַזאַ אַמוזירענ־
דיגען אופן אין אָנפאַנג בוך: — „מאַרטין, דער נייער טורעם־
שומר, האָט היינט חתונה געהאַט מיט זיין פאָרגעהער׳ס אַלמנה,
דערפאַר וואָס זי איז געוואָרען אַזוי פעט און קען ניט אַרונטער־
געהן דורך די שמאָלע געשלענגעלטע שטיגען. מ׳האָט דאָך אין
דער אמת׳ן ניט געקענט אַרונטערוואַרפען דעם טורעם פון איהרעט־
וועגען, און זי האָט דאַריבער געמוזט מסכים זיין צו דער חתונה,
כאָטש ס׳וואָלט איהר ניחא געווען צו נעמען דעם אָנגעשטעלטען
בערטאַלד׳ען פאַר אַ מאַן. אפילו דער גלח איז געווען געצוואונגען
זיי מקדש צו זיין אין דער הויף". די דאָזיגע געשיכטע וועגען
דער אַלמנה׳ס פעטקייט, איז, פאַרשטעהט זיך, ניט מעהר ווי נאַ־
רישקייט, פונדעסטוועגען איז דאָס אַן אָרינגענעלער אַריינפאַר אין
דעם גאַנצען בוך.

די האַנדלונג קומט פאָר אין לוטער׳ס צייטען, און זיין פיגור
שיינט אַרויס פון דעם הינטערגרונט. זעלטען וועט איהר געפינען
אימיצען צווישען די ראָמאַנטיקער, וואָס זאָל וועגען איהם שריי־
בען מיט אַזאַ וואַרימקייט, ווי ס׳ווייזט דער ציטאַט: „אַזוי ווי

האָט אזוי לאנג געפּאָדערט נאָך און נאָך דערפון, ביז ס'איז מעהר ניט געווען קיין פּאַ־לאנג צו פאָדערען". (גראפינע דאלארעס, 11, ז. 136 און ווייטער).

ארנים טאַדעלט אָבער ניט בלויז די גוזמאות, וואָס זיינען כאראקטעריסטיש פאר די ראָמאנטיקער; ער מוסר'ט אויך שטארק און וויציג אוים דעם אנטי־ראָמאנטיקער, יענס באַגעסען. זייענדיג אין היידעלבערג, וואו ער האָט זיך מסתמא באגעגענט מיט ארנים'ען, האָט ער אָנגעשריבען א רייה סאטירישע סאָנעטען קעגען די ראָמאנטיקער, די „ליטעראַרישע סאנקילאָטען פון דעם דייטשישען פּארנאַסוס", ווי ער האָט זיי אָנגערופען. די סאָנעטען האָט ער פארעפענטליכט אין זעלבען יאָר ווען ס'איז ערשינען „דאלארעס", אונטער'ן נאָמען: „דער פויקען־און־טאַצען אַלמאַנאַך, א האנטביכעל פאר געבילדעטע ראָמאנטיקער און צו־קינפטיגע מיסטיקער פאר'ן יאָהר 1810". דאָס וואָס ס'האָט קעגען זיך ארויסגערופען ארנים'ס סאטירע, איז ניט אזוי געווען באַגעסענ'ס לידער, ווי זיין מאָדנער אומבאַשטענדיגער כאראקטער. דאָס לעבען פון דעם דאָזיגען שונא פון ראָמאנטיזם איז געווען א סך פלאַנלאָזער און קאפריזנער, ווי דאָס לעבען פון וועלכען ס'איז ראָ־מאנטיקער. און ארנים, וואָס איז נתפעל געוואָרען פון יעדער מאָדנער און אוממעגליכער זאך האָט זיך דאָך בדיעבד געמוזט פאראינטערעסירען מיט אזא אייגענאַרטיגער פערזענליכקייט. אין „דאלארעס" מאָלט ער איהם אוים אויף א שפאסיגען און אומ־ברחמנות'דיגען אופן אין דער פערזאָן פון דעם פאָעט „וואלער". כאָטש ארנים מאכט אין דעם פּרט בלויז חוזק פון אַן איינציגען מענשענס שוואכקייטען, איז אָבער בלי ספק זיין הויפּט צוועק בולט און שטארק ארויסצוברענגען אזעלכע כאראקטער־שטריכען, וואָס פערזאָניפיצירען די הפקרות און לייכטזיניגקייט פון'ם עמאַ־ציאָנעלען לעבען פון א גאַנץ דור.

אין זיין ניט פאַרענדיגטען ראָמאן „די קרוין־וועכטער", וואָס איז ערשינען אין 1817, באַקאָנען מיר זיך, ווי אין דער דערציי־לונג „דאלארעס", מיט עטליכע גוט כאראקטעריזירטע און פיין געשילדערטע כאראקטערען, צוזאמען מיט א בארג רויהער מיסטיק און ליבישען מאטעריאל. אין דעם הינטערגרונט פון דער דער־

קאַנוואולסיוו געציטערט און ארויסגערופען: „און איך בין איהר זוהן!“ נאָך מיט א לאַנגער צייט צוריק, האָט ער צו איהר גע־רעדט וועגען א וואונדערבארער ווידער־באַנייאונג פון דער היילי‌גער לעגענדע. זי האָט אויסגעזעהן ווי אינגאַנצען באַוואוסטלאָז, ווען זי האָט ארויסגעשטאַמעלט די ווערטער: „יא, דו ביזט עס, דער אַלמעכטיגער, דער היי‌ליגסטער — דו ביזט מיר נעגעבען געוואָרען אין א מאָמענט פון שוואַכקייט פון אונזער מענשליכער נאַטור“. „און דו — האָט ער געמורמעלט — ביזט מיין אייביגע כלה“.

עס מאַכט דעם איינדרוק, אזוי ווי ארנים וואָלט דאָ ארויס־געוויזען א כונה צו באשרייבען, מיט דער הילף פון די דאָזיגע אויסגעטראַכטע טיפּען, די מיסטיש־ליידענשאַפטליכע תאוות פון איינעם פון זיינע חברים ראָמאַנטיקער, א ווערנער אָדער א ברענ־טאַנא. ער גופא איז כמעט געווען דער איינציגער פון זיין שולע, וואָס איז פארבליבען א געטרייער פּראָטעסטאַנט, ניט קוקענדיג אויף דער פּאָעטישער צוציהונגסקראַפט פון קאַטאָליציזם. אין דעם פאָלגענדען דיאַגנאָז איבער דעם כאַראַקטער פון דעם היפּנאָ־טיזירענדיגען, פּרובירט ער, ווי ס'ווייזט זיך אויס, נענוי צו דער־קלערען דעם סאָרט פרומקייט, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דער הפקרות פון די ראָמאַנטיקער אין זיין דור: „מיר טאָרען בשום אופן ניט אינגאַנצען צווייפלען אין דער פּיעטעט פון דעם דאָזיגען נאָבעלמאַן, אין וועלכער זיין אמת פרומע פרוי האָט אזוי שטאַרק געגלויבט. ער האָט אויך פאַרמאָגט דעם רעליגיעזען אינ־סטינקט; און דאָס וואָס ס'האָט קלעליא'ן אזוי צוגעצויגען צו איהם, איז געווען איהר נאַטירליכע פּיעטעט, הגם די דאָזיגע צוצי־הונגסקראַפט האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען... שפּעטער האָט זיך אין איהם ארייגגע'גנב'עט אַן איינגערעדטע מורא. ער האָט איבערגעלעבט זיינע זינד. וואָס ס'האָט איהם איצטער געצוואונ־גען צו באַזוכען אַלע עולה־רגל פּלעצער אין סיציליען, איז ניט בלויז געווען זיין רעליגיעזער אינסטינקט; ער איז ארייננעצוי־גען געוואָרען אין דער פּיעטעט, וואָס איז ביי זיין פרוי געווען אַן עכטע, א נאַטירליכע. דאָס איז געווען א נייער סטימול, וועמעס קראַפט ער האָט געמוזט פאַרשטאַרקען און פאַרשטאַרקען. אין זיינע אויגען איז די רעליגיע געווען א מין אָפּיום; און זיין נשמה

האַלט אין איין שרייבען פערזען, און רעדט א שפּראַך, וואָס איז רורבנגעזאַפּט מיט דער ראָמאַנטישער נשמה.

די האַנדלונג דרייט זיך אַרום דער פאַרפירונג פון דער יונגער גראַפינע. זי פאַלט אריין אין דער נעץ פון א שפּאַנישען הערצאָג, וואָס כאַפּט זיך אריין אין דער וואוינונג אונטער א פאַלשען נאָמען און אַן אויסגעטראַכטען טיטעל, חן'דעלט זיך צו איהר אויף כל'ערליי אופנים, און בהדרגה, פאַנגט ער זי איינגאַנצען אונטער זיין קאָנטראָל מיט דער הילף פון מאַגנעטיזם און ראָמאַנטישען מיסטיציזם. ער מאַכט אַז זי זאָל גלויבען, אַז ער שטעהט אין א מיס־טישער פאַרבינדונג מיט העכערע, ניין, מיט סאַמע געטליכע כוחות. עס מאַכט כמעט דעם איינדרוק, אַז בשעת ער האָט געשילדערט דעם דאָזיגען כאַראַקטער, האָט ארנים פאַר זיך געזעהן צאַכאַריאַס ווערנער. אין ווערנער'ס ווערק געפינען מיר אַקוראַט דעם זעל־בינען געמיש פון פּרעכער לוסט, און ירא־שמים'דיגער מיסטעריע; און מיר ווייסען דאָך, אַז ווערנער'ס מוטער האָט געגלויבט באמונה שלימה, אַז זי איז די הייליגע מאַריע, און איהר זוהן — דער משיח אליין. מיט אַן ענליכער אידעע באַגעגענען מיר זיך אין דער פאָלגענדער, ניט ווירקזאַמער באַשרייבונג פון דאָלאָרעס'עס פאַר־פיהרונג:

„דער מארקיז האָט מיט א שטרענג־פרומער מינע ארויפגע־קוקט צום הימעל, האָט אויפגעהויבען זיינע הענט, און ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט באַגריסט א העכער באַשעפעניש. ער האָט עפּעס ארויסגעשעפּטשעט, אָבער זי האָט ניט פאַרשטאַנען, און האָט איהם נייגעריג געפרעגט וואָס ער האָט געזעהן. ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט געזעהן די הייליגע מאַריע, ווי זי דריקט זי, דאָלאָרעס'ען, צו צו זיין ברוסט, לייגט ארויף א קראַנץ בלומען אויף איהר קאָפּ, און זאָגט: „קום מיט מיר!" דערשראָקען איז דאָלאָרעס צוגעגאַנגען נאָהענט צו איהם, גלויבענדיג אַז זי פיהלט ווי אימיצער שטופּט זי צו איהם צו. זי האָט געפיהלט זיין אָטעם, און מיינענדיג אַז דאָס איז א געטליכער אָטעם, האָט זי אויסגע־רופען: „איך פיהל זי, איך פיהל איהר אָטעם; ער איז אַזוי וואַרעם ווי די מזרח־זון און ווי מוטער־ליבע" — און ווי נאָר זי האָט געענדיגט, האָט ער זי אַרומגענומען מיט זיינע אָרעמס,

אונטער זעהר פאַרשידענע אומשטאַנדען. אָבער אין דער גאַנצער זאַך איז פאַראַן אַזאַ גלאַטע און ליבע אָנגעשטרענטקייט, וואָס מיר געפינען אינגאַנצען ניט אין „ווילהעלם מייסטער“.

די געשיכטע הייבט זיך אָן מיט אַ באַשרייבונג פון דעם שלאָס, וואָס איז שוין כמעט געוואָרען אַ מפּולת צוליב דעם אייגענ־טימער׳ס אָרימקייט. די דאָזיגע באַשרייבונג איז אַ וואונדער־באַרע און אַ גוטע. אַזאַ צווייטע באַשרייבונג געפינען מיר בלויז אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אין ט. גאָטיע׳ס „ק אַ פּ י־ט אַ ן פ ר אָ ק אַ ס“, ווען ער שילדערט די „ש אַ ט אָ ד ע ל אַ מ י ז ע ר“. לעזענדיג פיהלען מיר די גאַנצע מעלאַנ־כאָליע, וואָס איז פאַרבונדען מיט׳ן געדאַנק פון אַמאָליגען פראַכט און גלאַנץ און איצטיגער צעפאַלונג. מיט אַ מייסטער־האַנט ווערט אויך אויפגעמאָלען דאָס בילד פון דער כמעט־לייכטזיניגער און עגאָאיסטישער גראַפינע, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין גראָשען ביי דער נשמה. איהר געלינגט צוציהען אויף זיך די אויפמערק־זאַמקייט פון אַ חשוב׳ען און רייכען יונגענמאַן, גראַף קאַרל, וואָס פאַרליבט זיך אין איהר איבער די אויערן, און האָט מיט איהר חתונה, נאָכדעם ווי ער שפּאַנט אַריבער איבער פאַרשידענע אינער־ליכע און אויסערליכע שוועריגקייטען. אין דעם בילד פון גראַף קאַרל, איז אַרנים׳ען געלונגען צו טאָן דאָס, וואָס ס׳איז אפשר פריהער נאָך קיינמאָל ניט געטאָן געוואָרען אין דער דייטשישער ליטעראַטור, דהיינו: באַשרייבענדיג וואָס די ענגלענדער רופען אָן אַ „פּולקאָמענעם דזשענטעלמען“ — אַ באַגריף וואָס האָט צו זיך ניט קיין סינאָנים־אויסדרוק אין קיין אַנדערער שפּראַך. אַ „דזשענטעלמען“ איז אַ מענש פון ערע, מאַנסבּיליש, ערנסט, גע־באָרען צו באַפעלען; ועל כולם איז ער אַ געטרייער קריסט, געוויסענהאַפטיג, ברייטהאַרציג, דער באַשיצער פון זיינע אָרימע מענשען; ער איז ניט נאָר אַ גוטער פון דער נאַטור, נאָר ער האַנדעלט אויך מאָראַליש אויס פּרינציפּ. שילדערנדיג דעם דאָזי־גען כאַראַקטער, האָט אַרנים אין איהם אַריינגעלייגט אַ גרויסע טייל פון זיין אייגענער גוטער נאַטור. ליידער האָט ער ניט אַריינגעגעבען גענוג לעבען אין דעם בילד; אַ מין נעבעלדיגער חלום הענגט אַרום דעם דאָזיגען צאַרט־פיהלענדיגען מענשען, וואָס

זיך אַרויס אין געוויסע פון זיינע קורצע דערציילונגען, און אין נאָך עטליכע אַנדערע קירצערע פראַגמענטען פון זיינע נאָוועלען. אָבער צוזאַמען מיט באַשרייבונגען און פיגורען, וואָס ווייזען אַרויס אמת'ן טאַלאַנט, טראָגט ער אונז צו אַ באַרג מיט אוצרות, וואָס האָבען מיט'ן ענין גאָרניט וואָס צו טאָן; איינגעפלאָכטענע מעשה'לאך וואָס זיינען ווייניג אָדער לחלוטין ניט פאַרבונדען מיט'ן תוך פון דער דערציילונג, און פאַנטאַסטישע און אוממעגליכע עפּיזאָדען, געגען וועלכע עס מוז פּראָטעסטירען אַפילו דער לעזער, וואָס פאַרמאָגט דעם קלענסטען חוש פאַר רעאַליזם. טייל־מאָל איז ער אונז מכבד מיט'ן גאַנצען פּאַק פּאָפּולערע אַבערגלויבענס, און באַהאַנדעלט זיי מיט'ן גרעסטען ערנסט. לייטענע פיגורען ווערען דורך כישוף באַלעבט, און אַ שלאָף־קעפּעל פאַרוואַנדעלט זיך אין פעלדמאַרשאַל קאָרנעלוס נעפּאָס. אַן אַנדערש מאָל, ווידער, ניצט ער אויס דעם גרייטען קאַפּיטאַל פון די אַלט־פראַנקישע ראָמאַנסען, ווי: ניט־געשטויגענע אָפּשטאַמונג, צוריקקער פון לאַנג־פאַרלאָרענע קינדער, פאָרשטעלענישען, מאָדנע באַגעגענישען נאָך אַ לאַנגער צייט, א. אַז. וו. ער האָט אויך אַ נטיה אריינצופאָרען מיט באַלאַדען און לידער, געוויינטליך אונטער דעם ניט־געראָטענעם אויסרייד, אַז זיי זיינען פאַרפאַסט געוואָרען פון איינעם פון זיינע העלדען. די דאָזיגע לידער און באַלאַדען לעזען זיך לייכט, אָבער אָהן מוזיקאַלישען טעם, זיי האַקען אָפּ דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען, ציהען בלויז אויף אַ ווײַלע צו די אויפמערקזאַמקייט פון'ם לעזער, און ווערען שנעל פאַרגעסען.

גענומען ווי אַ גאַנצע זאַך, איז אַרנים'ס הויפּט נאָוועלע, מיט אַ מאָדערנעם ספּור־המעשה, („גראַפינע דאָלאָרעס'ס אָרימקייט, רייכקייט, עברות און תשובה: אַן אמת'ע געשיכטע פאַר אָרימע מיידלאך, פון וועלכע זיי וועלען אַ סך לערנען און זיך אַמוזירען“). פּונקט אַזוי לאַנגווייליג, ווי דער נאָמען פון דעם ראָמאַן אַליין. דער דאָזיגער ראָמאַן איז נאָך אַ גייסטיג קינד פון „ווילהעלם מייסטער“. זי באַשרייבט דאָס אינערליכע לעבען פון טאַלענטפולע און אויסערגעוויינליכע אינדיווידען פון זעהר פאַרשידענאַרטיגע נאַטורען,

אַלע אַנדערע האָבען זיי פאַרלאָזט. ארנים איז אין דער ווירק־ליכקייט געווען דאָס, וואָס אַנדערע האָבען, דורך דער קראַפט פון אַ געוויסער מיטעלאַלטערליכער געשליפענקייט, געוואָלט זיין — אַ ריטערליכע פיגור אין דעם שענסטען זין פון וואָרט. און צו־ליב דעם האָט עס אויף זיינע צייט־חברים געמאַכט דעם איינ־דרוק, אַז ער איז ניט קיין געוויינליכער מענש, אַז עפּעס מערקוויר־דיגס שטעקט אין איהם".

און עפּעס מערקווירדיגס האָט טאַקע געמוזט שטעקען אין זיין נאַטור. ווי פעסט און געזעצט, ווי רוהיג און האַרמאָניש זיין לעבען האָט ניט געזאָלט זיין, מאַכען אָבער זיינע ווערק אויף אונז דעם איינדרוק פון אומרוהיגקייט און קאָמפּליצירטקייט. ער אַליין איז געווען אויסגעגאָסען פון איין פורעם, אָבער ניט זיינע ווערק.

אַ חוץ דראַמען, וואָס מען קען זיי שוין איצט ניט לעזען, האָט ער אויך אָנגעשריבען צוויי לאַנגע נאָוועלען, און אַ רייה קורצע דערציילונגען, וואָס זאָגען אַלע עדות, אַז אין איהם איז געזעסען אַ פאַנטאַסט. דער עפּיטעט „פאַנטאַסט" קען גלייכ־צייטיג אויך אָנגעווענדט ווערען אויף ברענטאַנאָ'ן. דער ערשטער בולט'ער אונטערשיד צווישען די צוויי איז דאָס, וואָס בשעת ברענטאַנאָ'ס כוח ליגט אין זיין נאַאיוויטעט און אין זיינע קינ־דישע איינבילדונגען, איז ארנים טויט־ערנסט, אפילו אין זיינע ווילדסטע פאַנטאַזיעס. מיט זיין גאַנצער ליבע פאַר דעם פּאָפּו־לערען, מיט זיין גאַנצער נייגעריגקייט אויפצועפענען די אויגען פון די געבילדעטע פאַר דער שעהנקייט, וואָס ליגט אין דעם איינפאַ־כען און אין דעם קינדישען, איז ער אין זיינע אייגענע שריפטען פאַרבליבען אַ בכבוד'ער אַריסטאָקראַט; ער האָט זיך קיינמאָל אַזוי ניט אָפּגעלאָזען, ווי ברענטאַנאָ פלעגט עס טאָן. ווען זיין מוזע איז אַריינגעפאַלען אין אַ מאָמענט פון ווילדקייט, איז דאָס געווען אַ קאַלטע כמעט ווילדע משוגעת. און ניט יענע היציגע און צעלאָזענע משוגעת אין וועלכער ברענטאַנאָ'ס מוזע פלעגט אַריינפאַלען.

זיין קראַפט פאַר פּלאַסטישער שילדערונג איז געווען גרויס, זי האָט זיך אָבער שנעל אויסגעשעפּט. די דאָזיגע קראַפט ווייזט

לירישע פּאָעזיע פון דעם יאָרהונדערט שטעהט העכער פון דער פראַנצויזישער, ליגט אפשר אין דעם פאַקט, וואָס מיר געפינען ניט אין איהר קיין רעטאָרישע באַפּוצונגען, און פאַר וועלכען זי האָט צו פאַרדאַנקען דעם איינפלוס פון „דעם אינגעל'ס וואונדער־פייפעל".

הגם די צוויי ארויסגעבער פון אָט דער גרויסער זאַמלונג זענען געווען אייניג אין זייער ליבע פאַר דער אַלטער פּאָפּולערער פּאָעזיע פון זייער לאַנד, און אויך אין הסכם מיט דער קליינער מאָדערניזירטער און גוט פאַרבעסערטער פאָרם אין וועלכער די לידער האָבען געזאַלט ערשיינען, און ניט קוקענדיג דערויף וואָס ביידע זענען געווען דורך־און־דורך ראָמאַנטיקער, פונדעסטוועגען זענען זיי אין גרונט געווען פאַרשידענע טיפּען.

לודוויג אַכים פאָן ארנים איז געבאָרען געוואָרען אין בערלין אין 1781. ער האָט אַ געוויסע צייט שטודירט נאַטורוויסענשאַפט אין געטינגען, און האָט שפּעטער געררייזט איבער גאַנץ דייטשלאַנד, כדי זיך צו באַקאַנען מיט'ן לאַנד, מיט די איינוואוינער, און כדי זיך צו זאַמלען פּאָפּולערע לידער און באַלאַדען. גלייך דערנאָך, האָט ער זיך באַזעצט אין הייזעלבערג, וואו ער האָט זיך באַגעגענט מיט קלעמענס ברענטאַנאַ'ן און מיט גערעס'ן. צוזאַמען מיט זיי, האָט ער אין 1808 אָנגעפאַנגען ארויסצוגעבען אַ ליטעראַרישע שריפט, „איינזידלער צייטונג". צווישען די מיטארבייטער זיינען געווען טיק, אולאַנד, העלדערלין, און יאַקאָב גרים. די דאָזיגע שריפט האָט ער שפּעטער ארויסגעגעבען אונטער'ן נאָמען „די טרייסט אין איינזאַמקייט".

אין 1811 האָט ער חתונה געהאַט מיט ברענטאַנאַ'ס שוועסטער, די באַרימטע בעטינאַ, און האָט פון איצט אָן געוואוינט אויף זיין וויפּערסדאָרף־נחלה, אין בראַנדענבורג. די ראָמאַנטיק איז געווען אויסגעשלאָסען פון זיין פּריוואַט לעבען. ער איז געווען אַ קלוגער, געזונטער, און אַ געשיקטער ערד־ארבייטער, אַ כשר'ער פּראָטעסטאַנט און אַ פרייס. אייכענדאָרף שילדערט איהם אַזוי: „ער איז געווען שעהן און פון אַן אייגענאַרטיג אויסזעהן, אָפענהארציג, טעמפּעראַמענטפול, און דאָך איידעל און בכבוד'יג, און ערליך אין אַלע פּרטים; געטריי צו זיינע פריינט, אַפילו ווען

## קאַפּיטעל 14.

# אַרנים און ברענטאַנאָ.

עטליכע פאַקטען פון אַרנים׳ס לעבען; די מערקווירדיגקייט אין זיין ליטעראַרישער אַרבייט; באַגעסענ׳ס לידער; די פערזענליכקייט פון קלעמענס ברענטאַנאָ; קאַטאַרינאַ עמעריכ׳ס איינפלוס אויף איהם; זיינע אבערגלויבערישע נייגונגען; זיין אַפּשטאַמונג און זיין לעבען; זיינע באַרדינגסטען.

הערדער׳ס „שטימען פון פעלקער“, וואָס איז ערשינען אין 1767, האָט בלויז אנטהאַלטען צוואַנציג דייטשישע „פאָלקס לידער“. אָבער בשעת ער האָט ארויסגעגעבען די זאַמלונג, האָט ער אויסגעדריקט זיין וואונש צו דערלעבען צו זעהן די אויסגאַבע פון אַ גרויסער זאַמלונג פון „נאַציאָנאַל-לידער“, ווי ער האָט זיי גערופען. אין 1806 האָבען ל. א. פאָן אַרנים און קלעמענס ברענטאַנאָ ארויסגעגעבען דעם ערשטען באַנד פון „דעם אינגעל׳ס וואונדער-פייפעל“. די זאַמלונג איז באַשטאַנען פון 210 דייטשישע פאָפּולערע לידער און באַלאַדען, און גלייך נאָך איהר, אין 1808 זענען ערשינען נאָך צוויי בענדער פון כמעט דער זעלבער גרויס. דער דאָזיגער באַנד איז נישט נאָר געווען פון גרויסען היסטאָרישען אינטערעס, נאָר אַן עפּאָכע-מאַכענדיגע ערשיינונג אין דייטשישער לירישער פּאָעזיע, און בכלל אין דער דייטשישער ליטעראַטור. די זאַמלונג האָט ארויסגערופען יענעם נאַטירליכען טאָן, וואָס האָט אין משך פון אַ סך יאָרען צוגעגעבען פרישקייט און קלאַנג סיי דער ראָמאַנטישער און סיי דער פּאָר-ראָמאַנטישער לירישער פּאָעזיע. אַפילו אין דער צייט, ווי למשל, דער פאַל מיט היינע׳ן, ווען דאָס ריין מאָדערנע האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער ראָמאַנטישער טעמע, האָט דער ריטם, די פאָרם, און אַ סך אַנדערע קוים באַמערקבאַרע אופנים פון אויסדרוק, אַלץ צו פאַרדאַנקען דעם גייסט פון דעם פאָלקס-ליד פאַר זיין איינפאַכער חן׳עוודיגקייט. די אורזאַך וואָס די דייטשישע

הענט, מענשען וואָס ליידען, וואָס זיינען געבונדען אין פאַרשידענע פאַרטען קייטען: קייטען פון אומוויסענהייט, פון אָפּהענגיגקייט, פון נאַרישקייט, פון קנעכטשאַפט. דער צוועק פון אונזער לעבען דאַרף זיין די דאָזיגע צו באַפרייען. דער ראָמאַנטיקער ציהט זיך עגאָאיסטיש צו זיין פּערזענליך גליק, און גלויבט אַז ער איז אומ־ענדליך וויכטיג. דאָס קינד פון דער נייער צייט, וועט ניט מעס־טען די הימלען זוכענדיג זיין שטערען און ניט דעם וויימען האָרי־זאָנט זוכענדיג די „בלאָע בלום". בענקשאַפט איז פּאַסיוויטעט. ער וועט זיין אַקטיוו. ער וועט פאַרשטעהן וואָס געטע האָט גע־מיינט ווען ער האָט געמאַכט אַז ווילהעלם מייסטער זאָל ענדיגען זיין לעבען ווי אַ דאָקטאָר.

אויב עס איז אוממעגליך צו בויען אַ צופרידענשטעליגע וועלט אנשויאונג אויף בענקשאַפט, איז עס פּונקט אַזוי אוממעגליך צו בויען אויף איהר אַ ליטעראַטור וואָס האָט עפּעס אַ פאַרבינדונג מיט'ן לעבען און איז פעהיג, צרום און ארום, אונז צו באַפרידיגען. די עובדא פון דער ליטעראַטור אין אַלע צייטען איז צו געבען אַן אָפּגעקירצטע פאַרשטעלונג פונ'ם לעבען פון אַ פאָלק און פון אַן עפּאָכע. דער ראָמאַנטיזם זאָגט זיך אָפּ מיט פאַראַכטונג פון אָט דער עובדא. נאָוואַליס אין דייטשלאַנד און שאַק סטאַפּעלט אין דענעמאַרק זיינען די טיפּישסטע ביישפּילען פון דעם ווי אַזוי דער ראָמאַנטיזם האָט זיך געשטעלט מיט'ן רוקען צו דער דרויסענדי־גער ווירקליכקייט, כדי צו באַשאַפען אַ פּאָעטיש־פילאָזאָפיש סיס־טעם פונ'ם שרייבער'ס מח און פון זיין פּאָעטישער בענקשאַפט. ער שטעלט ניט פאָר דאָס מענשליכע לעבען אין זיין גאַנצער ברייט און טיפקייט, נאָר די חלומות פון עטליכע הויך־ענטוויקעלטע מענ־שען. אַריסטאָפאַנ'ס וואָלקען־שטאָט, מיט איהרע לופטשלעסער, איז די הייליגע שטאָט און דער ענד־ציל פון דער בענקשאַפט פונ'ם ראָמאַנטיזם.

גונג; זיי לעכצען, זיי וואַנדערן אַרום אין בענקשאַפט זוכענדיג די „בלאָע בלום", וואָס ווינקט צו זיי פון דער ווייטענס.

אָבער בענקשאַפט איז פּאַסיוויטעט, זי ווערט גענערט און ציהט איהר יניקה פון פּאַסיוויטעט. דער וואָס האָט געלאָזען די ראָ־מאַנטישע פילאָזאָפיע הינטער זיך וועט ניט בויען זיין לעבען אויף אַזאַ פונדאַמענט.

בענקשאַפט ברענגט אַרויס דעם אוממעכטיגען וואונש. אָבער דער ראָמאַנטישער וואונש איז אַזוי דורכגענומען מיט געניאַליטעט, אַז ער קען אויסגעפירט ווערען — אין דער ראָמאַנטישער וועלט. דאָס גליק קומט צום עכטען ראָמאַנטישען העלד בעת ער שלאָפט. ממילא לאָזט די ראָמאַנטישע ליטעראַטור דעם פשוט'ען לעזער אונטער'ן איינדרוק פון אַ וועלט וואו אַלץ ווערט דערגרייכט פון די, וואָס ווייסען ווי אַזוי צו בענקען און צו פאַרלאַנגען מיט גענוג פייער, וואו אַלע שטערונגען ווערען באַזייטיגט אָהן אַ מיה, אָהן פאַרשטענדעניש, אָהן טרחה.

עס איז אַן אייביגער אמת, אַז מיר בענקען; און עס איז ניט ווייניגער אמת, אַז מיר דאַרפען בויען אויף עפּעס זיכערס. אין דער גאַנצער אומזיכערקייט, אומגעוויסהייט און ספקות, וועלכע רינגלען אונז אַרום, איז פאַראַן איין זיכערע זאַך, איין זאַך פון וועלכער מיר קענען זיך ניט אַרויסדרייען, און דאָס איז ליידען. און פּונקט אַזוי זיכער איז אַז עס איז אַ גרויסע פאַרלייכטערונג צו פיהלען אַז מיר זיינען געהיילט, אַז די קייטען זיינען פאַנאַנדערגעבונדען, אַז די טירען פון דער תפיסה האָבען זיך ברייט געעפענט. Hic Rhodus, hic salta! דאָ איז פאַראַן עפּעס צו טאָן, עפּעס אויפצוטאָן פאַר דער פרייהייט. מיר מעגען אַרומוואַנדערן פול מיט אומזיכערקייט און ספקות, ניט וויסענדיג אין וואָס צו גלויבען און וואָס צו טאָן, אָבער אין דער רגע ווען מיר באַמערקען אַ מענ־שען מיט איינגעקלעמטע פינגער אין אַ שווערער טיר וואָס האָט זיי אַריינגעכאַפּט, דעמאָלט איז מעהר קיין ספק ניטאָ וואָס מיר דאַרפען טאָן. מיר דאַרפען זיך סטאַרען צו עפענען די טיר און באַ־פרייען די האַנט.

און גליקליכערווייז אָדער אומגליקליכערווייז, געשעהט עס אַזוי אַז עס זיינען תמיד פאַראַן גענוג מענשען מיט איינגעקלעמטע

אומ'חן אויף אסטראָלאָגיע, ווייל זי האָט געהאַט פּרעטענזיעס אויף א וויסענשאַפט, וואָס זי האָט ניט געקענט אויפהאַלטען; אָבער דער פאַקט אַז זי האָט געהאַט אַזעלכע פּרעטענזיעס, נעמט ניט אַוועק דעם געדאַנק, די אייביגע אמת'ן וואָס ליגען אין איהר סאַמע פונדאַמענט. עס איז בלי ספק פאַראַן עפּעס העכערס אינ'ם געדאַנק פונ'ם דינאַמישען איינפלוס פון די שטערען, אין דער באַהויפּטונג אַז אין זיי לעבט אַ שכל, און, פּונקט ווי אונטערטעניגע געטער איבען זיי אויס אַ באַשאַפענדיגע קראַפט אין זייערע באַשטימטע ספּערען, איידער אין דער טעאָריע אַז זיי זיינען טויט, מעכאַניש־באַהערשטע זאַכען". און אין אַ בריף צו בונצען'ען שרייבט הייבערג: „מיר מוזען צוגעבען אַז די מיטעלאַלטער מיט איהרע אַלכעמישע און אסטראָלאָגישע אַבערגלויבענס — וועלכע, כאָטש זיי זיינען געווען אַבערגלויבענס, זיינען זיי געווען געשטיצט אויף דער איינקייט פון דער נאַטור און דער נשמה — האָבען פאַרמאָגט מעהר אמת'ן וויסענשאַפטליכען גייסט ווי די איצטיגע צייט, מיט איהר אָפּלייקענען די איינציגע זאַך וואָס האָט, נאָך אַלעם, עפּעס אַ ווערט." אין זעלביגען טאָן (אין זיין עסיי איבער הווין) לויבט ער אסטראָלאָגיע, אַז זי „שטיצט זיך אויפ'ן טיפען מיסטיציזם פון דער מיטעלאַלטער". בעת אפילו הייבערג האָט געקענט לויבען טיכאָ בראַהע'ן פאַר זיין אסטראָלאָגישער נייגונג, קענען מיר זיך וואונדערן וואָס גרונטוויג האָט פאַרטיידיגט זיין השערה אַז די ערד איז דער צענטער פון אוניווערז? אָ, ראָמאַנטיזם, ראָמאַנטיזם!

די ראָמאַנטיקער האָבען געצילט צו גרינדען אַ פילאָזאָפיע און ליטעראַטור אויף נויט און בענקשאַפט — ד. ה. אויפ'ן געדאַנק פון דער אומענדליכער וויכטיגקייט פונ'ם יחיד. דער מענש וואָס באַזירט זיין פילאָזאָפיע אויף נויט איז זיכער פיעל שכל'דיגער פונ'ם מענשען וואָס באַזירט זי אָדער אויף באַלדיגען גליק, אָדער אויף די פאַרגעניגענס און תענוגים פון אַ קומענדיגע לעבען; ווייל יעדעס גליק פון וועלכען מיר האָבען אַ ידיעה, ווערט צעשטערט פון צער און נויט, און אויף אַזאַ אופן איז עס בכלל בעסער און זיכערער צו בויען אויף נויטען און פאַרלאַנגען. אָבער די ראָמאַנטיקער בויען ניט בלויז אויף דעם פאַרלאַנג נאָר אויך אויף זיין באַפרידי־

רענדיג. דער אומגליקליכער זשוק איז געווען אָהן אַ טאַטען און אָהן אַ מאַמען. זיין פאָטער איז געווען אין די מלחמות, און „וואָס קען ניט ארויסקומען פון דעם?“ און זיין מוטער? וועגען איהר איז „די נייעס נאָך אומזיכערער געווען. זי איז געווען ווייט אין פאָמער־לאַנד, און פאָמערלאַנד האָט אָפּגעברענט. וואָסער פאַרנעם פאַר דער פאַנטאַזיע! און דאָרט איז דער אָרימער זשוק אויך ארויסגעטראָגען געוואָרען אויף די פליגלען פון זיין בענקשאַפט אין דער ברייטער, ברייטער וועלט אריין, זוכענדיג, שטענדיג זוכענדיג. מיר פיהלען גאַנץ זיכער עפּעס אַזוי ווי וואָלטען ווידער געוואָרען קינדער.

אָבער לאָמיר זיך אומקערען צו דער אידעע אויף וועלכער דאָס אַלץ שטיצט זיך. דעם מענשענס בענקשאַפט נאָך אַן אומענדליך גליק שטאַמט, ווי איך האָב שוין געזאָגט, פונ׳ם גלויבען, אַז דער מענש קען דערגרייכען אָט דאָס אומענדליכע גליק. אָבער דער גלויבען ווידער, שטאַמט פונ׳ם מענשענס ראָמאַנטישע איבערצייגונג אין זיין אייגענער אומענדליכער וויכטיגקייט. די דאָקטרין פון אומשטערבליכקייט אליין איז בלויז אַ פּועל יוצא פונ׳ם גלויבען אין דער קאָסמישער וויכטיגקייט פונ׳ם איינצעלנעם. און דער גלויבען אין דער אומענדליכער וויכטיגקייט פון יעדען באַזונדערן יחיד איז עכט מיטעלאַלטערליך. גאַנצע וויסענשאַפטען, ווי, למשל, אַסטראָ־לאָגיע, זיינען געבויט אויף איהם. אפילו די שטערען פון הימעל, האָט מען געהאַלטען, זיינען ענג פאַרבונדען מיט׳ן מזל פון איינ־צעלנע מענשען, און אַז זיי פאַרנעמען זיך ווירקליך מיט זיי. הי־מעל, ערד און אַלץ וואָס איז אין זיי דרעהען זיך ארום דעם מענ־שען. די ראָמאַנטיקער פיהלען, פאַרשטעהט זיך, אַז אַסטראָלאָגיע פעלט זיי, און וואָלטען גערן וועלען אַז אָט די וויסענשאַפט זאָל ווידער אויפלעבען. דאָס וואָס זיי רופען „בלאָע בלום“ האָבען די אַסטראָלאָגען גערופען „אַ מענשענס פלאַנעט“, און אין אַלכעמיע „דער פילאָזאָפען שטיין“.

אין זיינע רעפעראַטען „איבער ליטעראַטור, קונסט און צייט־גייסט“ (1802) שרייבט א. וו. שלעגעל: „אין זעלביגען זין אין וועלכען מיר קענען רופען קעפלער׳ן דעם לעצטען אַסטראָלאָג, קע־נען מיר פאָדערן אַז אַסטראָנאָמיע זאָל ווידער ווערען אַסטראָלאָגיע. מען האָט געוואָרפען אַזי

איך האָב ארויסגענומען אַ הויפען מאנדלען פון מיין קעשענע, וואָס איך האָב מיט זיך געבראַכט אוש פון איטאַליען. זי האָט גענומען עטליכע און מיר זיינען געזעסען און זיי געקנאַקט, און צופרידען אַרויסגעקוקט בעת דער רוהיגער סצענע".

מען קען באַטראַכטען דעם שלים מזל ווי דעם רעפרעזענטאַנט, דעם וואָרט־פירער פון דער אָרנאַמענטאַלער נוצלאָזער קונסט און פון אומענדליכער בענקשאַפט. *אומענדליכע בענקשאַפט!* לאָמיר אריינדריקען די דאָזיגע ווערטער אין אונזער זכרון, ווייל זיי זיינען דער פונדאַמענט־שטיין פון דער ראָמאַנטישער פּאָעזיע.

די בענקשאַפט האָט אָנגענומען מאָדנע קרענקליכע פאָרמען אין די ווייניגער געזונטע ראָמאַנטישע נשמות. דער גוט־באַקאַנטער דייטשישער שרייבער, פראַנץ האָרן, דערציילט אונז אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אַז צו דריי אָדער פיר יאָר איז ער שוין פעהיג געווען אויף פּאָעטישער בענקשאַפט און לײדען, און צו צעטיילען דאָס לעבען אויף שיינבאַר טויטע זאַכען. ער זאָגט ווייטער אַז דער קינדישער מיסטיציזם פון אַ געוויסען פּאָפּולערען רעפריין האָט אַ פולשטענדיג צויבערדינגען איינפלוס אויף איהם. ער ציטירט דעם געגעבענעם פערז, און ער ווייזט זיך גאָר ארויס צו זיין דאָס אַלטע, אַלטע ליד: „ראַמע־פויגעל, ראַמע־פויגעל, פליה אוועק אַהיים."

''Maikafer flieg!
Dein Vater ist im Krieg.
Deine Mutter ist in Pommerland
Und Pommerland ist abgebrannt,
Maikafer flieg!'' *)

די אנדערע קינדער זיינען געווען נענוג הארט־הארציג צו לאַכען פון אַט דעם ליד, אָבער פאר איהם איז עס געווען זעהר ריי־

*) פליה אַוועק, מיין זשוק!
דיין פאָטער איז אין קריג,
דיין מוטער איז אין פּאָמערלאַנד
און פּאָמערלאַנד האָט אָפּגעברענט,
פליה אַוועק, מיין זשוק!

דאַמע וועט איהם זיכער געפינען. דאָס ציהט זיך אזוי לאַנג ביז זי פארשווינדט פון זיין האָריזאָנט. איין מאָל, בעת ער זיצט אזוי ביי זיין בוך פון חשבונות, און די ציטרע לעבען איהם, פאלט א זונ־שטראַל דורכ׳ן פענסטער אויף איהרע פארשטויבטע סטרונעס. „ער האָט אָנגערירט א סטרונע אין מיין הארץ, יאָ — האָב איך גע־זאָגט — לאָמיר אוועקגעהן, מיין געטרייע ציטרע! אונזער קעניג־רייך איז ניט אין דער דאָזיגער וועלט!" לאָזט ער איבער זיינע חשבונות, שלאָפראָק, לאַטשען און ליולקע, און וואנדערט אוועק אין דער ברייטער וועלט; צום ערשטען קיין איטאליען.

אָט דער שלים מזל איז די קאָמישסטע, אומגעלומפערסטע, קינדישסטע בריאה וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. גייסטיג איז ער ארום צעהן יאָר אלט, און ער ווערט קיינמאָל ניט עלטער. ווי אַנ־דערסענס העלדען, דער אימפּראָוויזאַטאָר און אָ. ט., ראטעוועט ער זיך כסדר פון נסיונות בלויז א דאנק זיין אומוויסענהייט און אומ־ערפארונג. ער באגרייפט קיינמאָל ניט וואָס עס קומט פאָר ארום איהם. איהם טרעפען זיך זאכען כאָטש ער טוט גאָר ניט זיי ארויס־צוברענגען. ער איז די צענטראלע פיגור פון א גרופּע מענשען, וואָס פארנעמען זיך מיט פראָפעסיעס א דאנק וועלכע זיי זיינען אזוי פריי ווי ער אליין: מאלער וואָס פאָרען קיין איטאליען, אן אר־טיסט וואָס אנטלויפט מיט זיין געליבטער, קלעזמער וואָס וואנדערן פון שטאָט צו שטאָט, און וואנדערער סטודענטען, וואָס שלעפען זיך ארום און זינגען סטודענטען לידער. אין פארגליייך מיט אזא לע־בען פון וואנדערן, זוכען און האָפען, זעהט אויס דאָס געוויינליכע טאָג־טעגליכע לעבען אָהן א שיעור מאָנאָטאָן. ווען דער העלד קערט זיך אום צו זיין געבורט שטאָט, זעהט ער ווי דער נייער דירה־געלט מאָנער זיצט פאר זיין טיר, טראָגענדיג דעם זעלבינגען געפינטעלטען שלאָפראָק, די זעלבינע לאטשען א. אז. וו. נאָך דעם ווי ער האָט פארשוועגדט זיין לעבען אויף זוכען די „בלאָע בלום", געפינט ער זי ענדליך אין דער היים. זיין ערשטער עקסטאז ווערט געשילדערט שפּילעווודיג, במעט אויף האנס אנדערסענ׳ס אופן, אזוי: „עס איז געווען אזא חיות צו הערען ווי זי רעדט צו מיר מיט אזוי פיעל ליב־טיגקייט און צוטרוי, אז איך וואָלט זי געקענט הערען ביז אין דער פריה. איך בין געווען אזוי גליקליך ווי איך האָב נאָר געקענט זיין.

Ich grabe fort und singe
Und grab mir bald mein Grab.'' *)

דורכ'ן איינפלום פון זיין דאמע איז ער געשטיגען צו דער שטעלע פון א דירה־געלט מאַנער פונ'ם שלאָס. פונ'ם פריהערדיגען מאַנער האָט ער גע'ירש'ענט א גרויסארטיגען שלאָפראָק, א רויטען, מיט געלע פינטעלעך, א פאָר גרינע לאַטשען, א נאכט קאפּעל און עטליכע ליולקע ציבוקס.

אָנגעטאָן אין זיין נייעם פּוץ, און רויכערנדיג די לענגסטע ליולקע וואָס ער קען געפינען, לעבט ער א שטיקעל צייט א שטיל, לייכט לעבען, אויסגראָבענדיג אלע קארטאָפלעס און גרינסען פון זיין גאָרטען און פלאַנצענדיג בלומען אויף זייער אָרט, און אוועקלייגענדיג יעדען מאָרגען א בוקעט אויף א שטיינערנעם טיש, וואו זיין

*) פון אומעטום וואו כ'בין נאָר,
פון וואַלד און פעלד און טאָל,
פון באַרג און פון דער לאַנקע,
גריס איך דיך טויזענט מאָל,
מיין שעהנע, אייר'ליך פריי.

ביי מיר אין גאָרטען בליהען
פיעל בלומען שעהן און פיין.
פאַרבינד איך זיי אין קראַנצען
און בינד אין זיי געדאַנקען
און גרוסען אויך אריין.

איהר גיב איך נימ קיין קראַנצען
זי איז צו גרויס און שעהן,
די בלומען וועלען וועלקען,
און אייביג בלייבט אין הארצען
די ליבע נאָר אליין.

איך ארבייט און עס דאכט זיך
מיין פרייד אין מיר איז גרוים,
און מעג דאָס הארץ צעפּלאַצען
איך גראָב און גראָב און זינג מיר,
און גראָב מיין קבר אויס.

פאלען פון זייערע געלענקען, און דער העלד הויבט אָן צו פיהלען אזוי ווי ער וואָלט „צעפאַלען אויף שטיקער".

דער שלים מזל איז א מילנער'ס א זוהן, יונג און ארים, וואָס זיין איינציג פארגעניגען אין לעבען איז צו ליגען אונטער די ביימער און קוקען אין הימעל אריין, אָדער ארומוואַנדערען אונ־טערוועגס, אָהן א צוועק, מיט א ציטרע און זינגען אזעלכע טרויע־רינע און שעהנע לידער, אז די הערצער פון אלע וואָס הערען איהם „בענקען". „יעדער איינער, זאָגט ער, האָט זיין באַשערט אָרט אויף דער ערד, זיין ווארימען קאמין, זיין טעפעל קאווע, זיין ווייב, זיין גלאָז וויין אין אָוועט, און איז צופרידען. אָבער איך בין אין ערגיץ ניט צופרידען". ער, דער באַשיידענער גערטנער (דאָס איז זיין פאך, ווען ער ארבייט נאָר) פארגעטערט זיין חשוב'ע ליבליכע דאַמע, וועמען ער האָט בלויז איין מאָל אָדער צוויי מאָל געזעהן; ער ווענדט זיך צו איהר אין א שעהן און רירענדיג ליעד:

"Wohin ich geh und schaue
In Feld und Wald und Thal,
Vom Berg hinab in die Aue,
Vielschone hohe Fraue,
Gruss ich dich Tausendmal.

"In meinem Garten find' ich
Viel Blumen, schon und fein,
Viel Kranze wohl draus wind' ich,
Und Tausend Gedanken bind' ich
Und Grusse mit derein.

"Ihr darf ich keinen reichen,
Sie ist zu hoch und schon;
Sie mussen alle verbleichen,
Die Liebe nur ohne Gleichen
Bleibt ewig im Herzen stehn.

"Ich schein' wohl froher Dinge
Und schaffe auf und ab,
Und ob das Herz zerspringe,

בערזעצט אביסעל פון קאַלדעראָנ'ם Autos Sacramentalesדי דאָזי־
גע אַרבייט האָט איהם געפירט צו א נעהענטערע פארבינדונג מיט
די פירער פון די אולטראַראָמאַניסטישער פארטיי *) אין זיינע
שפּעטערע יאָרען האָט ער קריטיקירט די מאָדערנע דייטשישע לי־
טעראַטור לויט'ן גייסט פון אָרטאָדאָקסישען קאַטאָליציזם שרייבענ־
דיג וועגען דער קאטוילישער טענדענץ פון די ראָמאַנטיקער אזוי ווי
זי וואָלט געווען די וויכטיגסטע און בעסטע זייט פון דער שול,
און באַהאַנדלענדיג דעם פאקט וואָס עטליכע פון די פירער האָ־
בען געביטען זייערע מיינונגען בנוגע דעם דאָזיגען ענין ווי אַן
אוועקפאל פונ'ם אמת און ווי א צייכען פון ליטעראַרישער דעגע־
נעראַציע. ער האָט געקוקט מיט פאראכטונג אויף שילער'ס העלדען
מיט זייער „רעטאָרישער אידעאַליטעט", און אויף דער סימבאָ־
לישער „נאַטור פּאָעזיע" פון געטע'ס קלענערע לידער. „ווי אַנ־
דערש איז — זאָגט ער — די גרויסע אידעע פונ'ם ראָמאַנטיזם:
ה י י ם ־ וו ע ה, א בענקשאַפט נאָך דער פארלוירענער היים,
ד. ה. נאָך דער אַלוועלטליכער קאטוילישער קירך." צוזאַמען מיט
די דאָזיגע אומלאָגישע טעאָריעס האָט ביי אייכענדאָרפ'ן געלעבט
א ווירקליכער און היבשער לירישער טאלאַנט. קיינער האָט, אין
א קאָנדענסירטער פאָרם, ניט געגעבען קיין בעסערע רעפּרעזענ־
טאַציעס פון די בענקשאַפטען און אידעאלען פונ'ם ראָמאַנטיזם.
אין דער קליינער דערציילונג „פונ'ם לעבען פון א שלים מזל"
דוכט זיך אז מיר הערען דאָס צוויטשערען און זינגען פון יונגען
ראָמאַנטיזם, אזוי ווי ער וואָלט איהם געכאַפּט און פארשפּארט אין
א שטייג. דער גאַנצער ראָמאַנטיזם איז דאָרט — דער ריח פון
וואַלד און דאָס געזאַנג פון פויגעל; דאָס גאַרען ארומצוריייזען
און דאָס פארגעניגען דערפון, ספּעציעל ווען דער ציל איז אי־
טאַליען; זונטאָג געפיהלען און לבנה ליכט; דאָס עכטע ראָ־
מאַנטישע ארומשלעפּען זיך און ליידיג־ געהעריי — אזא ליידיג־
געהעריי, וואָס פון ניט באַנוצען די אברים הויבען זיי אָן ארויס־

---

*) די וואָס האָבען געהאַלטען אַז דער פּאַבסט איז דער הויפּט פון
אַלע קירכען, און אַז עס דארפען ניט זיין קיין באַזונדערע נאַציאָנאַלע
קירכען. — איבערזעצער.

אין וויען האָט ער פיעל פון זיין צייט פארבראכט אין פרידריך שלעגעל'ס געזעלשאפט, זיך נאָהענט באפריינדט מיט שלעגעל'ס שטיפזוהן פיליפ פייט, דעם מאלער, און געשריבען זיין ערשטע נוזמאַדינג־ראָמאַנטישע דערציילונג „אנונג אונד געגענווארט", וואָס איז בלויז א זאמלונג לירישע חלומות און פאַנטאַזיעס. פון דעסטוועגען האָט ער אין דעם ווערק, אזוי גוט ווי אין זיינע שפּעטערע שאפונגען, געוואלט ארויסברענגען דעם קאָנטראסט פון דער ווארימער האַרמאָנישקייט וואָס עקזיסטירט צווישען דער פרישער, געזונטער מענשהייט און דער נאַטור אין וואלד, טייך, בערג, שיינענדיגע מאָרגענס און פאַר'חלום'טע שטערען־באַלויכטענע נעכט, ביז די פּוסטע פאַרגעניגענס פון דער גרויסער וועלט און די געמאכטע צניעות און אמת'ע פארבאָרגענקייט פון יענער צייט." פונקט ווי אלע זיינע ווערק איז אויך דאָס פול מיט ריזיקאַלישע פאַסירונגען. אזוי שנעל ווי ער פארלאָזט די וועלט פון פרעהליכען וואַגאבונד לעבען אין ראָמאַנטישע ריזיקאַלישע רייזעס, איז ער אין געפאר ארייננצופאלען אינ'ם איבערנאַטירליכען און שרעקליכען.

אָנשטאָט אָנצונעהמען א שטעלע ביי דער עסטרייכישער רעגירונג, ווי ער האָט אין זין געהאט, האָט ער באשלאָסען זיך צו באַטייליגען אין דער מלחמה אנטקעגען נאַפּאָלעאָנ'ען. ער איז אריין אין ליצאָוו'ס בארימטען, פרייען קאָרפּוס און איז צוגעזעצט געוואָרען צו א מיליציע באַטאַליאָן. ער איז נאָר וואָס באפרייט געוואָרען און גלייך איז אָנגעקומען די ידיעה אז נאַפּאָלעאָן האָט זיך אומגעקערט פון עלבא. ער האָט באלד ווידער וואָלונטירט אין דער ארמיי, און איז אריין אין פאריז מיט די דייטשישע סאָלדאטען.

שפּעטער צו האָט ער באקומען א שטעלע אין פּרייסישען קולטוס מיניסטעריום, און איז געוואָרען א געוויסענהאפטער און פעהיגער באאמטער. אין 1840 האָט א ויכוח צווישען דער רעגירונג און די רוימיש קאַטוילישע בישאָפען פאַראורזאכט אן אָנגעשטרענגטע באַציהונג צווישען איהם (דעם גוטען קאַטאָליק) און דעם הויפּט פון זיין דעפּארטמענט. ער האָט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע, אָבער מען האָט זי ניט גלייך אָנגענומען; מען האָט איהם פארגעבען צוצוגרייטען א באריכט וועגען דעם רעמאָנט אין מאריענבורגער שלאָס.

ווען ער האָט זיך אויסגעלערענט גוט שפּאניש האָט ער אי־

יאָהר נאָך היינריך פאָן אָפּטערדינגען, כאָטש דער שרייבער איז בלויז מיט צעהן יאָהר אינגער געוועזן פון נאָוואַליס׳ן, טיק׳ס א תלמיד, אַן אולטראַ־ראָמאַנטיקער מיט א פרומער, ליבליכער נאַטור.

יאָזעף, באַראָן פאָן אייכענדאָרף, א זוהן פון א הויך געשטעלטען אַדעליגען, איז געבוירען געוואָרען אין אויבער שלעזיען אין 1788. זיין פאַמיליע איז געווען א קאַטוילישע און ממילא האָט א קאַטוילי־שער גייסטליכער געהאַט אויפזיכט איבער זיין ערשטער ערציהונג. אין 1805 איז ער אריינגעטראָטען אין אוניווערזיטעט פון האַלע צו שטודירען יוריספּרודענץ, און צווישען אנדערע לעקציעס האָט ער אויך גענומען די לעקציעס פון די פּראָפעסאָרען שלייערמאַכער און סטעפענס, וואָס דער צווייטער פון זיי האָט איהם באַזונדערס צו־געצויגען. דאָ האָט ער זיך צום ערשטען באַקאַנט מיט דער ראָמאַנ־טישער ליטעראַטור; נאָוואַליס האָט פאַר איהם געעפענט א נייע טרוים־וועלט, פול מיט הבטחות. אויף זיינע סאַמע ערשטע יום טובים איז ער געפאָרען קיין וואַנדסבעק צו באַזוכען דעם אַלטען קלאַודיוס, וואָס איהם האָט ער ליב געהאַט זינט זיין פריהער יוגענד. קלאַודיוס׳עס צייטונג „דער וואַנדסבעקער באָטע" איז געווען זיין גרעסטע טרייסט אין די צייטען ווען זיין לערער האָט איהם גע־מאַטערט מיט מוסר השכל׳דיגע קינדער ביכלעך. פאַראַן עפּעס פון קלאַודיוס׳עס מילדען הומאָר אין אייכענדאָרפ׳ס איינגענער פּאָעזיע.

דאָס יאָהר 1807 האָט איהם געטראָפען אין היידעלבערג, וואו ער האָט זיך באַקאַנט מיט די ראָמאַנטיקער וואָס האָבען דאָרט גע־לעבט; ארנים, ברענטאַנאָ און גערעס זיינען געווען די באַרימטעסטע. ער האָט געהאָלפען ארויסגעבען „דעס קנאַבען וואונדערהאָרן" (א באַרימטע זאַמלונג פּאָפּולערע לידער און פּאָעזיע), און מיטגעאַר־בייט מיט גערעס׳ן אין זיין ווערק איבער דער אַלטער פאָלקס ליטע־ראַטור. אין 1809 האָט ער ווידער באַגעגענט ארנים׳ען און ברענ־טאַנאָ׳ן אין בערלין. דאָ האָט ער זיך אויך באַקאַנט מיט אדאַם מילער׳ן וואָס האָט געהאַט א היבשען איינפלוס אויף איהם. ער איז אויך שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרען פון פיכטע׳ס לעקציעס.

אַזוי ווי עס האָט זיך פאַר איהם ניט געוויזען קיין אויסזיכט אויף א קאַריערע אין פּרייסען, איז ער אַוועק אין 1810 קיין וויען, כדי צו ווערען אַן אנגעשטעלטער ביי דער עסטרייכישער רעגיערונג.

דער בלאָער בלום, וואָס, ווי איהר האָט געזאָגט, פילט אָן די וועלט; און אין יעדען הארץ, וואָס איהר ליבט מיט'ן גאַנצען הארצען האָט איהר געפונען די בלאָע בלום."

„איך האָב מורא אז דאָס איז ניט קיין ענטפער אויף'ן רעד־טעניש — זאָגט דער העלד מיט חוזק — וואָרים אָט די באַדינגונג, אַז מיר זאָלען ליב האָבען מיט'ן גאַנצען הארצען... קענען מיר קיינמאָל ניט אויספירען. ווער פון אונז קען ליב האָבען מיט'ן גאַנצען הארצען? מיר זיינע אַלע אַזוי מיד, אַזוי אויס־געמאַטערט, אַז מיר האָבען ניט דעם כח און ניט דעם מוט וואָס איז דער תוך פון דער אמת'ער, ערנסטער ליבע — די ליבע וואָס שווייגט ניט ביז זי באַהערשט יעדען געדאַנק פון א מענשענ'ס מח, יעדעס געפיהל פון זיין הארץ, יעדען טראָפּען בלוט אין זיינע אָדערען."

די דאָזיגע אויסטייטשונג איז א שעהנע, און זי איז אמת אָבער ניט אויספירליך. ניט בלויז אין ליבע, נאָר אין יעדען פעלד פון לעבען שטעלט די בלאָע בלום מיט זיך פאָר דאָס פול־קאָמענע, און אויך אַזוי ווייט דאָס אידעאַלע, און דאָך דאָס ריין פערזענליכע גליק. די בענקשאַפט נאָך אַזא גליק, וואָס איז לויט זיין טבע אומדערגרייכבאַר, איז דער שטענדיגער, אומרוהיגער פארלאַנג וואָס אַלע ראָמאַנטיקער שילדערען.

קיין איינער פון די געוועהנליכע דייטשישע ראָמאַנטיקער איז דוכט זיך ניט אַזוי פולשטענדיג ווי דער פּאָעט פון ראָמאַנ־טישער בענקשאַפט ווי שאַק סטאַפּעלט, וואָס האָט געשריבען אין דעניש, כאָטש ער איז א געבוירענער דייטש. אָבער ער שיל־דערט ניט די בענקשאַפט וואָס רופט ארויס אויסוויינסטע אומ־רוהיגקייט. זיין בענקשאַפט איז גאָר צו טיף אַז זי זאָל זיך באַפרידיגען מיט וואַנדערען ארום דער וועלט. ערשט אין די שריפט פון א טייל פון די שפּעטערע ראָמאַנטיקער ערשיינט בענקשאַפט ווי אַן אומרוהיגער פארלאַנג וואָס טרייבט דעם מענ־שען פון פּלאַץ צו פּלאַץ.

מיר שיינט אַז די טיפּישסטע שילדערונג דערפון געפינען מיר אין אייכענדאָרפ'ס ראָמאַן „פונ'ם לעבען פון א שלים מזל". דאָס בוך איז ערשינען אין 1824 און געשריבען געוואָרען צוואַנציג

לאָמיר זיך אביסעל מעהר אָפּשטעלען אויף אָט דער בלום. אין שפּילהאגענ'ס „פּראָבלעמאטישע נאַטורען" זאָגט איינער פון די העלדען: „דו געדענקסט די בלאָע בלום אין נאָוואַליס'עס דער־ציילונג? ווייסט וואָס זי איז? עס איז די בלום וואָס קיין שטערבליך אויג האָט נאָך ניט געזעהן און דאָך איז די וועלט פול מיט איהר ריח. ניט יעדע בריאה איז געמאַכט גענוג דעלי־קאַט צו דערפיהלען איהר פּערפום; אָבער די נאַכטיגאַל איז פאַר'שכור'ט מיט אָט דעם פּערפום ווען זי זינגט און קלאָגט און זיפצט אין לבנה ליכט און אין גראָזען באַגינען; און אַזוי זיינען געווען און אַזוי זיינען אַלע נאַרישע מענשען, וואָס האָבען אין פּראָזע און אין פּערזען אויסגעגאָסען און גיסען אויס זייערע וועה־טאָגען פאַר גאָט; און אַזוי איז אויך מיט נאָך מיליאָנען, וואָס גאָט האָט זיי ניט געשאָנקען די קראַפט אויסצודריקען וואָס זיי ליידען, און וואָס קוקען אין שטומער אנגסט ארויף צו גאָט, וואָס האָט גאַר קיין רחמנות ניט אויף זיי. און אָך, פאַר די דאָזיגע ליידען איז גאָר קיין רפואה ניטאָ — קיין רפואה א חוץ דער טויט. דער וואָס האָט אַמאָל אריינגעאָטעמט דעם ריח פון דער בלאָער בלום האָט שוין קיין רוהיגע רגע ניט אין זיין לעבען. ווי א מערדער, אָדער ווי איינער וואָס האָט גאָט פון זיין טיר פאַר־יאָגט, ווערט ער אלץ ווייטער פאַרטריבען, אלץ ווייטער, ווי שטאַרק זיינע מידע גלידער זאָלען איהם וועה טאָן, און ווי היים ער זאָל ניט גאַרען אוועקצולייגען זיין מידען קאָפּ. ווען א דאַרשט פּיי־ניגט איהם, בעט ער א טרונק אין ערגעץ א כאַטע; אָבער ער קערט אום די ליידיגע שעפּ אָהן א דאַנק, ווייל זי איז געווען שמור־ציג, אָדער א מיאוס'ער אינזעקט איז געווען אין וואַסער — יעדענפאַלס ער האָט דערין קיין דערפרישונג ניט געפונען. דער־פרישונג! וואו זיינען די אויגען וואָס האָבען ביי אונז צוגענומען דעם פאַרלאַנג אריינצוקוקען ווען ניט איז אין אנדערע, ליכטיגערע און וואַרימערע אויגען? וואו איז די ברוסט אויף וועלכער מיר האָבען גערוהט מיט א געוויסען געדאַנק אז מיר וועלען קיינמאָל ניט בענקען זיך צוצוהערען צום קלאַפּען פון א וואַרימער, און מעהר ליבענדיג הארץ? וואו? קענט איהר מיר זאָגען וואו?

— „ליבע — אַזוי גֶעהט דער עֶנטפער — איז דער ריח פון

דאָס בעסטע אין נאָוואַליס'עס ווערק איז בלויז אַן אויסדרוק פון דער דאָזיגער בענקשאַפט, וואָס נעמט אין זיך אריין יעדען פארלאַנג, פון די ריין נאַטירליכע ביז די העכסטע שטרעבונגען. די שעהנסטע זאכען וואָס ער האָט געשריבען זיינען, דוכט זיך, צוויי לידער, איינס דריקט אוים די ליידענשאפטליכע בענקשאפט פונ'ם יונגען מיידעל, דאָס אנדערע דערציילט פון דער בענקשאפט וואָס איז אַן איננינגע טייל פון דער ענטוזיאסטישער פריינדשאפט פון יונגע לייט.

דאָס ליד וואו די יונגע מיידלעך באקלאָגען זיך אויף די שווערינקייטען פון זייער גורל, איז גרויסארטיג. דאָ איז די „בלאָע בלום" פשוט א פארבאָטענע פרוכט. אָבער די בענקשאפט ווערט אויסגעדריקט מיט כשופ'דיגער שעלמישקייט. אינ'ם ליד „צו א פריינד" ווערט זי גאר אויסגעדריקט מיט פייער און הייליגקייט:

Was passt das muss sich runden,
Was sich versteht, sich finden,
Was gut ist, sich verbinden,
Was liebt, zusammen sein,
Was hindert, muss entweichen,
Was krumm ist, muss sich gleichen,
Was fern ist, sich erreichen,
Was keimt, das muss geseihn.

Gieb Freulich mir die Hande,
Sei Bruder mir und wende
Den Blick vor Deinem Ende
Nicht wieder weg von mir.
Ein Tempel wo wir knien,
Ein Ort wohin wir ziehen,
Ein Gluck fur das wir gluhen,
Ein Himmel mir und dir!''

דאָ געפינען מיר א בענקשאפט כמעט ווי ביי א קרייצטראָגער — א זוכעניש ערגיץ אין דער ווייטקייט נאָך עפּעס גרוים און בארימטס. די „בלאָע בלום" צעגעהט אין דער בלאָקייט פון האָריזאָנט. בלויז איהר קאָליר באצייכענט ווייטקייט.

וואַליס דענקט אַז אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין. אין „אַפּטערדינ־גען" זאָגט ער וועגען פּאָעטען: „בלויז אַ סך בעשעהעני־שען און וויכטיגע וועלען זיי צעטומלען. אַ פּשוט לעבען איז זייער גורל, און זיי מוזען זיך באַקענען מיט פאַרשידענע און צאָלרייכע ער־שיינונגען פון דער דרויסענדיגער וועלט בלויז דורך מעשיות און ביכער. אין משך פון זייער לעבען מעגען זיי בלויז אין זעלטענע פאַלען זיך אריינוואַרפען אין ווילדען שטורעם פון עפּעס אַ גרויס געשעהעניש, כדי זיי זאָלען קריגען גענויערע ידיעות וועגען דער פּאָזיציע און דעם כאַראַקטער פון אַקטיווע מענשען, זייערע פרייע אויפנעמבאַרע מוחות זיינען גאַנץ גענוג פאַרנומען מיט נאָהענטע און איינפאַכע ערשיינונגען... דאָ אויף דער ערד, פאַרמאָגענדיג שוין די הימלישע רוה, ניט ווע־רענדיג געפייניגט פון נישטיגע פאַרלאַנגען, איינאָטעמענדיג בלויז דעם ריח פון ערדישע פרוכטען, ניט פאַרשלינגענדיג זיי, זיינען זיי פרייע געסט, וואָס זייערע גאָלדענע פיס טרעטען לייכט, און וואָס זייער פאַראַנענקייט מאַכט אַז ניט ווילענדיג זאָלען זיי אויס־שפּרייטען זייערע פליגעל... אויב מיר פאַרגלייכען דעם דיכטער מיט'ן העלד, וועלען מיר אויסגעפינען אַז אַ סך מאָל האָט דעם פּאָעט'ס ליד אויפגעוועקט אַ העלדישען מוט אין יונגע הערצער, אָבער העלדישע טאַטען האָבען קיינמאָל ניט אַרויסגערופען אין לעבען דעם גייסט פון פּאָעזיע אין קיין שום נשמה".

מען וואָלט געקענט קלאָרער דעפינירען דעם פונדאַמענטאַ־לען טעות. לויט אָט דער טעאָריע איז פּאָעזיע ניט דער אויס־דרוק פון לעבען און זיינע מעשים; ניין, דאָס לעבען און זיינע מעשים שטאַמען פון פּאָעזיע. פּאָעזיע באַשאַפט דאָס לעבען. עס איז קיין ספק ניט אַז עס איז פאַראַן אַזאַ פּאָעזיע וועגען וועלכער מען קען אַזוי זאָגען; אָבער אויב עס איז פאַראַן אַן איינציגער סאָרט פּאָעזיע בנוגע וועלכער דאָס קען קיינמאָל ניט זיין אמת, איז דאָס טאַקע די פּאָעזיע וועגען וועלכער עס רעדט זיך ביי איהם. צו וואָסער מעגליכע מעשים קען זי אָנרע־גען? אַז אימיצער זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ זינגענדיגען בוים אָדער אַ גאָלדענעם ווידער? דאָ איז לחלוטין ניט קיין פראַגע וועגען האַנדלונג, נאָר בלויז וועגען בענקשאַפט.

טראַנספאָרמאַציעס האָט ער כל'ע מינים וואונדערבאַרע גע־שפּרעכען". דאָס קענען מיר לייכט גלויבען.

אין דער דענישער ליטעראַטור איז אינגעמאַנ'ס „די שוואַרצע ריטער" דאָס ווערק וואָס איז צום נאָהענטסטען צו היינריך פאָן אָפטערדינגען. פון אינגעמאַנ'ס אויטאָביאָגראַפיע געפינען מיר אויס געגוי אין וואָסער הינזיכט דער גייסטיגער צושטאַנד זיינער, בעת ער האָט געשריבען דאָס דאָזיגע בוך, איז געווען ענליך צום דייטשישען ראָמאַנטיקערס. „איך האָב זעהר וויינינג אויפמערק־זאַמקייט געשאָנקען די גרויסע געשעהענישען וואָס זיינען פאָרגע־קומען אין דער דרויסענדיגער וועלט. אפילו די שרפה אין מאָסקווע, דער חורבן פון דער „גרויסער ארמיי" און נאַפּאָלעאָנ'ס פאַלען זיינען פאַר מיר בלויז געווען פאַרבייגענדיגע ערשיינונ־גען. אפילו אין דער דייטשישער „באַפרייאונג־מלחמה" האָט איך בלויז געזעהן אַ צעטיילט פאָלק אין קאַמף מיט זיך אליין, נאָבצ"ע כחות אָהן יעדען פּרינציפּ פון אחדות און האַרמאָניע. צ ו ו י־ ש ע ן ד ע ם א י ד ע א ל ע ן ל ע ב ע ן א ו ן ד ע ם מ ע נ ש ל י כ ע ן ל ע ב ע ן א י ז ג ע ל ע ג ע ן אַ ן אָ פּ ע נ ע ר אָ פּ ג ר ו נ ט, וואָס בלויז דער הימלישער רע־גענבויגען פון ליבע און פּאָעזיע האָט געקענט אריבערגעהן... שריי־בענדיג בין איך אריין אין אַ פייען לאַבירינט וואו ליבע איז געווען מיין אריאַדנע פאָדעם, און אין וועלכער איך האָב געהאָפט איינצושלעפּען פון די מאָנסטער פ׳ן ל ע ב ע ן, מאַכען פונ'ם דיסאָנאַנס אַ גרויסע וועלט האַרמאָניע און פאַרענטפערען די וועלט מיסטעריע מיט דער גרויסער האַרף פון דער לעבענס־פּאָעזיע, וואָס איהרע סטרונעס האָט די געניא־ליטעט געצויגען פון פעלז צו פעלז איבער'ן שוואַרצען אָפּגרונט." דער פּועל יוצא פון אָט דעם פאַרזוך איז געווען קלאָגעדיג.

עס איז זיכער אז אין „היינריך פאָן אָפטערדינגען" איז נאָ־וואַליס'ן געלונגען צו שאַפען עפּעס וואָס איז אזוי ווייט ווי מעגליך פון „ווילהעלם מייסטער". די „בלאָע בלום" איז געווען דער עמבלעם פונ'ם אידעאַל. דאָ זעהען מיר ווי דאָס רעאַלע ווערט פאַרגעסען אינ'ם אידעאַלען און דאָס אידעאַלע — אין זיין עמבלעם. פּאָעזיע ווערט לחלוטין אָפּגעזונדערט פון לעבען. נאָ־

און פאַרליבט זיך אין אַ מענשען, וואָס איז ניט ווייניגער וואונ־ דערבאַר ווי דער אָביעקט פון זיין ערשטער ליידענשאַפט. דיאַנע פאַרנעמט מאַטילדע'ס פּלאַץ.

די צווייטע טייל פון ראָמאַן איז בלויז אַ סקיצע. היינריך וואַנדערט אַרום דער גאַנצער וועלט, נאָך דעם ווי ער לעבט אי־ בער אַלע וועלטליכע ערפאַרונגען „ציהט ער זיך ווידער צוריק אין זיין נשמה אריין, אַזוי ווי אין זיין אַלטער היים". מאַטע־ ריעלע זאַכען ווערען איצט פאַרוואַנדעלט אין גייסטיגע זאַכען. „די וועלט ווערט אַ חלום, דער חלום ווערט אַ וועלט". היינריך געפינט ווידער מאַטילדע'ן, אָבער מען קען זי מעהר ניט אונטער־ שיידען פון ציאַנע'ן, — פּונקט ווי אין נאָוואַליס'עס אייגען לע־ בען איז יוליע ניט מעהר געווען יוליע, נאָר אַ לעבעדיג געוואָ־ רענע סאָפיע. און איצט ווערט געפייערט דער „יום טוב פון דער נשמה", פון ליבע און אייביגער טרייקייט. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט פאַרנעמט די אַלעגאָריע דעם אויבען אָן. דער פּרינ־ ציפּ פון גוטס און דער פּרינציפּ פון שלעכטס קומען אַרויס אין אָן אָפענער קאָנקורענץ, זינגענדיג אַנטיפאָניעס; דאָס זעלביגע טוען די וויסענשאַפטען, אפילו מאַטעמאַטיק. מיר הערען אַ סך וועגען אינדיאַנער פּלאַנצען, ער מאַכט אַז די לאָטוס בלום זאָל שפּילען אַ ראָלע אַזוי ווי זי וואָלט געהאַט אין זיך עפּעס פון דער „בלאָער בלום".

דער סוף פון דער מעשה ווערט בלויז אָנגעוואונקען. היינ־ ריך געפינט די „בלאָע בלום" — דאָס איז מאַטילדע. „היינריך רייסט אָפּ די בלאָע בלום און באַפרייט מאַטילדע'ן פון'ם כישוף וואָס האָט זי געבונדען, נאָר ער פאַרלירט זי ווידער. דערשלאָגען פון צער, פאַרוואַנדעלט ער זיך אין אַ שטיין. עדאַ, וועלכע, אַ חוץ דעם וואָס זי איז „זי אַליין", איז זי אויך די בלאָע בלום, די אָריענטאַ־ לישע געפאַנגענע, און מאַטילדע (פּירפּאַכיגע (Doppelgangerei איז זיך מקריב פאַר'ן שטיין, וואָס פאַרוואַנדעלט זיך דערנאָך אין אַ זינגענדיגען בוים. ציאַנע האָט אַראָפּ דעם בוים און פאַר־ ברענט זיך צוזאַמען מיט איהם, און דער בוים פאַרוואַנדעלט זיך אין אַ גאָלדענעם ווידער. עדאַ־מאַטילדע איז געצוואונגען מקריב צו זיין דעם ווידער, און היינריך ווערט צוריק אַ מענש. בעת די

נאַטירליכע נייגונגען אריינצודרינגען אינ'ם תוך פון זאַכען, צו
שטודירען די געזעצען פון אורזאַכליכקייט, וועט עס ניט זיין
שטאַרק גענוג. קיין זאַך איז ניט נויטיגער פאַר'ן פּאָעט ווי ארייג־
צודרינגען אין דער טבע פון יעדער געשעהעניש, און וויסען די
מיטלען מיט וועלכע צו דערגרייכען יעדען ציל... ענטוזיאַזם אָהן
פאַרשטאַנד איז גוצלאָז און געפערליך, און דער דיכטער וועט
קענען באַווייזען ווייניג נסים אויב ער אליין וועט נשתומם פון
נסים... ווי שטיל און געדאַנקענרייך דער יונגער פּאָעט זאָל ניט
זיין, איז עס אַלץ צו ווייניג. די אמת'ע, מעלאָדישע שפּראַך־
שעהנקייט פאָדערט א ברייטע, שטילע, באַאָבאַכטענדיגע נשמה.”
אָבער אין איין פּונקט שטימען קלינגזאָר און נאָוואַלים אין גאַנצען
איין, דהיינו, אַז אַלץ איז, און מוז זיין, פּאָעזיע. „עס איז אַ
גרויס אומגליק וואָס פּאָעזיע האָט אַ באַזונדערען נאָמען און וואָס
פּאָעטען זיינען אַ באַזונדערע פּראָפעסיע. עס איז ניטאָ קיין
שום באַזונדער אָדער ספּעציעלע זאַך אין פּאָעזיע. זי איז די
האַנדלונג פאָרם וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מענשלי־
כער פּסיכיק. שטערבען דען ניט אַלע מענשען פּאָעטיש יעדע
רגע פון זייער לעבען?”

היינריכ'ס אַלע ליבע בענקשאַפטען ווערען באַפרידיגט ווען
ער זעהט קלינגזאָר'ס טאָכטער, מאַטילדע'ן. ער פיהלט נאָכאַמאָל
אַזוי ווי ער האָט געפיהלט ווען ער האָט געהאַט די זעהונג פון דער
בלאָער בלום. אָבער מאַטילדע ווערט דערטרונקען. היינריך
פאַרלירט זי אַט ווי נאָוואַלים האָט פאַרלוירען סאָפי פאָן קין.
ער פאַרלאָזט אוגסבורג מיט אַ צובראָכען האַרץ. אין זיין צער
ווערט ער געטרייסט פון אַ זעהונג (ווי די זעהונגען וואָס נאָוואַלים
האָט געהאַט ביי סאָפי'ס קבר) וואו עס באַווייזט זיך צו איהם
די פאַרשטאָרבענע און ער הערט איהר קול. ער לעבט „מיט דער
פאַרשטאָרבענער” אין אַ ווייטען מאָנאַסטיר, וואָס די דאָרטיגע
מאָנאַכען האָבען אַ מיסיע צו דערהאַלטען ביים לעבען דאָס היי־
ליגע פייער אין יונגע נשמות, און וואָס זעהט אויס צו זיין אַ מין
„גייסטער קאָלאָניע”. ער לעבט איבער אַלע געפיהלען, וועלכע
נאָוואַלים האָט אויסגעדריקט אין זיינע „הימנען צו דער נאַכט”,
דערנאָך קערט ער זיך אום פון דער גייסטער וועלט צום לעבען

און די מעשיות פון זיינע רייזענדע באַליטער באַרייכערען איהם מיט איינדרוקען און מאַכען פרוכטבאר די זריעה פון פּאָעטישען שאַפען וואָס ליגט פארבאָרגען אין זיין נשמה. זייערע אַלע גע־שפּרעכען דרעהען זיך אַרום פּאָעזיע און פּאָעטען; זיי דערצעה־לען איהם די מעשה פון אָריאָנ'ען, און פּאָפּולערע לעגענדעס וואו פּאָעטען חבר'ן זיך מיט מלכים, און זיי פילאָזאָפירען איבער פּאָעזיע און קונסט, ניט ווי סוחרים פון דער באַרבאַרישסטער צייט פון דער מיטעלאַלטער, נאָר ווי ראָמאַנטיקער פונ'ם יאָ־1801. איינער פון זיי גיט, למשל, אַזאַ דערקלערונג פונ'ם אינס־טינקטיווען אימפּולס פון דער מענשהייט צו פּלאַסטישער קונסט: „די נאַטור, ווילענדיג געניסען פון אַלע קונסטען וואָס זיינען אין איהר פאראַן, האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין מענשליכע באַשעפעני־שען. אין זייערע נשמות, און דורך זיי, פרעהט זי זיך מיט איהר אייגענער גלאָריע, זי קלייבט אויס אַלץ וואָס איז צום אנגענעמ־סטען און ליבסטען, און זי רעפּראָדוצירט עס אַזוי, אַז זי זאָל עס קענען באַזיצען און געניסען דערפון אויף פאַרשידענע אופנים."

אין אַ שלאָס, וואוהין זיי קומען אריין, באַגעגענט היינריך אַ געפאַנגענע מזרח מיידעל, וואָס איהר רירענדיג קלאָג־ליד איז זעהר אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכען מיט'ן ליד פון דער אָריענ־טאַלישער שעהנהייט (La Captive) אין וויקטאָר הוגאָ'ס „די אָריענטאַלען". אין אַ בוך וואָס געהערט צו אַ מיסטעריעזען פּרוש (דער אָריגינאַל פונ'ם בוך פונ'ם האַלץ־קוילען ברענער אין אינ־געמאַנ'ס Voldemar Sejer) געפינט ער די געשיכטע פון זיין אייגען לעבען.

די רייזענדער קומען אָן קיין אוגסבורג, און דאָ באַקאַנט זיך היינריך מיט אַ פּאָעט און מיט אַ צויבערדיג מיידעל. אין קלינג־זאָר'ן געפינט ער אַן אידעאַלען ביישפּיל פון אַ פול אַנטוויקעלטען פּאָעט, וואָס זיינע אויסדרוקען דערמאָנען אונז אויף פאַרשידענע אופנים אָן געטע'ן. כמעט אַלץ וואָס קלינגזאָר זאָגט איז וואונ־דערבאַר שכל'דיג און קלוג. מיר קענען קוים פאַרשטעהן ווי אַזוי נאָוואַליס אַליין האָט געקענט ניט נעמען עפּעס דערפון אין הארצען אריין. אָט זיינען עטליכע פון זיינע באַמערקונגען: „וויפיעל איך זאָל אייך ניט רעקאָמענדירען נאָכצוגעהן אייערע

פון „שלעכטס“, און זי ווערצעלט אויס שלעכטס דורך דעם וואָס זי גיט איבער די „ליידענשאַפטען“ אין די הענט פון די טויט־ברענגענ־דיגע „שיקזאַלען“. „צייט“ און „מאָראַל“ זיינען איצט מעהר ניטאָ. „דער לעצטער פאַרדעם פלאַקס איז אויסגעשפונען; דאָס טויטע איז באַלעבט; דאָס לעבען הערשט“. אין אַן אוניווערסאַלער שרפה ווערט די מוטער, האַרץ, פאַרברענט אויף טויט, די זון פאַרשווינדט, און דאָס אייז ווערט צעשמאָלצען אַרום דעם פּאַלאַץ פון אַרקטורוס׳ן. עראָס און פאַבעל געהען אַריין אין פּאַלאַץ איבער אַ נייער, גליק־ליכער ערד, וואָס ציהט זיך אויס ווייט און ברייט אונטער אַ נייעם הימעל. פאַבעל האָט דערגרייכט איהר מיסיע; זי האָט געבראַכט עראָס׳ן צו זיין געליבטער, דעם קעניג׳ס טאָכטער. עס בויט זיך אויף דאָס קעניגרייך פון פּאָעזיע.

„פעסט שטעהט דאָס קעניגרייך פון אייביגקייט
אין ליבע, שלום ענדיגט זיך דער שטרייט,
אַוועק איז שוין דער לאַנגער טרוים פון שמאַרץ,
סאָפי איז פּריסטערין פון יעדען האַרץ.“

סאָפי פאַרנעמט דעם זעלביגען פּלאַץ אין אָט דער אַלעגאָריע וואָס בעאַטריצע פאַרנעמט אין דאַנטע׳ס גרויסער פּאָעמע.

דאָס וואָס ער הויבט אַזוי הויך אויף די אַלטע מייסטער־זינגער איז, פאַרשטעהט זיך, געמיינט צו דערהויבען פּאָעזיע בכלל, אָבער זיין דערצעהלונג, ווי זי ווערט נעגעבען אינ׳ם ראָ־מאַן, איז אין דער אמת׳ן די געשיכטע פון האַרדענבערג׳ס אייגען לעבען און שטרעבען. היינריך פאָן אָפטערדינגען׳ס היים און שטילע קינדהייט דערמאָנען אונז אָן האַרדענבערג׳ס אַ חלום — וואָס איז טאָפּעלט רייך אין זיין באַדייטונג ווייל זיין פאָטער, אין זיין יוגענד, האָט אויך געהאַט אַזאַ חלום — גיט איהם אַ פאָר־געפיהל פונ׳ם מיסטעריעזען גליק פונ׳ם דיכטער׳ס לעבען, און ווייזט איהם, אין דער פאָרם פון אַ וואונדערליכער בלאָער בלום, דעם ציל פונ׳ם דיכטער׳ס בענקשאַפט און שטרעבונג.

כדי היינריך זאָל באַקאַנט ווערען מיט דער וועלט, ווערט באַ־שלאָסען אַז ער און זיין מוטער זאָלען פאָרען קיין אַגסבורג צו־זאַמען מיט עטליכע סוחרים. די אינצידענטען אויף דער רייזע

לירען א. אז. וו., א. אז. וו. מענשליכע באשעפענישען זיינען נשמה פריזמען."

זיין ראָמאַן איז אַלזאָ אַן אַלעגאָריע, וואָס איהר שליסעל ליגט אין דער צויבער מעשה וואָס ווערט אריינגעפירט אינ'ם ווערק די דאָזינגע צויבער מעשה דארף ווייזען ווי אזוי די אמת'ע אייביגע וועלט ווערט באשאפען; עס איז א שילדערונג פון דער ווידערגע־בורט פון דער מלוכה פון ליבע און פּאָעזיע וואו די גרויסע „וועלט נשמה שפּרייט זיך אויס און בליהט אויף אייביג". נאָוואַליס גלויבט אז ווי באַלד דער פאראנגענער הימעל און די פאראנגענע ערד זיינען בטבע פּראָזאאיש, און ווי באַלד אונזער צייט איז א צייט פון פּראַק־טישקייט, מוז קומען א פּאָעטישער יום הדין, א צויבער שפּרוך מוז דורכגעבראָכען ווערען, איידער דאָס נייע לעבען קען אויפבליהען. דער קעניג יורקטורוס און זיין טאָכטער דרימלען, פאַרפרוירען אין זייער אייזיגען פּאַלאַץ. פּאַבעל (ד. ה. פּאָעזיע) און איהר ברודער, עראָס, באפרייען זיי. עראָס איז דאָס קינד פונ'ם אומרוהיגען פאָ־טער, שכל, און דער געטרייער מוטער, הארץ. פּאַבעל איז געקומען אויף דער וועלט צוליעב דער אומטרייקייט פון שכל; זי איז א קינד פון פאנטאזיע, טאָכטער פון לבנה; איקר קוואטערין איז די הי־מערין פון דעם פאמיליען אלטאר, סאָפי, די הימלישע חכמה.

דער „שרייבער" מאכט א קאָנספּיראציע אַנטקעגען די גוטע כחות פון אָט דער אַלעגאָריע. דער שרייבער איז דער גייסט פון פּראָזע, וויניג אויפגעקלערט; ער ווערט געשילדערט ווי ער האַלט אין איין שרייבען. ווען סאָפיא טונקט איין אַליץ וואָס ער האָט גע־שריבען אין א שיסעל וואָס שטעהט אויפ'ן אַלטאר, איז טיילמאָל אביסעל דערפון נאָך לעזבאר, אָבער אָפט ווערט עס אין גאנצען אראָפּגעוואשען. טרעפט זיך אז טראָפּענס פון דער שיסעל פאלען אויף איהם, פאַלען זיי ווידער אראָפּ פון איהם אין דער פאָרם פון ציפערן און געאָמעטרישע פיגורען, וועלכע ער קלייבט מיט חשק צו־נויף, ציהט זיי ארויף אויף א פאָדעם און טראָגט זיי ארום זיין האַלז ווי א צירונג. דער שרייבער איז נאָוואַליס'עס נורעדין. דער סוף פון דער מעשה איז, אז דער פאָטער און די מוטער ווערען פאר־שפּארט און דער אַלטאר — צעשטערט.

אָבער פּאַבעל איז אַנטלאָפען. זי נידערט אראָפּ אין קעניגרייך

„מיין ראָמאַן איז אין פולען גאַנג; ער וועט זיין אַ פאַרגעטערונג פון פּאָעזיע. אין דער ערשטער טייל וואַקסט היינריך פאָן אָפטערדינגען אויס אַ פּאָעט, אין דער צווייטער טייל איז ער שוין אַ באַרימטער פּאָעט. די מעשה וועט אין אַ סך פּרטים ענליך זיין צו אייער שטערנבאַלד, אָבער אָהן דער לייכטקייט וואָס דאָרט איז פאַראַן. דאָך וועט דאָס אפשר ניט זיין קיין חסרון ווען מען באַטראַכט די טעמע."

נאָוואַליס קריטיקירט געטע'ן און „ווילהעלם מייסטער" אַזוי: „געטהע איז דורכאויס אַ פּראַקטישער פּאָעט. זיינע ווערק זיינען אַזוי ווי ענגלישע מלבושים: איינפאַך, געשמאַקפול, פּאַסיג פאַר זייער צוועק און דויערהאַפט... פונקט ווי דער ענגלענדער, פאַרמאַגט ער אַ חוש פאַר אָרדנונג און עקאָנאָמיע און אַן אַנטוויקעלטען חוש פאַר פיינקייט און איידעלקייט... „ווילהעלם מייסטער'ס לערן יאָרען" איז, אין אַ געוויסען זין, לחלוטין מאָדערנע און פּראָזאַאיש. דאָס ראָמאַנטישע פאַרשווינדט דערין, דאָס זעלבינע איז אויך מיט פּאָעזיע — די מאַגישע אייגענשאַפט — פון דער נאַטור. דאָס בוך באַהאַנדעלט בלויז טאָג טעגליכע מענשליכע עסקים; די נאַטור און דער גלויבען אין איהרע מיסטעריעזע כחות ווערען כמעט ווי אויסגעלאָזען. עס איז אַ פּאָעטיש געשריבענע מעשה פון בורזשואַזען שטוב לעבען, וואו דאָס וואונדערבאַרע ווערט אויסדריקליך באַהאַנדעלט ווי פּאָעזיע און פאַנטאַזיע. דער גייסט פונ'ם בוך איז אַרטיסטישער אַטעאיזם. „ווילהעלם מייסטער" איז אַ „קאַנדיד" *) בנוגע פּאָעזיע".

אַלזאָ, נאָוואַליס'עס ציל איז צו שאַפען אַ ווערק וואָס אין פונקט דער היפוך פון דעם, אַ ווערק וואו אַלץ ווערט סוף כל סוף רעדוצירט צו פּאָעזיע, וואו „די וועלט ווערט הוילע נשמה", ווייל אַלץ איז נשמה. „די שייכות פון דער נאַטור צו דער נשמה איז דער שייכות פון אַ סאָלידען קערפּער צו ליכט. דער סאָלידער קערפּער טיילט אָפּ ליכט, ברעכט עס פאַנאַנדער אין וואונדערליכע קאָ-

*) קאַנדיד איז דער נאָמען פון אַ העלד פון וואָלטער'ס אַ ווערק. זיין הויפּטכאַראַקטעריסטיק איז דאָס וואָס ער פאַרטראַגט אַלע צרות מיט פילאָזאָפישער גלייכגילטיגקייט. — איבערזעצער.

אַ צויבער מעשה איז אַ ניט פאַרבונדען טרוים־בילד, און איהר כח ליגט דערין וואָס זי איז פונקט דער היפוך פון דער אמת׳ער וועלט, און דאָך אין גאנצען ענליך צו איהר.״ די צוקונפט וועלט איז, לויט נאָוואַליס׳ן, אַ שכל׳דיגער כאָאָס, דער הערשענדיגער כאָאָס. די עכטע צויבער מעשה דארף דערפאַר זיין, דענקט ער, ניט בלויז אַ מעשה, נאָר אויך אַ נביא׳ישע פאָרשטעלונג, דאָס אידעאלע, דאָס אומפאַרמיידליכע. דער שרייבער פון צויבער מעשיות איז דער טאָדערנגער זעהער. דער ראָמאַן איז, אַזוי צו זאָגען, פייע געשיכטע, די מיטאָלאָגיע פון דער געשיכטע. און ליבע, זייענדיג די פאָרם פון מאָראַל וואָס איז כולל אין זיך די מעגליכקייט פון מאַגיק, איז די נשמה פון׳ם ראָמאַן, דער פונדאַמענט פון אַלע ראָמאַנען. וואָרים וואו עס איז פאַראַן אמת׳ע ליבע דאָרט געשעהען וואונדערליכע זאַכען, נסים.

די דאָזיגע טונקעלע, דאָך, אין אַ געוויסען זין, אומצוויידייטיגע, אויסדרוקען פון נאָוואַליס׳עס מיינונגען איבער דער פראַגע וועגען דער אמת׳ער נאַטור פון דער פּאָעזיע און דעם ראָמאַן, מאַכען אונז לייכטער צו פאַרשטעהן זיין אורטייל בנוגע „ווילהעלם מייסטער״, אַ בוך וואָס ער האָט שטאַרק באַוואונדערט אין זיין פריהער יוגענד. אין „ווילהעלם מייסטער״, פונקט ווי אין „טאָרקוואַטאָ טאַסאָ״ איז די פּאָעזיע געצוואונגען אָפּצוטרעטען איהר פּלאַץ דער ווירקליכקייט, די פּראַקטישע אויפפאַסונג פון לעבען פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון דער פּאָעטישער. נאָוואַליס האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען עפּעס שענדליכערס פון דעם. עס איז געוועזען אַ זינד אַנטקעגען דעם הייליגען גייסט פון דער פּאָעזיע. אינ׳ם ראָמאַן, אין דער ליטעראַטור, קען די פּאָעזיע ניט איגנאָרירט ווערען, קען אפילו ניט באַגרענעצט ווערען, זי מוז ווערען דערהויבען און גלאָריפיצירט.

דערפאַר באַשליסט ער צו שרייבען אַ ראָמאַן וואָס זאָל זיין פונקט דער היפוך פון ווילהעלם מייסטער. ער שטעלט זיך אָפּ אפילו אויף אַזעלכע קליינינקייטען ווי שריפט און גרויס, און ער באַשטימט אַז בנוגע דעם זאָל „היינריך פאָן אָפטערדינגען״ זיין פונקט דער היפוך פון׳ם בוך וואָס זיין וועלטליכע פילאָזאָפיע וועט ער אָפּלייקענען מיט זיין מאַגישען מיסטיציזם. ער שרייבט צו טיק׳ן:

וויליאַם לאָוועל. ווען דער העלד קוקט אריין אין זיך, זעהט ער, ווי לאָוועל, א קעסעל גרוב אָהן א גרונד, א רוישענדיג, פארטויבענדיג רעטעניש. אין דער צווייטער אויפלאַגע האָט טיק געהאַלטען פאַר ראַטזאַם אויסצולאָזען א טייל פון די אויסגעלאַסענע סצענעס פון באָדען זיך און טרינקען צווישען וועלכע עס צעלאָזט זיך די אומ־רוהיגע בענקשאַפט פונ׳ם העלד.

אָבער די הויפט זאך צו וועלכער איך וואָלט געוואָלט ציהען די אויפמערקזאַמקייט איז דאָס, וואָס די ווירקליכקייט איז דאָ ראַ־פינירט און גערייניגט אויף אַן אופן וואָס איז געטע׳ן אומבאַ־קאַנט. זי ווערט דאָ דינער, דינער — א פארע, א געפיהל־פּארע; די פערזענליכקייט ווערט פארטרונקען אין דער לאַנדשאַפט, די האַנדלונג — אין דער מוזיק פונ׳ם וואַלד־מענשענס פייפעל. אין „שטערנבאַלד" איז יעדער טאָג א יום טוב. א געפיהל פון איבער־געגעבענקייט דרינגט דורך די לופט; עס דוכט זיך מיר הערען דעם קלאַנג פון די קירכען גלאָקען און וויסען אז די וועלט איז שבת׳דיג. די פאָלגענדע ווערטער פונ׳ם העלד אַנטהאַלטען די פילאָזאָפיע פונ׳ם ווערק: „אין דער דאָזיגער וועלט קענען מיר בלויז פארלאַנ־גען, מיר קענען בלויז לעבען אין כונות; אמת׳ע האַנדלונג געהערט צו יענער וועלט". ממילא איז אין דער מעשה קיין האַנדלונג ניטאָ; די העלדען וואַנדערן ארום מיט אזוי ווייניג קלאָרע צילען אזוי ווי קאָמעטען; זייער לעבען באַשטעהט פון א סעריע צופעליגע, ניט געזוכטע פּאַסירונגען; זיי וואַנדערן תמיד ארום זוכענדיג דאָס אי־דעאַלע, און אזוי ווי מען גלויבט אין אַלגעמיין אז דאָס אידעאַלע האָט זיך באַזעצט ערגיץ אין שכנות פון רוים, ענדיגט זיך דאָרט דאָס בוך. די מעשה האָט ניט קיין סוף, און ווערט קיינמאָל ניט ווייטער געפירט.

או זטאקע צוליב דער פאר׳חלומ׳טקייט און ניט פארבונדענ־קייט איז פאר נאָוואַליס׳ן „שטערנבאַלד" בילכער ווי „ווילהעלם מייסטער". „ווייל דער תוך פון מיין פילאָזאָפיע, זאָגט ער, איז דער גלויבען אז דאָס פּאָעטישע איז דאָס אבסאָלוט רעאַלע, און וואָס פּאָעטישער עפּעס איז אַלץ אמת׳ער איז עס. דערפאַר איז דעם דיכטער׳ס עובדא ניט צו אידעאַליזירען, נאָר ארויפצוהויבען א כשוף. די פּאָעזיע פון דער צויבער מעשה איז די אמת׳ע פּאָעזיע.

זין וואָס ער האָט זיי פריהער געגעבען ; ער באַקומט אַן ענטפער אויף זיינע פראַגען, אָבער אַן ענטפער וואָס לערנט איהם, אַז די דאָזיגע קשיות דאַרפען אַנדערש געשטעלט ווערען. דאָס זעלביגע טרעפט אין לעבען מיט ווילהעלם׳ען, אין זיין בענקשאַפט נאָך אַ פאַראויס באַגריפענעם אידעאַל. אַ סך מענשען האָבען ארומגענומען אַ וואָלקען אָנשטאָט יונאָ׳ן ; ווילהעלם לאָזט אָפּ דעם וואָלקען און דריקט יונאָ׳ן צו זיין האַרצען.

„ווילהעלם מייסטער“ האָט געהאַט כמעט פונקט אַזאַ חלק ווי „די השתפכות הנפש פון אַ קלויסטער ברודער“ אין דער שאַפונג פון טיק׳ס שטערנבאַלד, וואָס איז כסדר אַן עכאָ פון געטע׳ס גרויס ווערק. גלייך נאָך דער ערשיינונג פון „ווילהעלם מייסטער“, האָט טיק סקיצירט אַ פּלאַן פון זעהר אַן אינטערעסאַנטער מעשה „דער יונגער סטאָליער“, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען ערשט אין איין און פערציג יאָר אַרום. דער העלד, שוין כמעט אַ צו מושלמ׳דיגער און אַרטיסטישער יונגער סטאָליער, געהט דורך אַן אַנטוויקלונג פּראָצעס וואָס איז זעהר ענליך צו ווילהעלם מייס־טער׳ס בנוגע די איינפלוסען פון אַריסטאָקראַטישע באַקאַנטע, פון דראַמאַטישער קונסט און טעאַטער. זייענדיג אַן אמת׳ער ראָ־מאַנטיקער האָט ער פאַרגעשטעלט שעקספיר׳ס קאָמעדיעס אין אַ פּריוואַט טעאַטער וואָס איז גענוי נאָכגעמאַכט נאָך די טעאַטערן פון שעקספיר׳ס צייט, און ער איז דער ליבהאָבער סיי אויף דער בינע סיי הינטער דער בינע.

ער האָט דאָס דאָזיגע ווערק אוועקגעלייגט צו גונסטען „שטערנ־באַלד“. דער מאָדערנער סוחר האָט געדאַרפט אָפּטרעטען דעם וועג דעם אַרטיסט פון דער ראָמאַנטישער פּעריאָדע פון אַלבערט דירער. „שטערנבאַלד“ איז די פאַרגעטערונג פון „געמיט“, פון ריינעם גע־מיט, אָהן אַ צומיש פון שכל און קלאָרקייט. אַלזאָ, דער סך הכל און דער תמצית פונ׳ם בוך איז דער פאַרלאַנג, אַ לעכצענדיגער פאַר־לאַנג ; דערפאַר דערצעהלט מען אונז וועגען אַזאַ געשעהעניש ווי די רעפאָרמאַציע, אַז, אָנשטאָט צו שאַפען אַ געטליכע פולקייט אין דער רעליגיע, האָט זי בלויז געשאַפען אַ פוסטקייט אין דענקען וואו אַלע הערצער שמאַכטען ; דערפאַר ווערט פון דער מילדער ליידענ־שאַפט פון געטע׳ס ראָמאַן דער ברוטאַלער פאַרלאַנג פון אַ טיפּ ווי

דאָס וואָס געטע האָט אויסגעמיטען אַלע פּסיכאָלאָגישע עקס־טרעמען איז אַ וויכטיגער אָנווייז אויף דער צענטריפּעטאַלער טענ־דענץ פון׳ם „געמיט״. אַ.אַ עקסטרעם איז אַ פאַרברעך וואָס מען האַלט פאַר פאַרברעכעריש. אפילו ווען געטע באַריירט דאָס שרעקליכע, ווי, למשל, ליידענשאַפט צווישען איינענע (די מעשה פון׳ם האַרפען שפּילער), איז זיין פאַרלאַנג אַז מיר זאָלען בלויז טיף געריירט ווערען, ניט אַז מיר זאָלען אורטיילען; ער ברענגט ניט דעם משפט פאַר׳ן מאָראַלען טריבונאַל און פיעל וויניגער פאַר׳ן געזעצליכען. און די מעשה פאַרלירט אַ טייל פון איהר פּיינליכקייט צוליב דעם אופן אויף וועלכען זי ווערט אונז איבערגעגעבען. מיר הערען דאָס ניט פון׳ם האַרפען שפּילער אליין; זיינע ליפען זיינען פאַרשלאָסען; אַ פרעמדער דערצעהלט אונז נאָך זיין טויט.

אָט טאַקע אין דער זעהר אידעאַליזירטער וועלט, אויף וועל־כער דעם דיכטער׳ס האַנט האָט אַוועקגעלייגט זיין חתימה פון שעהנקייט, וואַנדערט ווילהעלם אַרום אָהן אַ פּלאַן, אָבער ניט אָהן אַ ציל. ער ציהט זיך צו אַ אידעאַל — צו אַ אידעאַלער פּראָפע־סיע, אַ אידעאַלער פרוי, אַ אידעאַלער קולטור. לכתחילה איז ער אַ סוחר, דערנאָך אַן אַקטיאָר, דערנאָך אַ דאָקטאָר; לכתחילה ליבט ער מאַריאַנען, דערנאָך די גרעפין, דערנאָך טערעזע׳ן, דערנאָך נאַטאַל׳ען. זיין ערשטער קולטור אידעאַל איז ערפאַרונג, זיין צווייטער — אינטעלעקטועלע ראַפינירטקייט; דערנאָך זוכט ער איהם אין זעלבסט־פאַרלייקענונג, און ער ענדיגט מיט עקספּערי־מענטען אין סאָציאַלער רעפאָרם, וואָס האָט, אין זיין צייט, געמאַכט „וואַנדער יאָרען״ פאַר איינס פון די ביכער צו וועלכען סאָציאַליס־טישע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך זעהר גערן געווענדט. אָבער די הויפּט זאַך צו באַמערקען איז, אַז ווילהעלם בייט תמיד זיין אידעאַל. ער געפינט איהם ניט; ער פאַרלירט איהם, אַזוי צו זאָ־גען. מען קען ניט זאָגען, אַז ער ווערט דער בורזשואַ, דער פיליס־טער, וואָרים דאָס וואָרט פאַרלירט זיין זין פאַר איהם.

אַ יונגערמאַן וואָס נעמט זיך מיט התמדה שטודירען פילאָזאָ־פיע, זוכענדיג אויפקלערונג בנוגע גאָט, אייביגקייט, דעם צוועק פון לעבען, און דער אומשטערבליכקייט פון דער נשמה, מיט איהם טרעפט אָפט, אַז אין שטודיום פאַרלירען די דאָזיגע ווערטער דעם

פון אַ שעהנעם כאַראַקטער; די פיזישע און גייסטיגע העכערקייט און די פרייהייט וואָס זיינען אַ פועל יוצא פון אַ זעהר גינסטיגער און זיכערער לאַגע ווייזען זיך סימפּאַטיש אַרוים אין דער פּערזענליכקייט פון אַ העכערן ראַנג. מיר קענען אפשר האָבען טענות וואָס „איידעל“ און „אַריסטאָקראַטיש“ ווערען איצט אַזוי אָפּט באַטראַכט ווי סינאָנימען, אָבער די סיבה דערפון דאַרף מען זוכען אין די קלעגליכע, ענגע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען פון דייטשלאַנד אין געטע׳ס צייט. אַזוי ווי די דערציילונג איז ניט קיין קינד פון דער פאַראייניגונג פון פאַנטאַזיע און ווירקליכקייט נאָר פון פאַנטאַזיע און „געמיט“, דערפאַר איז פאַראַן עפּעס אומרעאַלס אין איהר גאַנצען כאַראַקטער; אַ סך איז פאַרשטעלט, אַ סך — אָפּגעריינינגט; אַלץ איז אַזוי אידעאַליזירט אַז עפּעס ווי די מאַטעריעלע וועלט וואָלט געשטאַנען אין שאַטען פון דער גייסטיגער.

עס ועדט זיך דאָרט בלויז פון פּריוואַטע אומשטאַנדען און מענשען. אמת, פאַראַן אַ וואונק אויף אַ מלחמה, און אויף אַזאַ אופן אַז מיר האָבען אַ מעגליכקייט צו שליסען אַז עס רעדט זיך וועגען דער מלחמה וואָס איז געקומען נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע; אָבער קיין באַשטימטע זאַך ווערט וועגען דעם ניט געזאָגט. בנוגע דעם פּלאַץ קענען מיר בלויז קומען צום שלום אַז ער איז ערגיץ אין צענטראַל דייטשלאַנד; אָבער די לאַנדשאַפט פאַרמאָגט ניט קיין בולט׳ע כאַראַקטער שטריכען, זי קלינגט אָפּ ווי אַ שוואַכע מוזיקאַלישע באַגלייטונג צו דער שטימונג אין דער וועלט, וואָס די דערציילונג שילדערט, ווערט קונסט, באַטראַכט, לויט דער צעדרעהטער מאָדע פון יענער צייט, ווי די שול פון לעבען, אַנשטאָט צו באַטראַכטען דאָס לעבען ווי די שול פון קונסט. נאַציאָנאַלע, היסטאָרישע געשעהענישען זיינען בלויז „אַ ביסעל טעאַטער גערויש הינטער די קוליסען“*) קיין איינער פון די העלדען האָט ניט אין זין קיין פּראַקטישען צוועק; בלויז דער שטראָם פון זייערע בענקשאַפטען און שטימונגען טרייבט זיי פאָראויס. זיי וואַנדערן אַרום, ניט געבונדען פון די אומשטאַנדען, ניט אכטענדיג אויף די גרענעצען פון לענדער און פירען אַ „פלאַנלאָז“ לעבען.

---

*) Auerbach: Deutsche Abende.

ווערט בלויז באַאײנפלוסט, ער שטרעבט ניט, ער בענקט. ער פאָלגט נאָך אידעאַלען זוכענדיג זיי צום ערשט אויף דער בינע, און דער־נאָך אין אמת׳ן לעבען. ווילהעלם איז אויך א קינד פון „געמיט". דאָס בוך איז דורכגעדרונגען מיט געמיט. ניט בלויז די העלדען זיינען פול מיט געמיט, ווי אין א סך ענגלישע ראָמאַנען. (א טייל פון דיקענס׳עס ראָמאַנען, למשל), אָבער דאָרט געפינט זיך א מין געמיט אין דער באַזונדערער מטושטוש׳ער אטמאָספערע, וואָס רינ־גלט זיי ארום. קיין שטריך איז ניט רעאַליסטיש גראָב אָדער באַ־שטימט; די קינדער פון געמיט האָבען ווייכע קאָנטורען. הייבערג האָט אמאָל געמאַכט א סך הכל פון געטע׳ס פילאָזאָפיע, וואָס ער אליין איז געווען איהר אנהענגער, אין די פאָלגענדע ווערטער: „געטע איז ניט אוממאָראַליש און ניט אומרעליגיעז, ווי דאָס וואָרט ווערט געוויינליך פארשטאַנען, ער ווייזט אָבער אז עס זיי־נען ניטאָ קיין געזעצען פון פליכטען אָהן באַדינגונגען, און אז מיר דאַרפען אוועקשטעלען אונזער רעליגיע אויף דער זעלביגער מדרגה ווי אונזר פּאָעזיע און אונזער פילאָזאָפיע". בעת מיר לייענען „ווילהעלם מייסטער" וואונדערן מיר זיך אויף דעם אופן אויף וועל־כען די פעסטע שול עטיק אָדער טעקסט־בוך עטיק, די ענג־הארציגע, קאָנווענציאָנעלע אידעען וועגען מאָראַל און גערעכטיגקייט, ווערען אזוי פאַראַנדערשט, אז מאָראַל ווערט מעהר ניט באַטראַכט ווי דאָס אבסאָלוטע געזעץ פון לעבען, נאָר בלויז ווי א וויכטיגער לעבענס פרינציפּ, איינער פון א סך, וואָס אַלע זיינען גלייך געזעצליך און גלייך אונטער א קאָנטראָל, פונקט ווי דער מארך פון דער חיה, כאָטש ער איז זעהר וויכטיג, איז ניט, לויט דער אָפּשאַצונג פונ׳ם פיזיאָלאָג, די איינציג וויכטיגע טייל, נאָר בלויז אַן אָרגאַן, וואָס טוט זיין ארבייט אין פארבינדונג מיט׳ן הארץ, מיט דער לעבער, און די אנדערע אָרגאַנען. ממילא ווערט ליידענשאַפט ניט באַליי־דיגט ווי עפּעס חיה׳שעס, נאָר זי ווערט פּשוט און אָפענהארציג פאַרגעשטעלט (אין פילין) ווי עפּעס אנגענעמס און ליבּס. די הארמאָנישע אנטוויקלונג פון ווילהעלמ׳ס כאראַקטער ווערט דער־גרייכט דורך פיעל צווייפעלהאַפטע איבערלעבונגען. בנוגע די ווייב־ליכע העלדען פארלאַנגט מען פון אונז צו באַוואונדערן די גוט־הערצוינגע זעלבסטקאָנטראָל און די איינגעבוירענע איידעלקייט

הימעל, אזוי ווי ער אליין באשאפט עס ניט, קען ער זיך פירען א צוועקלאָזען לעבען ווי איהם ווילט זיך, בלויז אונטער דער אויפ־זיכט פון זיין טונקעלער בענקשאפט. מען דארף בלויז אויפהאלטען זיין גלויבען, אז די דאָזיגע בענקשאפט וועט באפרידיגט ווערען. און עס איז א גלויבען וואָס מען קען לייכט אויפהאלטען, ווייל אלץ ארום דעם ראָמאנטיקער איז פול מיט סימנים און נביאות אז זיין פארלאנג וועט דערגרייכט ווערען.

נאָוואליס איז געווען דער מענש וואָס האָט אָנגערופען דעם ציל פון דער ראָמאנטישער בענקשאפט מיט'ן בארימטען, מיס־טישען נאָמען „די בלאָע בלום". דעם דאָזיגען אויסדרוק דארף מען, נאטירליך, ניט פארשטעהן בוכשטעבליך. די „בלאָע בלום" איז א מיסטעריעזער סימבאָל, א מין איכטוס (דער פיש) פון די ערשטע קריסטען. זי איז א פארקירצונג, א קאָנדענסירטע פאָרמולע פון אומענדליכקייט פון גליק נאָך וועלכען א פארשמאכט הארץ איז פעהיג צו בענקען. ממילא קען מען זעהן איהרס אָן אָפגלאנץ נאָך איידער מען דערגרייכט זי; מען חלום'ט פון איהר א סך פריהער איידער מען זעהט זי; מען באמערקט זי אמאָל דאָ, אמאָל דאָרט אין עפּעס וואָס ווייזט זיך ארויס צו זיין אָן אילוזיע; מען זעהט זי א ווילע צווישען אנדערע בלומען וואו זי פארשווינדט גלייך; מען קען אָבער דערשפירען איהר ריח, טיילמאָל זעהר שוואך, אָן אנדערש מאָל שטארק און דער זוכער ווערט פאר'שכור'ט פון איהר. כאָטש ער פליהט ארום, ווי א זומער פייגעלע, פון בלום צו בלום, אָפּשטע־לענדיג זיך דאָ אויף א וויאָלעט, דאָ אויף עפעס א טראָפּישער פלאנץ, זוכט ער און בענקט תמיד נאָך דער איינציגער זאך — נאָכ'ן פולשטענדיגען, אידעאלען גליק.

די דאָזיגע בענקשאפט און איהר ציל באהאנדעלט נאָוואליס אין זיין הויפּט ווערק. עס איז א ווערק, וואָס מיר מוזען שטודי־רען, און, כדי עס ריכטיג צו פארשטעהן, דארפען מיר זעהן ווי אזוי עס איז געשאפען געוואָרען.

דער וואָרצעל דערפון ליגט אין געטע'ס „ווילהעלם מייסטער", און מיר קענען קלאָר ארויסזעהן די פסיכישע פּראָצעסען דורך וועל־כע „ווילהעלם מייסטער" איז ביסלעכווייז פארוואנדעלט געוואָרען אין „היינריך פאָן אָפטערדינגען". ווילהעלם איז ניט אקטיוו, ער

קאַפּיטעל 13

# בענקשאַפט — „די בלאָע בלום".

ראָמאַנטיזם און בענקשאַפט; דער סימבאָל — „די בלאָע בלום; געטע'ס „ווילהעלם מייסטער" און „שטערנבאַלד"; נאָוואַליס'עס באַשלוס צו שאַפן אַ ווערק וואָס איז לויטער פּאָעזיע; זיין „הייגריך פאָן אָפטערדינגען"; אַ פאַרגלייך מיט אינגעמאַן און זיין ווערק „די שוואַרצע ריטער"; ווייטער וועגן דער בלאָער בלום; איהר אָפּשפּיגלונג אין אייכענדאָרף'ס „פונ'ם לעבען פון אַ שלים מזל"; די ראָמאַנטישע ווייטקייט פון לעבען.

איך האָב געשילדערט דאָס ראָמאַנטישע „געמיט" ווי געפיהל־טיפקייט אָהן שטרעבונגען אָדער פארלאַנגען, ווי אַ גליהענדיגער אויוון וואו די פרייהייט ווערט פארטשאַדעט און יעדע טענדענץ צו אויסערליכער טעטיגקייט ווערט חרוב. אָבער דאָס איז ניט דער גענויער אמת. איין אויסערליכע טענדענץ בלייבט יאָ, די וואָס איז באקאנט אונטער'ן נאָמען „בענקשאַפט". בענקשאַפט איז אין ראָמאנטיזם דאָס זעלביגע וואָס שטרעבונג, און איז די מוטער פון דער גאַנצער ראָמאַנטישער פּאָעזיע. וואָס איז בענקשאַפט? עס איז אַ קאָמבינאַציע פון אַ געפיהל אַז עפּעס פעלט מיט אַ פארלאַנג אָהן דער אַנטשלאָסענקייט אָדער די מיטלען צו דערגרייכען דאָס וואָס פעלט און ווערט פארלאַנגט. און וואָס איז דער ציל פון אָט דער בענקשאַפט? וואָס, אויב ניט דאָס וואָס איז דער ציל פון יעדער בענקשאַפט און יעדען פארלאַנג, מעג עס זיין פארשטעלט מיט די פיינסטע, היפּאָקריטישסטע ווערטער — גענוס און גליק. דער ראָמאַנטיקער באַנוצט ניט דאָס וואָרט גליק, אָבער דאָס מיינט ער דאָך. ער זאָגט ניט „גליק", ער זאָגט „דאָס אידעאַל". אָבער זאָלען ווערטער אונז ניט נאַרען. פון דעסטוועגען איז די ספּעציעלע כאַראַקטעריסטיק פונ'ם ראָמאַנטיקער ניט זיין גליק זוכעניש, נאָר זיין גלויבען אַז עס איז פאַראַן, אַז עס מוז זיין אָנגעגרייט פאַר איהם, און אַז עס וועט קומען ווען ער וועט זיך צום ווינציגסטען ריכטען דערויף. און אַזוי ווי גליק איז אַ מתנה פון

מחבר פון רוביסאָן קרוסאָ, דערציילט מען אונז אז אין יולי 1703 האָט מען איהם פאַר׳משפּט, אַלס שרייבער פון אַ געוויסען פּאַמ־פּלעט, אַז מען זאָל איהם ערשטענס אָפּשניידען די אויערן און דערנאָך צונאַגלען צום שאַנד־קלאָץ. דער טאָג איז געקומען, מען האָט דעם פּסק דין אויסגעפירט, דער מענש מיט׳ן בלאַסען צע־כאַלעמשעטען פּנים, פון וואַנען עס האָט געטריפט בלוט, איז גע־שטאַנען ביים שאַנד־קלאָץ, מיט׳ן פּנים צום פאַרזאַמעלטען עולם. דעמאָלט, ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסקוקען, אנשטאט דעם גע־וויינליכען הויכען אויספייפען צוזאַמען מיט אַ האָגעל פאַרפוילטע עפּעל, אייער, קאַרטאָפּלעס, א. א. וו. איז אָנגעפאַלען אַ טויטע שטילקייט; מען האָט קיין איינציגען עפּעל ניט געוואָרפען, קיין איין מיאוס וואָרט האָט זיך ניט געהערט — דעפאָ איז צו טייער געווען פאַר׳ן הארצען פון פאָלק. בינו לביני האָט איינער פון עולם, וואָס איז געזעסען אויף אַ צווייטענס אַקסלען, אוועקגע־לייגט אַ קראַנץ אויפ׳ן צעקאַלעטשעטען קאָפּ. איך דאָב דאָס גע־לייענט ווען איך בין נאָך געווען אַ אינגעל, און כאָטש איך ווייס איצט אַז דעפאָ האָט ניט פאַרלוירען זיינע אויערן, און אז פּאָפּ האָט געהאַט אַ טעות ווען ער האָט געשריבען:

„אָהן אויערן, נאָר הויך איז געשטאַנען דעפאָ אַ שטאָלצער״.
און כאָטש איך ווייס שוין אויך אַז דעפאָ איז ניט געווען דער ריינער מענש פאַר וועלכען איך האָב איהם געהאַלטען אין יענער צייט, דאָך בלייבט דאָס בילד גרויסאַרטיג, און עס האָט זיך אריינ־געגראָבען אין מיין נשמה, ווייל עס פאַרמאָגט אַן אייביגען אמת. בדרך כלל שטעלט דער אמת מיט זיך פאָר אין אונזער וועלט אַן ערשיינונג, וואָס איז גאַנץ ענליך צום פאַר׳משפּט׳ען ביים שאַנד־קלאָץ. און איך געדענק ווי איך האָב מיר דעמאָלט געטראַכט: „ווען עס מאַכט זיך אַז אַ מענש געפינט אזא׳ן אָרימען, פאַרהאַס־טען, אונטערדריקטען אמת אויפ׳ן שאַנד־קלאָץ, וואָסער גרויסער מאָמענט וואָלט עס געווען אין זיין לעבען ווען ער האָלט געקענט צוקומען נאָהנט אַ׳ן ארויפלייגען אַ קראַנץ אויף זיין שטערען!״ דאָס האָט שעלי געטאָן, — נאָוואַליס — ניט.

פּאַרטייאישע און זעלבסטשטענדיגע פאָרשער וואָס זיינען אויפ־געשטאַנען פון צייט צו צייט. זיי אונטערדריקען זיי נאָך איצט אויך אויף ווי ווייט מענשען, וואָס ווערען איצט אַלץ אויפגעקלער־טער, דערלאָזען עס... די זעלביגע מיטלען וואָס האָבען אונטער־שטיצט יעדע פּאָפּולערע אמונה האָבען אונטערשטיצט דאָס קריס־טענטום. מלחמה, תפיסה, טויט און פאַלשקייט, מעשים וואָס האָבען ניט קיין ביישפּיל און קיין פאַרגלייך אין גרויזאַמקייט, האָ־בען עס געמאַכט פאַר וואָס עס איז. דאָס בלוט וואָס עס האָבען פאַרגאָסען די דינער פון'ם גאָט פון רחמנות און שלום, זינט זיין רעליגיע איז געגרינדעט געוואָרען, וואָלט אפשר גענוג געווען צו דערטרינקען אַלע אַנדערע סעקטאַנטען וואָס לעבען איצט אויף דער באַוואוינבאַרער ערד".

פון די דאָזיגע אויסצוגען — צו וועלכע מען קען צוגעבען אָהן א שיעור אַנדערע מיט דערזעלביגער טענדענץ, — זעהען מיר ווי גרויס עס איז געווען דער מהלך צווישען נאָוואַליס'ן מיט זיין אינטראָספּעקטיוו נשמה־לעבען, און שעלי'ן מיט זיין פּראַקטישען ענטוזיאַזם פאַר פרייהייט.

דאָס זיינען אַלזאָ די צוויי פּאָעטען, וועלכע מענשען האָבען פּרובירט פאַרשטעלען ווי צווילינג גייסטער. ביידע זיינען גרויס אַלס לירישע פּאָעטען, כאָטש שעלי איז א פּאָעטישער גאון פון א פיעל העכערער מדרגה ווי נאָוואַליס. אָבער אפילו ווען נאָוואַליס וואָלט אַלס פּאָעט געשטאַנען נעהנטער צו שעלי'ן, ווי קלענער איז אָבער דער סכום אמת וואָס מען קען געפינען אין זיינע ווערק אין פאַרגלייך מיט די אמת'ן ביי שעלי'ן!

פאַר נאָוואַליס'ן איז דער אמת געווען פּאָעזיע און טרוים: פאַר שעלי'ן — פרייהייט. פאַר נאָוואַליס'ן איז דער אמת געווען א פעסט איינגעפונדעוועטע און מעכטיגע קירך; פאַר שעלי'ן — א קעמפּענדיגע, א געדריקטע און געשטיקטע אַפּיקורסות. נאָ־וואַליס'עס אמת איז געזעסען אויף קעניגליכע און פּאַפּסטליכע טראָנען; שעלי'ס איז געווען פאַרהאַסט און שוואַך.

כדי אַן אמת, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, זאָל מאַכען א ווירק־ליכען איינדרוק אויף מענשען, דאַרף ער האָבען מענשליך לעבען, פלייש און בלוט. אין די ערשטע ביאָגראַפיעס פון דעפּאָ'ן, דעם

בען קאָנטראסט באַגעגענען מיר וואו נאָר מיר װענדען זיך. נאָ־וואַלים זינגט די לויב־לידער פון קראנקהייט. שעלי זאָגט: „עס איז זיכער, אַז חכמה איז ניט אין איינקלאנג מיט קראנקהייט, און אַז, אין איצטיגען צושטאנד פון די קלימאַטען פון דער ערד, איז געזונט, אין אמת'ן און ברייטען זין פון וואָרט, א זאַך וואָס דער ציוויליזירטער מענש קען ניט דערגרייכען".

נאָוואַלים זאָגט: „מיר שטעלען זיך פאָר גאָט ווי א מענשען, פונקט ווי מיר דענקען פון זיך אליין. גאָט איז פונקט אזוי פער־זענליך און אינדיווידועל ווי מיר זיינען". שעלי זאָגט: „עס איז ניטאָ קיין גאָט! די דאָזיגע אַפּלייקענונג, דאַרף פארשטאנען ווערען, האָט א שייכות בלויז צו א באַשאַפענדיגען גאָט. די השערה פון א דורכדרינגענדען גייסט וואָס איז פונקט אזוי אייביג ווי דער אוניווערז, בלייבט גאנץ... עס איז אוממעגליך צו גלויבען, אַז דער גייסט וואָס דרינגט דורך די דאָזיגע אומענדליכע מאַשין האָט געהאַט א זוהן פונ'ם קערפּער פון א אידישער פרוי, אָדער אַז ער איז אין כעס צוליב די רעזולטאַטען פון דער נויטווענדיגקייט וואָס איז זיין איינענער סינאָנים. די גאנצע צרה'דיגע מעשה מיט'ן טייוועל און חוה'ן און א מליץ יושר, מיט די קינדישע לעכערליכ־קייטען פונ'ם גאָט פון די אידען, איז ניט אין הסכם מיט אונזער וויסען וועגען די שטערען. די ארבייט פון זיינע הענט האָבען עדות געזאָגט אנטקעגען איהם".

נאָוואַלים זינגט דאָס לויב־ליד פון פריסטערטום און פון די יעזואיטען. שעלי זאָגט: „אין משך פון א סך פינסטערע און שלעכטע תקופות האָט די דאָזיגע מעשה (די דאָקטרין פון דער ביבעל) זיך שטילערהייט איינגעגראָבען אין הארצען; אָבער סוף כל סוף זיינען אויפגעשטאנען מענשען וואָס האָבען חושד געווען, אַז די דאָזיגע מעשה איז א פאַבעל און אַז אָפּנארעריי, און אַז יעזוס קריסטוס איז געווען ווייט פון א גאָט, נאָר פשוט א מענש ווי זיי אליין. אָבער א גרויסע צאָל מענשען, וואָס האָבען באַקו־מען און באַקומען נאָך איצט א גרויסע באלוינונג פון אזא מיי־נונג, האָבען דערציילט דעם פּראָסטען עולם, אַז ווי באלד זיי וועלען ניט גלויבען אין דער ביבעל זיינען זיי פאר'משפּט'ע אויף אייביג; און זיי האָבען פארברענט, איינגעשפּאַרט, און פאר'סם'ט אלע אומ־

איינעם פון די שטאַטליכע זאַלץ גרובען, און אין א יאָר אָדער צוויי ארום האָט ער געשטיגען צו דער שטעלע פונ׳ם אסעסאָר אין די ווייסענפעלזער זאַלץ גרובען. זיין ראָמאַנטיזם האָט איהם באין אופן נים געשטערט אויסצופירען זיינע התחייבות׳ן ווי א גוטער בירגער. אין דער פּאָזיציע פון א רעגירונג באַאמטען איז ער געוועזן פלייסיג, געוויסענהאפט און געטריי — א מענש וואָס טוט זיין ארבייט און פריי פון פארשוועגדעריי און וואָס זיין לאַגע איז ממילא א זיכערע. זיין רעפּובליקאַניזם האָט געהאַט קורצע יאָרען, און בלויז צוליב זיין נאַאיוויטעט באַשולדיגט מען איהם ניט אין קנעכטישקייט. פרידריך ווילהעלם׳ען און לואיזא׳ן פון פּרייסען רופט ער „א קלאַסישע מענשען־פּאָר“; אין דער אנטפּלעקינג פון די דאָזיגע „גאונים“ זעהט ער א צייכען פון א בעסערער וועלט. פרידריך ווילהעלם איז, זאָגט ער, דער ערשטער פּרייסישער קעניג; ער קרוינט זיך יעדען טאָג. אַן אמת׳ע פּאַרוואַלטונג איז פאָרגעקומען; וואָרים פונ׳ם הויף איז געוואָרען א פאַמיליע, פונ׳ם טראָן — אַן אַלטאַר, פון א קעניגליכער הייראַט אַן איביגע פארבינדונג פון הערצער. ער האַלט אַז בלויז דער יוגענדליכער פאָראורטייל פיהרט צו א רעפּובליק; דער באַווייבטער פארלאַנגט אָרדענונג, זיכערקייט, שטילקייט, א גוט איינגעשטעלטע היים, אַן „אמת׳ע מאָנאַרכיע“. „א קאָנסטיטוציע האָט פאַר אונז בלויז דעם אינטערעס פון א טויט אות. ווי אנדערש עס איז דאָס געזעץ וואָס איז דער אויסדרוק פונ׳ם ווילען פון א באַליבטען און פארערטען מענשען! מיר האָבען קיין רעכט ניט צו באַטראַכטען דעם מאָנאַך ווי דעם ערשטען באַאמטען פון שטאַט; ער איז ניט קיין בירגער, און דערפאַר קען ער קיין באַאמטער ניט זיין. דער קעניג איז א מענשליך וועזען דערהויבען צו דער פּאָזיציע פון אַן ערדישער השגחה“.

אויב מיר פארגלייכען אַזעלכע אויסדרוקען מיט די וואָס געפינען זיך אין שעלי׳ס פּאָעמעס וואָס זיינען אינספּירירט געוואָרען פון דער טיראַניי וואָס האָט געהערשט אין זיין געבורט־לאַנד, אָדער יענע וואו ער גלאָריפיצירט די איטאַליענישע רעוואָלוציע און די גריכישע באַפרייאונג־מלחמה, באַמערקען מיר דעם שאַרפסטען קאָנטראַסט וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. אין דעם זעלביי־

דערמאָנט זיך אָן די הויפּטשטריכען פון שעלי׳ס לעבען. זייענדיג אַ זון פון אַ געהויבענער פאַמיליע האָט מען איהם געשיקט אין אַן אַריסטאָקראַטישער שול וואו, בעת ער איז נאָך געווען אַ קינד, האָט זיך אין איהם אויפגעוועקט אַ צאָרן און אַ געגנערשאַפט צוליב דער ברוטאַליטעט פון די אינגלעך און דער גרויזאַמקייט פון די לערער. ווען ער איז עלטער געוואָרען האָט זיך באַזונדערס אָנגעצונדען זיין כעס צוליעב דער היפּאָקריטישקייט מיט וועלכער די, וואָס האָבען פריי געלאָזען זייערע מיאוס׳ע לייך־דענשאַפטען, האָבען תמיד גערעדט וועגען גאָט און קריסטענטום. אויף זיין צווייטען יאָר אין אָקספאָרד האָט שעלי געשריבען אַן עסיי „איבער דער נויטיגקייט פון אטעאיזם“, און ער האָט מיט נאַאיווער אָפענהאַרציגקייט צעשיקט קאָפּיעס צו די פירער פון דער קירך און דעם אוניווערזיטעט. זיי האָבען איהם גערופען, און אָפּזאָגענדיג זיך צוריקצוציהען וואָס ער האָט געשריבען, האָט מען איהם אַרויסגעוואָרפען צוליב זיין אַטעאיזם. ער איז אַהיים געפאָרען, אָבער זיין פאָטער האָט איהם אויפגענומען מיט אַזאַ פאַראַכטליכער קאַלטקייט, אַז ער איז באַלד ווידער אַוועק, און זיך מעהר ניט אומגעקערט. זיין גאַנץ לעבען איז געווען אַ געוועב פון ענליכע אויפשטאַנדען און ענליכע אומגליקען. צו צוואַנציג יאָר האָט ער זיך געשראָקען פאַר שווינדזוכט, און כאָטש ער איז געזונט געוואָרען, איז ער פון דעמאָלט אָן געווען אַ שוואַכער, נערוועאישער אויפגערעגטער מענש. דאָס געריכט האָט איהם אָפּגעזאָגט, אַ זער זאָל ווערען דער אַפּטרופּוס איבער זיינע אייגענע קינדער (נאָך׳ן טויט פון זיין ערשט ווייב) ווייל ער פאַרשפּרייט אוממאָראַלע און אומרעליגיעזע טעאָריעס אין Queen Mab נאָך דעם האָט ער פאַרלאָזען ענגלאַנד אויף אייביג, און געלעבט אין איטאַליען אין פרייוויליגען גלות ביז אַן אומגעריכטער טויט האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין טרויעריג, הימלאָז־לעבען. זיין שיף האָט זיך איבערגעקערט אין ספּעציאַנער גאָלף, און ער איז דערטרונקען געוואָרען צו דריי און צוואַנציג יאָר.

אין פאַרגלייך מיט אַזאַ סאָרט לעבען איז האַרדענבערג׳ס אַן אמת׳ע דייטשישע פּראָווינציעלע אידיליע. צו פינף און צוואַנציג יאָר האָט ער באַקומען אַ רעגירונג־שטעלע אַלס קאָנטראָלער פון

דער פּאָעט און דער פילאָזאָף האָבען זי פאַנאַנדערגענומען אויף שטיקלאך אין דער אינוועייניגסטער וועלט. וואָרים זיי האָבען ניט געארבייט אויפ'ן פראָסטען, גראָבען אופן פון א מיראַבאָ אָדער א באָנאַפּארט, באפרייט פון די גייסטער, איז ער ווידער ארויסגעקומען פון זיין שאכט, האָט ער דערזעהן אז די דרויסענדיגע וועלט — וואָס ער האָט געמיינט אז זי איז פאנאנדערגעפאלען אויף איהרע עלעמענטען — איז פונקט ווי זי איז פריהער געווען. אלץ וואָס ער האָט געהאט צעשמאָלצען אין זיין הארץ איז דאָרט געשטאנען פעסט און קאלט; און אזוי ווי די דרויסענדיגע וועלט האָט איהם קיינמאָל ניט פאראינטערעסירט, און אזוי ווי זי האָט איהם אויסגעוויזען צו זיין כמעט אזוי נאכט־ארטיג, אומעטיג און פאר־שלאָפען ווי זיין אינוועייניגסטע וועלט, האָט ער איהר געגעבען זיין ברכה און זי געלאָזען שטעהן.

נאָוואליס'עס נביאישע אייגענשאפט, זיין באזונדערער טיפּ פון פערזענליכער שעהנקייט, זיין עכטער לירישער טאלאנט, און זיין פריצייטיגער טויט, האָט געפירט קריטיקער איהם צו פארגליי־כען מיט שעלי'ן וועלכער איז געבוירען געוואָרען צוואנציג יאָר נאָך איהם. דאָ ניט לאנג האָט אין דער Revue des Deux Mondes בלאז דע בירי געצויגען אויפמערקזאמקייט צו אָט דער ענליכקייט. ער שרייבט: „שעלי'ס פּאָעזיע איז זעהר ענליך צו נאָוואליס'עס, און די ענליכקייט צווישען די דאָזיגע צוויי אויסנעמליכע פּאָעטען איז ניט בלויז קיין פיזישע; ביידע האָבען בשותפות א נאָהנטע באָאָבאכטונג פון דער נאטור, טרעפען אלע איהרע קליינע סודות, א זעלטענע קאָמבינאציע פון געפיהל מיט פילאָזאָפישען געדאנק. עס פעלט זיי לחלוטין דאָס ממשות'דיגע; געדאנקען, אָבער אָהן א גוף, א שטייגען ארויפצוצו, א שטרעבונג וואָס פירט אין ערגיץ ניט".

אָבער די דאָזיגע ענליכקייטען רירען ניט אָן די באזונדערט־קייטען, די דיאמעטריש היפּוכ'דיגע גייסטיגע שטאנדפּונקטען פון די דאָזיגע פּאָעטען, וועלכע זעהען אויס צו זיין אזוי ענליך פּסי־כיש, וואָס איינער פון זיי איז געבוירען געוואָרען פאר דער גרויסער גייסטיגער רעוואָלוציע ביים אָנפאנג פון איצטיגען יאָרהונדערט, און דער אנדערער — דערנאָך.

אַז מיר ווערען דערשטיקט. די דאָזיגע „נשמה" איז באמת ענליך צו אַן עפענונג פון אַ שאַכט. נאַוואַלים'עס ליבע פאַר'ן מינען־אַרבייטערס לעבען וואָס רויכיגע לאַמטערען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון זונען־ליכט, איז ניט אָהן אַ באַדייטונג. און וואָס איז דער סוף פון דעם אַלעם? וואָסער ניי קינד קומט אַרויס פון דער אומאַרמונג צווישען אַ ליבענדיגען גאָט און אַ יונגער, פאַרוואונ־דערטער קירך? וואָס, אויב ניט קיין ווידער־געבוירענע רעאַקציע, וואָס האָט פראַנקרייך אומגעקערט דעם קאַטאָליציזם און (נאָך דעם ווי נאַפּאָלעאָן איז געפאַלען) די בורבאָנען, און איינגעפירט אין דייטשלאַנד אַ פאַרהאַסטע טיראַניי וואָס האָט דאָרט געגעבען דעם פּיעטיזם דיזעלביגע מאַכט וואָס דער קאַטאָליציזם האָט געהאַט אין פראַנקרייך, אַריינגעוואָרפען יונגע לייט אין די תפיסות, און געטריבען די בעסטע שרייבער פון יענער צייט אַפּצוריכטען גלות.

נאַוואַלים האָט אַלץ צוגעשריבען צום נשמה־לעבען, צו דער אינווייניגסטער וועלט. זי האָט אַלץ פאַרשלונגען, די כחות פון דער רעוואָלוציע און פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע; אין איהר זיי־נען אַלע לייבען פונ'ם גייסט געלעגען געבונדענע; אין איהר זיי־נען געווען פאַרשלאָסען און היפּנאָטיזירט אַלע ריזיגע כחות פון דער געשיכטע. די נאַכט האָט זיי אַרומגערינגעלט. זיי האָבען געפיהלט די ליידענשאַפטליכע פריידען פון פינסטערניש און טויט. דאָס לעבען זייערס איז געווען אַ לעבען פון אַ פּלאַץ, און צום סוף איז פון זיי געוואָרען אַ שטיין. אין דער אינווייניגסטער וועלט איז געלעגען דער גאַנצער אוצר פונ'ם גייסט, אָבער עס איז געווען אַ טויטער אוצר, אַ לעבענסלאָזע מאַסע, וואָס מען האָט קונציג קריס־טאַליזירט לויט מאַטעמאַטישע געזעצען. עס איז געווען ווי גאָלד און זילבער אין די אינווייניגסטע טיילען פון דער ערד, און דער פּאָעט איז געווען דער מינען־אַרבייטער, וואָס איז מיט באַגייסטע־רונג אַראָפּ אין די טיפענישען און זיך געפרייט מיט אַלץ וואָס ער האָט געזעהן.

אָבער בעת ער איז געבליבען אונטען זיינען די ענינים אין דער אויבערשטער וועלט געגאַנגען מיט'ן געוויינליכען סדר. די דרויסענדיגע וועלט איז אַ האָר ניט צורודערט געוואָרען דערפון וואָס

אַלע אונטערהאַלטער זיינען צו שוואַך אַזוי לאַנג ווי דער שטאַט ציהט זיך צו „דער ערד“.

ער זאָגט ענטוזיאַסטיש פאָראויס אַז עס וועט קומען אַ צייט פון „נשמה“: „אין דייטשלאַנד קענען מיר שוין אָנווייזען אויף זיכערע סימנים פון אַ נייער וועלט... דאָ און דאָרט, און אָפט אין אַ דרייסטער פאַראייניגונג, קען מען געפינען אומפאַרגלייכליכע פיעלזייטיגקייט, פינקלענדיגען גלאַנץ, ברייטע ידיעות און אַ רייכע און אַ שטאַרקע פאַנטאַזיע. אַ שטאַרק געפיהל פון דער שאַפענדיגער אייגענוויליגקייט, דער אומבאַגרענעצטקייט, אומענדליכער פיעל־זייטיגקייט, הייליגער אָריגינאַליטעט און אומבאַגרענעצטער פעהיגקייט פון מענשליכען גייסט, נעמט באַהערשען דעם מענשען... כאָטש דאָס זיינען בלויז סימנים, ניט פאַרבונדענע און רויהע, דעקען זיי דאָך אויף פאַר'ן היסטאָרישען אויג אַן אוניווערסאַלע פערזענליכקייט, אַ נייע געשיכטע, אַ נייע מענשהייט, די זיסע אומאַרמונג פון אַ לעבענדיגען גאָט און אַ יונגער פאַרוואונדערטער קירך, און דעם באַגריף פון אַ נייעם משיח אין די הערצער פון די אַלע טויזענדער מיטגלידער פון דער דאָזיגער קירך. ווער פיהלט ניט, מיט אַ ליבער שאַנד, אַז ער איז מעוברת? דאָס קינד וועט זיין דאָס אויסדריקליכע אָפּבילד פון פאָטער — אַ נייע גאָלדענע תקופה, מיט טונקעלע אויגען אָהן אַ גרונד; אַ נביאישע, נסים־באַווייזענדיגע, טרייסטענדיגע תקופה, וואָס וועט אָנצינדען דאָס פייער פון אייביגען לעבען; אַ גרויסער איבערבעטער, אַן אויסלייזער וואָס — פונקט ווי אַ גייסט וואָס באַזעצט זיך צווישען מענשען — מען וועט בלויז גלויבען אין איהם נאָר מען וועט איהם ניט זעהן, ער וועט ערשיינען פאַר די גלויביגע אין אָהן אַ שיעור פאָרמען, מען וועט איהם פאַרצערען פונקט ווי ברויט און וויין, מען וועט איהם אומאַרמען ווי אַ געליבטען, איינאָטעמען ווי לופט, הערען איהם ווי ווערטער און געזאַנג, אויפנעמען ווי דעם טויט מיט ליידענשאַפטליכען עקסטאַז און דעם טיפסטען וועה פון ליבע אין די אינניגסטע שפּאַלטען פונ'ם אויפלייזענדיגען גוף“.

נאָך דעם ווי מיר האָבען זיך אַזוי לאַנג אָפּגעגעבען מיט ליידענשאַפטליכען עקסטאַז, גליק, רעליגיע, נאַכט און טויט, שרייען מיר דען ניט אויס אינסטינקטיוו: „לופט! ליכט!“ מיר פיהלען

„ניין, נאָך מעהר, דער האַס צו רעליגיע האָט זיך נאַטירליך און אומפאַרמיידליך אנטוויקעלט אין א האַס צו ענטוזיאזם בכלל, וואָס האָט פאַרדאַמט פאַנטאַזיע און געפיהל, מאָראַל און ליבע צו קונסט, די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט, האָט קוים אַנער־קענט אַז דער מענש איז דער העכסטער צווישען די חיות, און רע־דוצירט די שאַפענדיגע מוזיק פונ'ם אוניווערז צו א מאַנאָטאָנעם דרעהען זיך פון אַן אומגעהייערער מיל, וואָס ווערט געטריבען פונ'ם שטראָם פון צופאַל, — א מיל אָהן א בויער אָדער מילנער אַן אמת'ע „פערפעטואום מאָבילע"... איין ענטוזיאזם האָבען זיי גרויסמוטיג איבערגעלאָזען דער מענשהייט, אַן ענטוזיאזם פאַר דער גרויסאַרטי־גער פילאָזאָפיע און איהרע כהנים. פראַנקרייך האָט געהאַט דאָס גליק צו זיין דער פלאַץ פון דער דאָזיגער נייער אמונה, וואָס מען האָט צוזאַמענגעלאַטעט פון פאַרשידענע שטיקער וויסען. צוליב איהר אויספאָלגען די געזעצען פון דער מאַטעמאַטיק און צוליב איהר געוואַגטקייט, איז ליכט געווען דער אָפּגאָט פון די דאָזיגע מענשען. די געשיכטע פונ'ם מאָדערנעם אומגלויבען איז זעהר וואונדערבאַר, און איז דער שליסעל צו אַלע שרעקליכע ערשיי־נונגען פון די לעצטע צייטען. די דאָזיגע געשיכטע הייבט זיך אָן ערשט אין איצטיגען יאָרהונדערט, זעהט זיך ווייניג אָן ביז אין מיטען פון יאָרהונדערט, און דעמאָלט אנטוויקעלט זי זיך שנעל אין יעדער ריכטונג מיט א געוואַלטיגער קראַפט. א צווייטע, א מעהר אומפאַסענדיגע און וואונדערבאַרע רעפאָרמאַציע איז געווען אומפאַרמיידליך, און האָט זיך נויטווענדיג באַוויזען אין לאַנד, וואָס איז צום מעהרסטען מאָדערניזירט געוואָרען און צום לענגסטען געליטען פון ווייניג פרייהייט... בעת דער דאָזיגער אַנאַרכיע איז די רעליגיע ווידער געבוירען געוואָרען, אַן אמת'ע אַנאַרכיע איז געווען איהר באַשאַפענדיגער עלעמענט פאַר'ן נאָכטראַכטענדיגען באָאָבאַכטער איז דער אומוואַרפער פונ'ם שטאַאַט א סיזיפוס. איידער ער דערגרייכט דעם שפּיץ וואו עס הערשט א גלייכגעוויכט, קייקעלט זיך שוין די געוואַלטיגע משא אראָפּ אויף דער אנדערער זייט. זי קען קיינמאָל ניט בלייבען דאָרט אויבען סיידען א צוציי־הונג צום הימעל־צו זאָל זי האַלטען אין יענער פּאָזיציע. אייערע

ערדישע וויסענשאפט, ד.ה.היינו, פילאלאגיע, וואס אין איהר צעשטע־רענדיגען איינפלוס קען מען, פון דעמאלט אן, קיין טעות ניט האָ־בען... מען איז באלד באשטאנען דארויף אז די ביבעל דארף פאפולאריזירט ווערען, און איהר מיאוס'ער אינהאלט, און די גראָבע אבסטראקטע צייכענונג פון א רעליגיע וואס מען געפינט אין איהרע ביכער, האבען וואונדערבאר געהאָלפען צונישט צו מאכען די איני־ספירירענדיגע, אנטפלעקענדיגע טעטיגקייט פון „הייליגען גייסט“. די רעפאָרמאציע איז געוועזן א טויט־קלאפּ פאר'ן קריסטענטום... גליקליכערוויז פאר דער קירך, האט זיך אין יענער צייט געגרינ־דעט א נייער רעליגיעזער אָרדען, וואס איהם האט, ווי ס'ווייזט אויס, דער שטארבענדיגער גייסט פון דער הייליגער היעראַרכיע, באשאנקען מיט זיינע לעצטע מתנות. דער דאָזיגער אָרדען האט ארייגנעבראכט א נייע לעבען אין די אלטע פאָרמען, און מיט וואונדערבארער אינטואיציע און אנטשלאָסענקייט האט ער גענו־מען ווידער אויפשטעלען די פּאפּסטליכע מאכט. די וועלט־געשיכ־טע האט נאך קיינמאל פריהער ניט געהערט פון אזא געזעלשאפט... די יעזואיטען האבען גאנץ גוט געוואוסט וויפיעל לוטער האט גע־האט צו פאַרדאנקען זיינע דעמאגאגישע פעהיגקייטען און זיין באקאנטשאפט מיט'ן פשוט'ען פאלק... שוין פון אלטע צייטען איז דער געלערנטער געווען דער אינסטינקטיווער שונא פון'ם גלח; די געלערנטע און רעליגיעזע פּראפעסיעס מוזען אָנפירען א פאר־טיליגונג מלחמה, איינע אנטקעגען דער אנדערער, אזוי לאנג ווי זיי זיינען אפּגעזונדערט; ווייל זיי קעמפען פאר דער זעלביגער פאָ־זיציע... דעם רעזולטאט פון מאָדערנעם געדאנק האבען מענשען געגעבען א נאָמען פילאָזאָפיע; און אונטער פילאָזאָפיע פאר־שטערען זיי אלץ וואס איז געווען פיינדליך צו דער אלטער אָרדנונג, ממילא נעמט זי אריין יעדע אטאקע אויף דער רעליגיע. דאס וואס איז לכתחילה געווען א פערזענליכער האס צו דער רוימיש־קאטוי־לישער קירך, איז ביסלעכווייז געוואָרען א האס צו דער ביבעל, צו דער קריסטליכער אמונה, אין דער אמת'ן צו רעליגיע בכלל“.

מיר באמערקען ווי קלאר נאוואליס האט פארשטאנען אז פריי־דענקעריי איז ארויסגעקומען פון'ם פראָטעסטאנטיזם. ער שרייבט ווייטער:

וויסענשאַפטסלייט אָפּען אַרויסצוזאָגען אַז אונזער ערד איז אַן אומוויכטיגער פּלאַנעט, ווייל ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז מענשען וועלען פאַרלירען יעדע אַכטונג צו זייער הימלישער היים און צו זייערע מיטמענשען צוזאַמען מיט דער אַכטונג פאַר דער ערדישער היים; אַז זיי וועלען ניכער אויסקלייבען אַ באַגרענעצט וויסען איידער אומבאַגרענעצטען גלויבען, און זיי וועלען קריגען די נעוואוינהייט צו האַסען יעדע גרויסע און וואונדערבאַרע זאַך, פּשוט אַלס רעזולטאַט פון לעבענסלאָזע געזעצען."

מיר קענען זיך כמעט פאָרשטעלען אַז מיר הערען דאָ אַ מוסר דרשה פון עפּעס אַ גלח'ל פון אכצעהנטען יאָהר־הונדערט. און דאָך פיהלען מיר דעם דיכטער'ס אויסגעהאַלטענקייט. פּאָעזיע, וואָס האָט שילער'ן צוריקגעפירט קיין גריכענלאַנד. פירט נאָוואַליס'ן צוריק צו דער אינקוויזיציע, און רעדט איהם צו, פּונקט ווי זשאָזעף דע מעטער, צו האַלטען מיט איהר אַנטקעגען נאַלילעאָ'ן.

וועגען פּראָטעסטאַנטיזם זאָגט ער: „אָט דער גרויסער גייסטיגער אויפברוך, וואָס איז באַלייט געוואָרען פון אומגליקליכע מלחמות, איז געווען אַ וויכטיגער באַווייז פונ'ם געפאַר פון אַ באַשטימטער מדרגה פון קולטור... די סעפּעראַטיסטען האָבען אָפּגעזונדערט דאָס וואָס מען קען ניט אָפּזונדערען, זיי האָבען צעטיילט די אומצעטיילבאַרע קירך, און חוצפה'דיג אָפּגעריסען זיך פון דער קריסטליכער געמיינשאַפט, וואָס דורך איהר, און נאָר דורך איהר אליין איז מעגליך אַ דויערנדיגע ווידער־אויפלעבונג... מען האָט געמאַכט אַ רעליגיעזען שלום, געשטיצט אויף פּרינציפּען וועלכע זיינען געווען פּונקט אַזוי נאַריש ווי אומרעליגיעז, וואָרים די כסדרדיגע עקזיסטענץ פונ'ם אַזוי־גערופענעם פּראָטעסטאַנטיזם איז געווען דאָס אייגענע ווי מען וואָלט געגרינדעט אַן אינוויינינגסטע סתירה, דהיינו, אַ שטרענגע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג... לוטער האָט באַהאַנדעלט דאָס קריסטענטום אייגענוויליג, מיספאַרשטאַנען זיין גייסט, און אַריינגעבראַכט אַ נייע אות, אַ לחלוטין נייע דאָקטרין. די דאָקטרין אַז די ביבעל איז אַ הייליגע און העכסטע אויטאָריטעט, דאָס האָט, אומגליקליכערווייז, געהייסען, אַז אין רעליגיעזע ענינים מישט זיך אַריין אַן אַבסאָלוט פרעמדע, לחלוטין

ווערט דערגרייכט ענדיגט זיך יעדע טעטיגקייט. דער צושטאַנד פון וויסען איז גליק, אַן עקסטאַטיש רוהיג נאָכדענקען, אַ הימלי־שע אָפּגעזונדערטקייט."

איצט האָבען מיר דערגרייכט דעם קלימאַקס. דאָס גאַנצע לעבען קריסטאַליזירט זיך אין טויטע מאַטעמאַטישע ציפערען.

דאָ ווערט דאָס נשמה לעבען אַזוי איינגעשרומפּען אַז עס קומט צו אַ שטילשטאַנד. עס קומט אויס ווי דער זייגער פון דער נשמה וואָלט אויפגעהערט צו קלינגען. יעדע הויכע שטרעבונג יעדע טענדענץ צו אומאָפּהענגיגער אַרבייט ווערט צוריק געטריבען און דערשטיקט צווישען די לופטלאָזע ווענט פון דער נשמה.

דערפאַר ווערט ביי אָט דעם פונקט די טיפע גייסטיגקייט פאַרוואַנדעלט אין אַ גראָבען מאַטעריאַליזם. בעת יעדע פעהיג־קייט אַרויסצוברענגען נייע אויסערליכע פאָרמען, ווערט ניט בלויז פאַרהאַסט, נאָר פשוט צעשטערט, אין אַזאַ מאָמענט קומען מיר צום קריטישען פונקט, צום פונקט וואו אַלע איינגעפונדרעוועטע אויסערליכע פאָרמען ווערען אַנערקענט און אָנגענומען, און וואָס עטסט־באַשטימטער זיי זיינען, וואָס נעהענטער זיי קומען צו דער קריסטאַליזירטער פאַרשטיינערטקייט, אַלץ וויליגער נעמט מען זיי אָן, אַלץ זיכערער איז מען אַז בלויז זיי גיבען אַ מעגליכקייט פאַר אַ לעבען פון רוהיגען וואַקסען. נאָוואַליס מאַכט דעם שריט אין אַ וואונדערבאַרער עסיי „דאָס קריסטענטום אין איירָאָפּאַ", וואָס טיק האָט, דורך זיינע אויסמעקונגען, אומזיסט געפּרובירט צו־נישט צו מאַכען, און וואָס פרידריך שלעגעל האָט, דורך אויסלאָ־זען די וויכטיגסטע שטעלען, געמאַכט פון איהר אַ פאַרטיידיגונג פונ'ם קאַטאָליציזם.

אין זיין עסיי שרייבט ער אַזוי: „גליקליכע, גרויסאַרטיגע טעג זיינען געווען די טעג ווען איירָאָפּע איז נאָך געווען אַ קריסטליכער קאָנטינענט, די היים פון דער איינציגער, אומצע־טיילטער קריסטליכער רעליגיע... דער קלוגער פירער פון דער קירך האָט ריכטיג געשטעלט זיך אַנטקעגען דעם געוואַגטען אויפ־קלערען פון מענשליכען מח אויפ'ן חשבון פון רעליגיעזען גלוי־בען, און אַנטקעגען פריה־צייטיגע און געפעהרליכע אַנטדעקונגען אויפ'ן פעלד פון דער וויסענשאַפט. אַזוי האָט ער פאַרבאָטען די

טרעפט אָן אין זיין איינזאַמקייט אַזאַ בלום, זעהט רען ניט אויס
אַלץ וואָס איז ארום איהר ווי פארענדערט? דוכט זיך ניט אַז
די קליינע באפליגעלטע זינגער זוכען צו זיין מיט איהר אין שכנות?
אַ מענש קען וויינען פון צופרידענהייט, און, פארגעסענדיג די
וועלט, קען ער אריינגראָבען, זיינע הענט און פיס אין דער ערד,
שלאָגען וואָרצלען, און קיינמאָל ניט פארלאָזען די גליקליכע
ארומיגקייט."

וואָסער איבערטריבענער סענטימענט! ער שאַפט זיין איי־
גענע פאַראַדיע אין דער משוגענער לאגע וואָס דערמאָנט אונז,
דענער, אָן עפּעס ענגליכעס אין האלבערג'ס Ulises von Ithacia

אין אַן אַנדער טייל פון „אפטערדינגען" לייענען מיר:
„בלומען זיינען פונקט ווי קינדער... פונקט ווי קינדער געפינט מען
זיי צום נידעריגסטען, נעהענטער צו דער ערד; די וואָלקען
זיינען אפשר אנטפּלעקונגען פון דער צווייטער, דער העכערער
קינדהייט, פונ'ם צוריק געוואונענעם גן עדן; דערפאר קומט עס
וואָס זיי גיסען אַזאַ דערפרישענדיגען טוי אויף די קינדער פון
דער ערד." אין ראָמאַנטישען זשארגאָן רעדט זיך אפילו פון דער
קינדישקייט פון וואָלקענס. די נאַאיוויטעט רייסט זיך, און זי
איז ניט צופרידען ביז זי דערגרייכט דעם הימעל. אַ פּאַלאַניום!
אָט די נאַאיווע וואָלקענס זיינען די אמת'ע, די ריכטיגע סימבאָלען
פונ'ם ראָמאַנטיזם.

אָבער אפילו אין די פלאַנצען און אין די וואָלקענס זיינען
פאראַן צופיעל שטרעבונגען און אומרוהיגקייט אז די ראָמאַנטישע
נשמה זאָל זיין צופרידען. אפילו דאָס שטילע וואַקסען איז ניט
קיין לחלוטינ'דיגע אָפּגעזונדערטקייט, קיין לחלוטינ'דיגע איינגע־
שטילטקייט. דאָס ציהען זיך פון דער פלאַנץ צו ליכט פאַרמאָגט
אַ שטרעבונג ארויפצוצו דערפאר איז אפילו דאָס פלאַנץ־לעבען
ניט דאָס העכסטע. נאָוואַליס געהט אַ טראָט ווייטער פון פריד־
ריך שלעגלען.

„דאָס העכסטע לעבען איז מאַטעמאַטיק. אָהן ענטוזיאזם—
קיין מאַטעמאַטיק. דאָס לעבען פון די געטער איז מעטעמאַטיק.
ריינע מאַטעמאַטיק איז רעליגיע. מען דערגרייכט זי בלויז דורך
אנטפּלעקונגען. דער מאַטעמאַטיקער וויים אַלץ. ווען דאָס וויסען

דער דאָזיגער מיסטיציזם, וואָס האלט אז די טויטע זיינען גליקליך ווייל ער דענקט אז זיי זיינען פאַרטאָן אין כל'ע מינים ליידענשאַפטען, ווערט — אין דער פראקטיק — א סאָרט קוויעטיזם*), ד. ה. דאָס איבערגעבען זיך צו א שטיל־וואַקסענדיג, פלאַנצ־אַרטיג לעבען, דאָס לעבען וואָס ווערט הויכגעשעצט אין „לוצינדע".

„די פלאַנצען, זאָגט נאָוואַליס, זיינען די פשוט'סטע שפראך אויף דער וועלט; יעדעס נייע בלאַט, יעדע וואונדערבאַרע בלום איז עפּעס א סוד וואָס זוכט זיך צו אַנטפּלעקען און וואָס בלייבט שטום און באַוועגלאָז בלויז דערפאַר ווייל זייענדיג פול מיט פרייד און ליבע קען זי ניט ריידען און זיך ניט באַוועגען. אויב אימיצער

ווערט א ווייבע, צאַרטע ברוסט,
אַן אָפּער פון טיפען פאַרלאַנג.

אייביג בליהען די פאַרלאַנגען,
דעם געליכטען אומצוהאַלדזען,
איהם אין האַרצען צו באַזיצען,
איינס צו זיין מיט איהם.
אייביג איהם זיין דורשט צו שטילען,
איינס דאָס אַנדערע פאַרצערען,
איינס פון אַנדערן זיך נערען,
איינס פון אַנדערן אליין.

אין דער ליידענשאַפט און ליבע
זיינען אייביג מיר פאַרזונקען,
זינט עס האָבען זיך פאַרלאָשען
פון דער ערד די בלאַסע פונקען;
זינט דער קבר האָט פאַרמאַכט זיך
און דער שייטערהויפען ברענט,
און דער אָנבליק פון דער ערד
פאַר'ן ציטערדיגען האַרץ
האָט זיך אויפגעלייזט.

*) א רעליגיעזער מיסטיציזם וואָס האָט געהאַלטען אז דער מענש דאַרף זיך אָפּזאָגען פון עולם הזה און זיין גלייכגילטיג צו אלע וועלט־ליכע אינטערעסען. דער דאָזיגער געדאַנק איז געפּרעדיגט געוואָרען פון א סעקטע אין זיבעצעהנטען יאָרהונדערט. — איבערזעצער.

Leiser Wunsche susses Plaudern
Horen wir allein, und schauen
Immerdar in sel'ge Augen,
Schmecken nichts als Mund und **kuss.**
Alles was wir nur beruhren,
Wird zu heissen Balsamfruchten,
Wird zu weichen garten Brusten,
Opfern kuhner Lust.

Immer wachst und bluht verlangen
Am geliebten festzuhangen,
Ihn im innern zu empfangen,
Eins mit ihm zu sein.
Seinem Durste nicht zu wehren,
Sich im Wechsel zu verzehren,
Von einander sich zu nahren,
Von einander nur allein.

So in Lieb' und hoher Wollust
Sind wir immerdar versunken,
Seit der wilde trube Funken
Jener Welt erlosch;

Seit der Hugel sich geschlossen
Und der Scheiterhaufen spruhte
Und den schauernden Gemuhte
Nun das Erdgesicht zrefloss. *)

---

*) זיסער רייץ פון האַלבער נאַכט,
שטילע, מיסטעריעזע מאַכט,
מאָדנע שפּיל פון ליידענשאַפטען,
מיר נאָר קענען אייך.

— — — — — — — — —

בלויז מיר הערען דאָס זיסע שעפּטשען
פון שטילע פאַרלאַנגען און קוקען
אייביג אריין אין גליקליכע אויגען,
פיהלען גאָרניט, חוץ ליפּ און קוש.
אַלץ וואָס מיר רירען נאָר אַן
ווערט אַ הייסע באַלזאַם פרוכט,

*Wehmuth und Wollust, Tod und Leben*
*Sind hier in innigster sympathie,—*
Wer sich den hochsten Lieb' ergeben,
Genest von ihren Wunden nie. *)

נאַכט, טויט, ליידענשאַפטליכער עקסטאַז, הימליש גליק — די דאָזיגע אידעען זיינען נאָך טיפער איינגעוועבט אין די פערזען איבער'ן בית עלמין טויער אין „היינריך פאָן אָפטערדינגען". די טויטע זאָגען:

Susser Reiz der Mitternachte
Stiller Kreis geheimer Machte,
Wollust rathselhafter Spiele
Wir nur kennen euch.
....................................

*) עס רייסט זיך אריין די נייע וועלט
און דעם העלסטען זונען־שיין פאַרשטעלט.
דורך מאָך־באַדעקטע חורבות זעהט מען
אַ וואונדער פייערל פון דער צוקונפט
און דאָס וואָס פריהער איז וואָכעדיג געווען
זעהט איצט אויס פרעמד און וואונדערבאַר.
דאָס קעניגרייך פון ליבע איז אויפגעעפענט,
די פאַבעל פאַנגט זיך אָן צו שפינען.
די נשמה פון יעדער זאַך שטעהט אויף
און יעדע טראַכט פון מענטיגע ווערטער,
אַזוי, אַז דאָס גרויסע וועלטגעמיט
וועקט זיך אומעטום און בליהט אָהן אַ סוף.
— — — — — — — — — — — — — —
די וועלט ווערט חלום, דער חלום ווערט וועלט,
און דאָס וואָס מען גלויבט אַז ס'איז שוין געשעהן
קען מען בלויז זעהן אַז עס קומט אָן פון ווייטען.
זאָל די פאַנטאַזיע געוועלטיגען פריי
און וועבען די פעדים לויט איהר געשמאַק,
דאָ עפּעס פארשלייערן, דאָרטען — אַנטפּלעקען,
און צום סוף פאַרשווינדען אין כשופ'דיגען נעפּעל.
טרויער און תענוג, טויט און לעבען
אָטעמען דאָ אין אינטימער האַרמאָניע.
דער וואָס גיט זיך אָפּ דער העכסטער ליבע
היילט זיך קיינמאָל פון איהרע וואונדען ניט אויס.

Es bricht die neue Welt herein
*Und verdunkelt den hellsten Sonnenschein.*
Man sieht nun aus bemoosten Trummern
Eine wunderseltsame Zukunft schimmern,
Und was vordem alltaglich war,
Scheint jetzs fremd und wunderbar.
Der Liebe Reich ist aufgethan,
Die Fabel fang zu spinnen an.
Das Urspiel jeder Natur beginnt,
Auf kraftige Worte jedes sinnt,
Und so das grosse Weltgemuht,
Ueberall sich regt und unendlich bluht.

Die Welt wird Traum, der Traum wird Welt,
Und was man glaubt, es sei geschehn,
Kann man von weiten erst kommen sehn;
Frei soll die Phantasie erst schalten,
Nach ihrem Gefallen die Faden verweben,
Hier manches verschleiern, dort manches entfalten,
*Und endlich in Magischen Dunst verschweben.*

---

Nie sattigt die Liebe sich;
Nicht innig, nicht eigen genug
Kann sie haben den Geliebten.
Von immer zarteren Lippen
Verwandelt wird das Genossene
Inniglicher und naher.
Heissere Wollust
Durchbebt die Seele
Durstiger und durstiger
Wird das Herz
Und so wahret der Liebe Genuss
Von Ewigkeit zu Ewigkeit.
Hatten die Nuchternen
Einmal gekostet
Alles verliessen sie
Und setzten sich zu uns
An den tisch der Sehnsucht
Der nie leer wird.
Sie erkannten der Liebe
Unendliche Fulle,
Und priesen die Nahrung
Von Leib und Blut.

די דאָזיגע שורות גיבען אונז אן אויסגעצייכענטע אידעע פון דער נאַטור און די הויפּט כאַראַקטער־שטריכען פון׳ם מיסטיציזם. דער מיסטיציזם בלייבט ביי אַלע אַלטע רעליגיעזע פאָרמען, נאָר ער פיהלט אויף אן אמת זייער באַדייטונג. ער רעדט די זעלביגע שפּראַך וואָס די אָרטאָדאָקסיע, נאָר ער מאַכט פון א טויטער שפּראַך א לעבעדיגע. דאָ ליגט דער סוד פון זיין נצחון אין דער מיטעלאַלטער איבער דעם טרוקענעם, פאָרמאַלען סכאָלאַסטיציזם וועלכען ער האָט פאַרצערט מיט זיין פלאַם. דאָס האָט איהם גע־מאַכט פאַרן׳ פאָרגעהער פון דער רעפאָרמאַציע. דער מיסטיקער דאַרף ניט קיין דאָגמעס פון דרויסען; אין זיין פרומען עקסטאַז איז ער זיין אייגענער גלח. נאָר אַזוי ווי זיין גייסטיג לעבען איז דורכאויס אן אינווייניג לעבען, שאַפט ער די אויסערליכע דאָגמע ניט אָפּ, און סוף כל סוף ווערט ער אין דער אמת׳ן א גלח.

אין מיסטיש נביאישע ווערטער זאָגט נאָוואַליס אָן וועגען דעם אָנקומען פון דער נייער מלוכה פון הייליגער פינסטערניש:

Gottliche Bedeutung
Ist den irdischen Sinnen Ratsel;
Aber wer jemals
Von heissen, gelibten Lippen
Atem des Lebens sog,
Wem heilige Glut
In Zitternden Wellen das Herz Schmolz
Wem das Auge aufging
Das er des Himmels
Unergrundliche Tiefe mass,
Wird essen von seinem Leibe
Und trinken von seinem Blute
Ewiglich
Wer hat des irdischen Leibes
Hohen Sinn erraten?
Wer kan sgen
Dass er das Blut versteht?
Einst ist alles Leib
Ein Leib,
In himmlischen Blute
Schwimmt das selige Paar.
O! dass das Weltmeer
Schon errotete
Und in duftiges Fleisch
Aufquolle der Fels!

נאָך א פשוט'ערן אויסדרוק פון דער עקסטאַטישער ליידענשאַפט פונ'ם גשמיות'דיגען „איך" געפינט מען אין א סאַקראַמענטליכען הימן ((נומער 7 פון די „גייסטיגע לידער") : „וויניג מענשען וויסען דעם סוד פון דעם לעבען ; פיהלען אן אייביגען הונגער, אן אייביגען דורשט. די געטליכע באַדייטונג פונ'ם „אָווענט־מאָלצייט" איז א רעטעניש פאַר'ן ערדישען חוש. אָבער דער וואָס זוינגט דעמאָלט דעם לעבענס־אָטעם פון היים געליבטע ליפּען, ווען די ציטעריגע כוואַליעס פון הייליגען פייער צעשמערצט דאָס הארץ, ווען די אויגען האָבען זיך געעפענט, אז ער קען מעסטען די טיפענישען פון הימעל וואָס מען קען ניט דערגרונ־טעווען, — וועט אייביג עסען פון „זיין" ליבע און טרינקען פון „זיין" בלוט. ווער איז שוין דערגאַנגען דעם העכסטען זין פונ'ם גוף ? ווער קען זאָגען אז ער פאַרשטעהט דאָס בלוט ? אמאָל וועלען אַלע קערפּער זיין איינס, איין גוף, דעמאָלט וועט די גע־בענשטע פּאָר שווימען אין הימלישען בלוט. אָ, הלואי וואָלט דער וועלט־ים זיך שוין גענומען רויטלען און פון פעלז וואָלט שוין געוואָרען שמעקעדיג פלייש. דאָס זיסע מאָלצייט ענדיגט זיך קיינמאָל ניט, די ליבע ווערט קיינמאָל ניט זאַט. קיינמאָל קען זי איהר געליבטען ניט האָבען גענוג אינטים, גענוג נאָהענט צו זיך. דאָס גענאָסענע ווערט פאַרוואַנדעלט פון אַלץ צערטליכערע ליפּען, אינטימער, נעהענטער. א הייסערע ליידענשאַפט וויברירט דורך דער נשמה. אַלץ דורשטיגער און דורשטיגער ווערט דאָס הארץ. און אַזוי דויערט דער גענוס פון ליבע פון אייביגקייט צו אייביגקייט. וואָלטען די ניכטערע מענשען איינמאָל פאַרזוכט דעם טעם, וואָלטען זיי אַלץ פאַרלאָזען, און וואָלטען זיך געזעצט ביי אונזער טיש פון בענקשאַפט, וואָס איז קיינמאָל ניט ליידיג. זיי וואָלטען פאַרשטאַנען די אומענדליכע פולקייט פון דער ליבע, און הויך געהאַלטען דעם שפּייז פון פלייש און בלוט.*)

---

*) Wenige wissen
Das Geheimnis der Liebe,
Fuhlen Unersattlichkeit
Und ewigen Durst.
Des Abendmahls

מען פיהלט דעם פיבערישען פארלאנג פונ'ם שווינדזיכטיגען אין דאָזיגען השתפכות הנפש. א פאראלעלע ציטאטע פון „לוצינדע" איז: „אַ אומענדליכע בענקשאפט! אָבער עס קומט די צייט ווען דער פרוכטלאָזער פארלאנג און אומזיסטע טעות'ן פונ'ם טאָג וועלען שטארבען און פארשווינדען, און די גרויסע נאכט פון ליבע וועט ברענגען אייביגען שלום". די געדאנקען פון אָט די צוויי ראָמאַנ־טישע ליבהאָבער פון דער נאכט טרעפען זיך צוזאמען אין אָט דער אידעע פון אן אייביגער אומארמונג.

אין דאָזיגען ענטוזיאזם פאר דער נאכט ליגט די זריעה פון רעליגיעזען מיסטיציזם. ביי יוסטינוס קערנער'ן (וואָס דערמאָנט אָן יונג סטילינג'ען) ווערט די פארטייאישקייט בנוגע דעם מיסטעריעזען א גלויבען אין שדים און א מורא פאר גייסטער. אין געוויסע שריפ־טען פון די שפעטערע ראָמאַנטיקער, למשל אין אכים פאָן ארנים'ס „די שעהנע איזאבעלא פון עגיפטען" זיינען העלפט פון די העלדען גייסטער. מיסטיציזם איז א פונדאמענטאלער עלעמענט אין קלע־מענס ברענטאנאָ'ס קונסט, אפילו דאָרט וואו ער צייכענט זיך אויס, און דאָס גיט צויבער און קאָליר צו זיינע שילדערונגען.

נאָוואַליס אליין שילדערט מיסטיציזם ווי א ליידענשאפט — ''ein wollustiges Wesen'' — כדי ריכטיג צו פארשטעהן אָט דעם אויסדרוק, דארפען מיר זיך אריינטראכטען אין זיינע הימנען.

Hinuber wall' ich
Und jede Pein
Wird ernst ein Stachel
Der Wollust sein.
Noch wenig Zeiten
So bin ich los
Und liege trunken
Der Lieb' im Schloss *)

---

*) איך געה אַהין,
און יעדע פיין
וועט זיין אַ ציטער
פון גרויס תענוג,
אין אַ קורצער צייט אַרום
וועל איך זיין פריי
און ליגען פאַר'שכור'ט
אין שוים פון דער ליבע.

לעבען און טויט זיינען ביי נאָוואַליס׳ן בלויז „רעלאַטיווע אידעען“. די טויטע זיינען האַלב לעבעדיג, די לעבעדיגע — האַלב טויט. אַט דער געדאַנק איז דאָס ערשטע וואָס מאַכט פאַר איהם דאָס לעבען אינטערעסאַנט. אין ערשטען ליד פון זיינע „הימנען צו דער נאַכט“ שרייבט ער: „איך ווענד זיך צו דיר, הייליגע, אומ־באשרייבליכע, מיסטעריעזע נאַכט! ווייט, ווייט ליגט די וועלט, אַזוי ווי פאַרזונקען אין אַ טיפען קבר, פאַרלאָזען און איינזאַם וואו זי געפינט זיך. די סטרונעס פון מיין האַרץ ציטערן מיט טרויער... האָסטו פאַרגעניגען פון אונז ווי מיר פון דיר, פינסטערע נאַכט?... אַ טייערער באַלזאַם טריפט פון דיינע הענט, פון דיינע מאָן־גאַר־בען... דו וויקעלסט אויף די שווערע פליגעל פון דער נשמה... ווי אָרים, ווי קינדיש קוקט אויס דער טאָג, ווי פריילין און געבענשט— ז״ין אַוועקגעהן!... פיעל הימלישער ווי די פינקלענדיגע שטערען זיינען די מיליאָסען אויגען וואָס די נאַכט עפענט אויף אין אונז. זיי זעהען ווייטער ווי די ליכטיגסטע פון יענע מיליאָנען מחנות; אָהן ליכט קוקען זיי אריין אין די טיפענישען פון דער ליבענדיגער נשמה, און איהרע הויכע ערטער זיינען פול מיט אומאויסדריקליכען עק־סטאַז. געליבטע זאָל זיין די קעניגין פון דער ערד, די מאַיעסטעט־טישע אַנטפּלעקערין פון הייליגע ווערטער, די היטערין פון דער גע־בענשטער ליבע! זי שיקט מיר דיך, מיין געליבטע, זיסע זון פון דער נאַכט. איצט בין איך וואַכעדיג, וואָרים איך בין דיינער און מיינער. דו האָסט מיר געגעבען די באַלעבענדיגע תורה פון דער נאַכט, האָסט מיך געמאַכט פאַר אַ מענשליכער בריאה. פאַרצער מיין קערפּער מיט די גליהענדיגע פלאַמען פונ׳ם גייסט, כדי איך זאָל זיך מיט דיר צוזאַמענמישען אויף אַ נאָך גייסטיגערן אופן, נאָך נעהנטער, און זאָל די חופּה־נאַכט זיין אַן אייביגע.“

פון שעהנעם קרבן־טויט. אַ מיין ברודער,
עס קומט דאָך זיכער די צייט ווען אַלע מענשען
וועלען דערקענען די טויטע, זיי אַרומנעמען מיט שמחה
און וועלען פיהלען אַז דאָס לעבען איז בלויז
אַ פאַרגעפיהל פון ליבע, דער טויט — איהר כלה־קוש,
און דאָס וואָס נעמט אונזערע קליידער אַרונטער
אינ׳ם כלה־שטיבעל, מיט דער ליידענשאַפט פון אַ חתן,
איז די אויפלייזונג און דאָס פייער פון דער ליבע.

נאכט״. אז ער זאל ליב האבען די נאכט איז לייכט צו פארשטעהן. די נאכט טרייבט דעם „איך״ אריין אין זיך אליין דורך באהאלטען פאר איהם די ארומיגע וועלט; ממילא איז דאס געפיהל פאר דער נאכט און זעלבסטבאוואוסטזיין איינס און דאס זעלביגע. דער עקסטאז פון׳ם געפיהל פאר דער נאכט ליגט אין איהר שרעק. לכתחילה קומט די מורא פאר׳ן איינצעלנעם בעת אלץ ארום איהם פארשווינדט אין דער פינסטערניש אזוי, אז ער פארשווינדט פון זיך אליין. דערנאך קומט דער אנגענעמער ציטער בעת דאס זעלבסט־באוואוסטזיין שווימט ארויס שטארקער פון פריהער א דאנק דער דאזיגער מורא.

אין איינעם פון זיינע פראגמענטען רופט נאוואלים אן דעם טויט א חופה־נאכט, א זיסע מיסטעריע און ער גיט צו:

Ist es nicht klug, fur die Nacht ein geselliges Lager zu suchen?
Darum is kluglich gesinnt, wer auch Entschlummerte liebt.'' *)

די דאזיגע אידעע איז אזוי פולשטענדיג פארקערפערט אין דער ראמאנטישער וועלט־אנשויאונג, אז אין ווערנער׳ס דראמע „די קרייץ־ברידער״, זאגט דער העלד אין דער רגע איידער מען פירט איהם צום פארברענען:

''Den Neid verzeih' ich,
Die Trauer nicht. O unaussprechlich schwelg' ich
In der verwandlung Wonn', in dem Gefuhl
Des schonen Opfertodes! O mein Bruder!
Nicht war? es kommt die Zeit, wo alle Menchen
Den Tod erkennen—freudig ihn umarmen,
Und fuhlen werden, dass dies Leben nur
Der Liebe Ahnung ist, der Tod ihr Braut kuss,
Und sie, die mit der Inbrunst eines Gatten,
Im Brautgemach, uns vom Gewand entkleidet—
Verwesung, Gluterguss der Liebe ist!'' *)

---

*) איז דען ניט ריכטיג צו זוכען א שותף אין בעט פאר דער נאכט? דערפאר זיינען קלוג יענע מענשען וואס האבען די טויטע אויך ליב.

*) די קנאה בין איך מוחל,
דעם טרויער — ניט. איך קען ניט אויסדריקען ווי איך פרעה זיך מיט׳ן גליק פון מיין פארוואנדלונג, מיט׳ן געפיהל

איז איינפאַך אָן אָנגערעגט און — צוליב דעם איז עס אין זיינע אויגען — קרענקליך זעלבסט־באַוואוסטזיין, אַן אומאַנטשלאָסענער קאַמף צווישען פאַרגעניגען און וועהטאָג. „וואָלט נאָר דער מענש, זאָגט ער, געקענט אָנהייבען ליב צו האָבען קראַנקייט און ליידען, וואָלט ער מסתמא אין זייערע אָרעמס איבערגעלעבט דעם זיסטען תענוג, און געפיהלט דעם ציטער פונ׳ם העכסטען, פּאָזיטיווען פאַרגעניגען... הייבט זיך דען ניט אָן דאָס בעסטע אין דער וועלט ווי אַ קראַנקייט? אַ האַלבע קראַנקייט איז שלעכט, ווירקליכע קראַנקייט איז אַ פאַרגעניגען, און איינס פון די העכסטע פאַרגעניגענס“. און אַנדערשוואו שרייבט ער וועגען אַ מיסטישער קראַפט „וואָס זעהט אויס צו זיין די קראַפט פון פאַרגעניגען און וועהטאָג, וואָס איהר דערקוויקענדיגע ווירקונג באַמערקט זיך אַזוי בולט אין ליידענשאַפטליכע געפיהלען“.

* נאָוואַליס׳עס ליידענשאַפטליך פאַרגעניגען פון קראַנקייט איז פּונקט ווי דעם פּרומאַק׳ס איבערצייגונג אין זיין זינד, די גייסטיגע קראַנקייט וואָס איז אין דער זעלביגער צייט אַ ליידענשאַפטליך פאַרגעניגען. נאָוואַליס אַליין ווייס גאַנץ גוט פון אָט דער ענליכקייט. ער זאָגט: „די קריסטליכע רעליגיע איז די ליידענשאַפטליכסטע רעליגיע. דער גרעסטער אָנשטויס צו ליבען דעם בורא עולם איז זינד; וואָס זינדיגער אַ מענש פיהלט זיך אַלץ מעהר קריסט איז ער. אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט גאָט איז דער צוועק פון ליבע און פון זינד“. און ווייטער: „עס איז אַ וואונדער וואָס די באַשיינפערליכע אַסאָסיאַציע צווישען גשמיות׳דיגקייט, רעליגיע און גרויזאַמקייט האָט שוין לאַנג ניט געצויגען דעם מענשענס אויפמערקזאַמקייט צו זייער קרובה׳שאַפט און בשותפות׳דיגע טענדענצען.“

און פּונקט ווי פאַר נאָוואַליס׳ן איז קראַנקייט בילכער ווי געזונט, אַזוי איז פאַר איהם נאַכט בילכער ווי טאָג מיט זיין „חוצפּה׳דיג ליכט“.

אַ ווידערגעפיהל צום טאָג און טאָג־ליכט איז געווען פאַרשפּרייט צווישען די ראָמאַנטיקער. איך האָב אָנגעוויזען דערויף אין „וויליאַם לאָוועל“. נאָוואַליס דריקט בלויז אויס אַ הויכע מדרגה פונ׳ם אַלגעמיינעם געפיהל אין זיינע בארימטע „הימנען צו דער

הייט, די פרייהייט ווידער אָנצוהייבען אַלץ פונ׳ם אָנהייב, איז ביי איהם די הפקר׳דיגע פאַנטאַזיע, וואָס בייט אַלץ, וואָס לייזט אויף נאַטור און געשיכטע אין עמבלעמען און מיטען, כדי זיך צו קענען פריי שפילען מיט אַלץ וואָס איז אויסערליך, און זיך צעלאָזען אָהן אַן אָפּהאַלט אין טראַכטען וועגען זיך. ווי אַרנאָלד רוגע דריקט עס אוים: „מיסטיציזם, וואָס איז טעאָרעטישע ליידענשאַפט, און ליידענשאַפט, וואָס איז פּראַקטישער מיסטיציזם, געפינען זיך אין נאָוואַליס׳ן אין גלייך שטאַרקע פּראָפּאָרציעס.

נאָוואַליס אַליין ווייס גאַנץ גוט, אַז זיין כראָניש־קראַנקע פאַנטאַזיע, ניט קוקענדיג אויף איהר גאַנצער כלומר׳שטער רוחניות, איז געניינגט צום גשמיות׳דיגען. שרייבענדיג צו קאַראָלינע שלעגלען איבער „לוצינדע“, זאָגט ער: „איך ווייס אַז די פאַנטאַזיע ווערט צום מערהסטען צוגעצויגען פונ׳ם אוממאָראַלסטען, פונ׳ם חיה׳שסטען; איך ווייס אָבער אויך ווי חלום־אַרטיג די גאַנצע פאַנטאַזיע איז, ווי זי האָט ליב נאַכט, זינלאָזיגקייט און איינזאַמקייט“. ער באַשטעטיגט דאָ וועגען דער פאַנטאַזיע בכלל דאָס, וואָס מען האָט געקענט אָנווענדען ספּעציעל אויף זיינער.

טיק שרייבט ענטוזיאַסטיש וועגען מוזיק, וואָס לערנט אונז צו „פיהלען דאָס געפיהל“. נאָוואַליס איז אַ לעבעדיגע אויסטייטשונג פון די דאָזיגע ווערטער. דער, וואָס זיין צוועק איז געפיהל, אומבאַגרענעצט, אומפאַראַנטוואָרטליך געפיהל, וויל אַליין פיהלען, און ער מאַכט קיין סוד ניט פונ׳ם פאַקט, אַז ער זוכט דעם דאָזיגען גענוס. דערפאַר איז ביי איהם קראַנקייט בילכער ווי געזונט, ווייל דער קראַנקער פיהלט תמיד זיין איינענעם קערפער, וואָס דער געזונטער פיהלט ניט. פאַסקאַל און אונזער איינענער קירקעגאַרד, האָבען זיך באַפרידיגט דערמיט וואָס זיי האָבען דערקלערט אַז קראַנקייט איז די נאַטירליכע לאַגע פון אַ קריסט. נאָוואַליס געהט פיעל ווייטער. פאַר איהם איז דאָס העכסטע, דאָס איינציג אמת׳ע לעבען, דאָס לעבען פונ׳ם קראַנקען. „לעבען איז אַ קראַנקייט פונ׳ם גייסט“. פאַרוואָס? ווייל בלויז אין לעבעדיגע מענשען פיהלט דער וועלט־גייסט זיך אַליין, דערגרייכט ער די מדרגה פון זעלבסט־באַוואוסטזיין. און ניט ווייניגער חשוב ווי קראַנקייט איז ביי נאָוואַליס׳ן ליידענשאַפט, גשמיות׳דיגער תענוג. פאַרוואָס? ווייל דאָס

זאָל, אזוי צו זאָגען, אַלץ פאַנאַנדערוודערן, כדי דער שכל זאָל אויף ס'ניי אַלץ איינשטעלען. כאָטש נאָוואַלים איז טויב צו יעדען סאָציאַ־לען און פּאָליטישען רוף פון זיין צייט, און בלינד צו אַלע איהרע פּראָגרעסיווע באַוועגונגען, און כאָטש ער ענדיגט מיט דער פאַס־קודנעסטער און עקעלדיגסטער רעאַקציע, איז ער פון דעסטוועגען ניט בלויז באַאיינפלוסט, נאָר — אַלץ אומבאַוואוסטזיניג — לחלוטין דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון דער צייט. צווישען איהם — דעם שטילען, אינטראָספּעקטיווען (זעלבסט־באָבאַכטענדיגען), טרייען זאַקסישען אַסעסאָר —און די אָרימע „סאַנקילאָטען“ — וואָס האָבען געאײלט פון פּאַריז צו דער גרענעץ זינגענדיג די מאַר־כעלעזע און פאָכענדיג מיט דער דריי־קאָלירטער פאָהן — איז פאַ־ראַן די פונדאַמענטאַלע עגליכקייט וואָסביידע פאַרלאַנגען מען זאָל חרוב מאַכען די גאַנצע אויסערליכע וועלט און בויען אַן אינערליכע. נאָר זייער אינערליכע וועלט איז דער שכל, זיינע — די נשמה; פאַר זיי איז נויטיג דער שכל מיט זיינע פאָדערונגען און פאָרמולעס: פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט; פאַר איהם — די נשמת מיט איהר מאָדנעם נאַכטליכען אומעט, וואו ער שמעלצט אַלץ פאַ־נאַנדער און געפינט אויף דער דנאָ פּונ'ם שמעלץ אויוועז דאָס גאָלד פון דער נשמה — נאַכט, קראַנקהייט, מיסטיציזם און ליידענ־שאַפט.*)

אלזאָ ניט קוקענדיג אויף זיין ווילדער שנאה צו זיין צייט, האָט נאָוואַלים צו איהר געהערט; כאָטש ער איז געווען דער דירעקטער געגנער פון איהר גאַנצער אויפקלערונג און שעהנע אידעען, איז ער, צו להכעיס זיך אַליין, געווען אונטער'ן איינפלוס פון איהר גייסט.

דאָס וואָס ביי פיכטע'ן און ביי די מענשען פון דער רעוואָלו־ציע איז קלאָרער שכל וואָס פאַרשטעהט און פּרובירט אַלץ, איז ביי נאָוואַלים'ן אַן אַלץ דורכדרינגליכע זעלבסט־אריינגעטונקייט וואָס ווערט אַן אמת'ע ליידענשאַפט. וואָרים דער נייער גייסט האָט איהם אזוי פעסט ארומגענומען אַז ער האָט זיך, אזוי צו זאָגען, ארומגע־וויקעלט ארום זיינע נערוועו, פאַראורזאַכענדיג אַ מין ליידענשאַפט־ליכע אויפגערייצטקייט. דאָס וואָס ביי זיי איז אַבסטראַקטע פריי־

---

*) A. Ruge, Werke I, 247, etc.

טיק האָט באַגעגענט נאָוואַליס'ן צום ערשטען מאָל בעת ער האָט באַזוכט יענאַ, אין זומער פון 1799. אויגוסט ווילהעלם שלע־געל האָט זיי צוזאַמען געבראַכט, און זיי זיינען באַלד געוואָרען אי־בערגעגעבענע פריינד. דעם ערשטען אָוונט האָבען די דריי פּאַר־בראַכט אין אַן ערנסט געשפּרעך עפּענענדיג איינער פאַר'ן צווייטען זייערע הערצער. נאָך האַלבער נאַכט זיינען זיי אַרויס צו געניסען די שעהנקייט פון דער זומער נאַכט. „די פולע לבנה, זאָגט קעפּקע, האָט באַגאָסען מיט אַ צויבערדיגען שיין די בערגינקייט אַרום יענאַ". באַגינען האָבען טיק און שלעגעל באַלייט נאָוואַליס'ן אַהיים. טיק האָט פאַראייביגט דעם דאָזיגען אָוונט אין „פאַנטאַסוס".

נאָוואַליס האָט געשריבען זיין הויפּט ווערק „היינריך פאָן אָפ־טערדינגען" אונטער טיק'ס איינפלוס. בעת ער האָט עס געהאַלטען אין שרייבען האָט שווינדזוכט פאַרענדיגט זיין לעבען. ער איז נע־שטאָרבען צו ניין און צוואַנציג יאָהר, בלויז צוויי יאָהר נאָך דעם ווי ער האָט באַגעגענט טיק'ן און א. וו. שלעגלען, וואָס איך האָב פריהער דערמאַנט. דער דאָזיגער פריהצייטיגער טויט, אַ וואונדער־באַרע מדרגה פון אָריגינאַליטעט און פיעל פּערזענליכע שעהנקייט האָבען צוזאַמען געשאַפען אַרום נאָוואַליס'ן אַ פּאָעטישע אַטמאָס־פערע. ער איז געווען דער הייליגער יוחנן פון דער נייער באַ־וועגונג, און אויך זיין אויסערליכער קוק איז ענליך געווען צום רוחניות'דיגסטען פון די אַפּאָסטאָלען. זיין שטערען איז געווען כמעט דורכזיכטיג, און זיינע ברוינע אויגען האָבען געלויכטען מיט וואונדערבאַרען גלאַנץ. אין די לעצטע דריי יאָר פון זיין לעבען האָט מען געקענט לייענען אין זיין פּנים אַז איהם איז באַשערט גע־ווען אַ פריהצייטיגער טויט.

נאָוואַליס איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָר ווען די פראַנצוי־זישע רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען. ווען מען וואָלט געבעטען צו געבען אַ דעפיניציע פון דער הויפּט אידעע פון אָט דער גרויסער באַוועגונג, וואָלט מען געקענט זאָגען, אַז זי איז געווען די צעשטע־רונג פון אַלץ וואָס איז געווען בלויז טראַדיציאָנעל און דער פּאַר־לאַנג אָוועקצושטעלען די מענשליכע עקזיסטענץ אויף אַ באָדען פון ריינעם שכל דורך אָפּרייסען זיך פון אַלץ וואָס איז היסטאָריש. די דענקער און העלדען פון דער רעוואָלוציע דערלאָזען אַז דער שכל

פאַרשטעהע און שאַץ אָפּ דאָס, וואָס איז דאָס העכסטע; עס וועט זיין אַן אמת'ער קרבן, ניט קיין אַנטלויפען, ניט קיין אויסוועג".
אין דער צייט פון דאָזיגען קריזיס נעמט ער זיך וועגדען אין דער ריכטונג פון פּאָזיטיווען קריסטענטום. ער האָט ניט געטראַכט צו ווערען אַן אנהענגער פון אַ באַשטימטער קירך, אָדער גלויבען אין אַ באַשטימטער צאָל דאָגמעס, נאָר אָט די היידנישע בענקשאַפט נאָכ'ן טויט האָט באַקומען אַ קריסטליכע קאָליר. זיין טיף, גייסטיג לעבען איז שוין געווען אַזאַ, אַז ווען ניט דער איינפלוס פון דער צייט, וואָלט ער פּונקט אַזוי גוט געקענט ווערען אַן אַנטשלאָסענער געגנער פון יעדער קירכליכער דאָקטרין. זיין גייסטיגער צושטאַנד איז מסתמא געווען אַזאַ ווי פרידריך שלעגעל האָט אָנגעוויזען בעת ער האָט צו איהם געשריבען אין אַ יאָר אַרום: „מעגליך אַז דו האָסט נאָך, מיין פריינד, די ברירה אויסצוקלייבען צי דו זאָלסט זיין דער לעצטער קריסט, דער ברוטוס פון דער אַלטער רעליגיע, אָדע דער קריסטוס פון דער נייער תורה". באַלד דערנאָך האָט ער זיינס אויסגעקליבען.

אין דעצעמבער 1798 פיהלט ער נאָך אַלץ, ווען ער פאַרגלייכט זיך מיט זיין פריינד יוסט, אַז ער איז בלויז דער אַפּאָסטאָל פון ריינער גייסטינקייט. ער פאַרלאָזט זיך ניט, ווי יוסט „מיט קינדישען גלויבען אויף די אומפאַרענדערליכע ווערטער פון אַ מיסטעריעזען אַלטען דאָקומענט". ער וויל ניט זיין געבונדען פון אַ בוכשטאַב, און איז גענייגט צו געפינען זיין אייגענעם וועג צו דער אור־אַלטער וועלט. ער זעהט אין די קריסטליכע דאָקטרינעם אַ פּאַראויס־געצייכענטען סימן פון דער קומענדיגער אַלוועלטליכער רעליגיע. ער שרייבט צו יוסט'ן: „אין אָט דעם באַגריף פון רעליגיע וועסטו בלי ספק איינזעהן איינעם פון די פיינסטע עלעמענטען פון מיין נשמה, דהיינו, פאַנטאַזיע". מיט אַנדערע ווערטער, ער אַנערקענט אַז פאַנטאַזיע ליגט אין סאַמע פונדאַמענט פון זיין רעליגיעזער אַנטוויקלונג.

אין זעלביגען יאָהר (1798) האָט ער געשיקט עטליכע פראַגמענטען צו ווילהעלם שלעגלען צו פאַרעפענטליכען אין'ם „אַטענעאום", מיט דער בקשה אַז דער נאָמען פון'ם שרייבער זאָל זיין נאָוואַליס „וואָס איז אַן אַלטער פאַמיליען נאָמען און ניט אין גאַנצען אומפּאַסיג".

טרייסטען מיט אַן אַנדערער, נאָך דעם ווי זיין פאַרגעניגען אין משך פון אַ יאָר צייט איז געלעגען אין געדאַנק וועגען טויט, רעדענדיג אַ גאַנץ יאָר עפּעס אַזוי ווי אַלץ וואָס איז איהם טייער ליגט אין טויט. עס איז געווען אַ שוואַכע אַנטשולדיגונג וואָס יוליע קוקט איהם אויס צו זיין אַ פאַרקערפערונג פון סאָפי'ן, כאָטש אַזאַ פאַנטאַזיע איז ניט געווען קיין חידוש ווען מען געדענקט וויפיל די ראָמאַנטיקער האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן געדאַנק פון אַ פריהערדיגער עקזיסטענץ. אָבער דאָ, פונקט ווי אומעטום אין האַרדענבערג'ס לעבען, קען מען לייכט דערקלערען אַ סך זאַכען, וואָס זעהען אויס צו זיין אומנאַטיר־ליך, ווען מען פאַרשטעהט ריכטיג די אומשטענדען. סאָפי פאָן קין איז, זעהט אויס, געווען, פונקט ווי אויגוסטביימער, אַ זעהר פריה־צייטיג קינד. ווען דער 23 יעריגער יונגערמאַן האָט זיך מיט איהר באַקאַנט האָט זי פאַרמאָגט אַלע מעלות פון אַ קינד קאָמבינירט מיט די מעלות פון אַ מיידעל. איהרע געזיכטשטריכען זיינען געווען איי־דעלע. איהר געקרייזעלטער קאָפּ איז געווען לייכט באַלאַנסירט, און אַ גאַנצע וועלט האָט געלעבט אין איהרע גרויסע, טונקעלע, אויס־דרוקספולע אויגען. אַזעלכע וואָס זיינען געווען אומפּאַרטייאישער פון האַרדענבערג'ן האָבען זי גערופען „אַ הימליש וועזען.“

סאָפי'ס ליכטיגע, גאַסטפריינדליכע היים האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט אַ שטאַרקען קאָנטראַסט לגבי דער היים פון'ם יונגען האַרדענבערג; די גאַנצע פאַמיליע האָט איהם (און אויך זיין על־טערן ברודער) באַצויבערט, און דאָס יונגע מיידעל איז געוואָרען זיין מוזע, זיין בעאַטריצע, זיין אידעאַל, כאָטש, וואָלט זי געלעבט, וואָלט זי איהם אפשר אַנטוישט מיט דעם וואָס זי וואָלט געוואָרען עולם הזה'דיג אָדער אומוויכטיג. ווען מיר דערמאָנען זיך אַז כמעט אין דערזעלבינער צייט ווען סאָפי איז געשטאָרבען, האָט האַרדענ־בערג אויך פאַרלויר'ען זיין ברודער עראַסמוס, וואָס צו איהם איז ער געווען צוגעקניפּט מיט אַן אינטימער און שעהנער פריינדשאַפט, קענען מיר זיך שוין ניט חידוש'ן וואָס איהם האָט זיך אויסגעוויזען אַז דאָס לעבען האָט פאַרלוירען יעדען רייץ. ער האָט באַטראַכט דעם טויט ניט בלויז אין ליכט פון אַ באַפרייאונג; זיין מיסטישע נייגונג האָט, ווי שוין דערמאָנט, געבראַכט איהם צו רעדען דערפון ווי וועגען „אַ פרייוויליגען קרבן“. אין יענער צייט האָט ער גע־שריבען אין זיין טאָג־בוך: „מיין טויט וועט זיין אַ באַווייז אַז איך

זייער טריישאַפט צום פרינצליכען חויז. ער האָט אַ זעהר הויכע מיינגונג פון פרידריך שלעגלען אַלס קריטיקער, ער באַוואונדערט די פיינקייט פון די נעץ־לעבער פון זיין קריטישער נעז, וואָס לאָזט ניט דורך קיין פיש, ווי קליין ער זאָל ניט זיין, און ער רופט איהם „אַ לעסינג אָהן פלאַגיסטאָן.“***)

ווען שלעגעל האָט באַזוכט האַרדענבערג'ן אין זיין היים, אין 1797, האָט ער איהם געטראָפען אין גאַנצען אַ צעבראָכענעם. אַ יונג מיידעל, סאָפי פאָן קין, וועמען ער איז געוועזן איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען, איז גראָד דעמאָלט געשטאָרבען. זיין פאַרצווייפ־לונג האָט אָנגענומען די פאָרם פון בענקען נאָכ'ן טויט, און ער האָט טיף געגלויבט אַז זיין קערפּער דאַרף זיך אונטערגעבען צום דאָזי־גען פאַרלאַנג זיינעם און צו זיין בענקשאַפט נאָך דער פאַרשטאָר־בענער. כאָטש ער האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע זעלבסט־מאָרד פּלענער, האָט ער אָנגערופען זיין טויט־פאַרלאַנג וואָס האָט איהם אַרומגענומען „אַ פעסטער באַשלוס וואָס וואָלט געמאַכט אַז דער טויט זאָל זיין אַ פרייוויליגער. אונטער'ן איינפלוס פון אַזעלכע גע־דאַנקען האָט ער געשריבען זיינע „הימנען צו דער נאַכט“.

דער דאָזיגער איבערפלוס פון פאַרצווייפלונג, און אויך דער אומשטאַנד אַז סאָפי, וועלכע איז געשטאָרבען צו פופצעהן יאָהר, איז בלויז צוועלף יאָר אַלט געוועזן ווען ער האָט זיך אין איהר פאַר־ליבט, קוקט אויס צו זיין אַן עדות אַז עפּעס אומגעזונטעס און אומ־נאָרמאַלעס איז געוועזן אין נאָוואַליס'עס כאַראַקטער. דער דאָזיגער איינדרוק ווערט נאָך שטאַרקער ווען מיר געפינען אויס, אַז בלויז מיט איין יאָר שפּעטער איז ער שוין אַ חתן געוואָרען מיט דער טאָכטער פון פאָן שאַרפּענטיעה, דעם מינען אויפזעהער. עס איז גאַנץ אמת, ווי לאַ ראָשפוקאָ זאָגט, אַז די קראַפט פון אונזערע ליי־דענשאַפטען האָט גאָר קיין שייכות ניט צו זייער דויערהאַפטיגקייט; דאָך איז עס מאָדנע וואָס האַרדענבערג האָט זיך פּלוצלינג געקענט

***) מען האָט אַמאָל געגלויבט, אַז יעדע ברענענדיגע זאַך האָט זיך, אין מאָמענט פון ברענען, קאָמבינירט מיט אַ בעמישען שטאָף „פלאָגיסטאָן“, און אַז אָהן פלאָגיסטאָן קען קיין זאַך ניט ברענען. — איבערז.

הערען מיר פון א קליינער יוגענטליכער נארישקייט; ווידער און אַבעראמאָל איז ער אויף צרות צוליב חובות וואס ער האָט אָנגענו־מען. אָבער ער רעדט זיך דורך מיט זיין פאָטער זעהר שכל'דיג, ווען דער לעצטער נעמט אָן צו ערנכט זיינע עבירה'לעך.

דער פאָטער און דער פעטער האָבען נאַטירליך באַט־אַכט די פראנצויזישע רעוואָלוציע מיט שרעק און עקעל, אָבער פרידריך און זיין עלטערער ברודער זיינען געווען איהרע ווארעמסטע אָנהענ־גער.

אָבער אַזוי ווי אין זאקסען איז אַלץ געפירט געוואָרען אויף אַ צו קליינעם מאסשטאב אז עס זאָל געפעלען פרידריכ'ס געשמאַק, האָט איהם זיין משפחה, דער פרייסישער מיניסטער (שפעטער קאנצלער) פאָן הארדענבערג, פאַרגעלייגט אַ שטעלע אין פרייסען. ער האָט זי אָבער ניט געקענט אָננעמען, ווייל זיין פאָטער האָט ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז ער זאָל ווערען אָן איינגעהער אין הויז פון זיין ליבעראַל געשטימטען שוועסטערקינד פון בערלין. ענדליך האָט מען איהם געשיקט קיין טענשטעט, לעבען ערפורט, צו קריגען פראַק־טישע ערפארונגען אין דורכפירען די געזעצען פון זאקסישען קור־פירשטענטום, אונטער'ן אויסגעצייכענטען באצירק ריכטער יוסט.

נאָוואַליס'עס ערשטער פריינד פון די ראָמאַנטיקער איז געווען פרידריך שלעגעל, מיט וועמען ער האָט זיך באקאַנט אין יענאַ. ביידע האָבען געהאַט פיעל בשותפות'דיגס, און נאָוואַליס איז גלייך ארונטער אונטער שלעגעל'ס איינפלוס. צו איין און צוואנציג יאָהר, שרייבט ער צו איהם: „פאַר מיר ביסטו געווען דער כהן גדול פון עלייסיס**); דו האָסט פאַר מיר אַנטפלעקט דעם גן עדן מיט'ן גיהנום; דורך דיר האָב איך פארזוכט פון עץ הדעת". דער יונגער הארדענבערג ווייזט אַז ער איז לחלוטין פריי פון פּאָליטישען פאָר־אורטייל; ער האַלט שטארק פון שלעגעל'ס הויז־ווירט צוליב זיין „ערליכען רעפובליקאניזם", און ער לאַכט פון שלעגעל'ס שטרענג־קייט וואָס באשולדיגט איהם און דעם דערמאַנטען הויז־ווירט פאַר

---

**) עלייסיס איז אַ שטאָט אין גריכענלאַנד, פון וואַנען עס שטאַמען אָפּ די וויכטיגסטע רעליגיעזע מיסטעריעס פון אַלטע צייטען. איבערז.

שעהן ?" האָט ער נייגיריג געפרעגט ביי דער רינסט, וועלכע איז אריינגעקומען. „גאָרניט, איז געווען דער טרוקענער ענטפער, דער בעל הבית גיט בלויז אַ ביבעל לעקציע". דער אַלטער הארדענבערג האָט געהאַט די געוואוינהייט צו פירען די רעליגיעזע איבונגען פון דער פאַמיליע, און אין דער זעלביגער צייט צו עקזאַמינירען די יונגערע קינדער אין רעליגיעזע ענינים, און דאָס האָט ניט זעלטען געבראַכט צו אַ פאַמיליען שטורעם.

אַזוי האָט אויסגעזעהן פרידריך פאָן הארדענבערג'ס היים. ער איז געווען אַ פּאַרטרוימט, איידעל קינד, אַ פאַרשטענדיגער, אמביציעזער בחור. אין 1791 איז ער אַוועק קיין יענא צו שטודירען יוריספּרודענץ. דאָס איז געווען אין דער בליהונג־צייט פון יענעם אוניווערזיטעט, וואָס צווישען זיינע פּראָפעסאָרען האָבען זיך געפונען אַזעלכע מענשען ווי רייגהאָלד, פיכטע און שילער. שילער'ס לעקציעס האָבען באַזונדערס אויפגערודערט נאָוואַלים'עס גייסט, און דער דיכטער איז געווען פאַר'ן יונגען מאַן „דער פאָלקאָמער מוסטער פון דער מענשהייט". פיכטע'ן, מיט וועמען ער האָט זיך אויך באַקאַנט, האָט ער גערופען „דער גרעזעץ געבער פון דער נייער וועלט־אָרדנונג". קיינער האָט אין יענער צייט ניט געקענט פאָראויסזעהן אין'ם יונגען הארדענבערג דעם קומענדען כהן גדול פון אָבסקוראַנטיזם.

אין יענע יוגענדליכע טעג געפינען מיר איהם שטאַרק אריינגעטאָן אין שטודירען זיין אייגענעם „איך". ער בייט כסדר זיינע פּלענער. אָט באַשליסט ער צו זיין אַ פלייסיגער מתמיד, און אָט — אַוועקצוואַרפען דעם שטודיום פון דער וויסענשאַפט און ווערען אַ סאָלדאַט. ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, אָבער די מענשען וועלכע ער האָט אין יענער צייט געהאַלטען פאַר זיינע מאָדעלען, זיינען געווען די פריינד פון פרייהייט וואָס זיינען אין דער זעלביגער צייט געווען די אַפּאָסטאָלען פון דער תורה פון אוטיליטאַריאַניזם*). ער שרייבט צו זיין ברודער: „קויף פראַנקלינ'ס אויטאָביאָגראַפיע און זאָל דער זשעני פון דעם בוך זיין דער פירער". טיילמאָל

---

*) דער געדאַנק אַז דאָס מענשליכע גליק איז באַגרינדעט אויף קאָנקרעטע נוצען. — איבערז.

פעלדער פראָווינץ, אין מאַי 1772. זיין פאָטער, אַ מענש מיט אַ מוטיגער, הייסער נאַטור האָט זיך באַקערט — נאָך דעם „ווי ער האָט געפירט אַ זעהר עולם־הזה'דיג לעבען" — צו דער ענגליש מעטאָדיסטישער אמונה צו איין און דרייסיג יאָהר, בעת ער איז געווען אין גרויס צער צוליב זיין ערשטער פרוי'ס טויט. שפּעטער צו איז ער ארונטער אונטער'ן איינפלוס פון די „מאָראַוויען ברידער", ספּעציעל פונ'ם גראַף צינצענדאָרף; און ער איז תמיד געווען באַאיינפלוסט פון זיין עלטערן ברודער, אַ פאַנאַטישער, און אַ ביסעל אַן אומוויסענדער אריסטאָקראַט מיט פיעטיסטישע נייגונגען. דער ווילען פונ'ם עלטערן ברודער איז געווען אַ געזעץ אינ'ם אינגערנם היים נאָכ'ן לעצטענ'ס צווייטער חתונה. זיינע שטרענגע פרינציפּען האָבען פאַרבאָטען פאַר דער פאַמיליע יעדען געזעלשאַפטליכען פאַרקער, און די קינדער זיינען געוועזן געצוואונגען פאַרזיכטיג צו באַהאַלטען זייערע יוגענדליכע אַמוזירונגען. אין 1787 איז נאָוואַליס'עס פאָטער באַשטימט געוואָרען אַלס דירעקטאָר פון די זאַלץ־גרובען אינ'ם שטעטעל ווייסענפעלד.

טיק האָט זיך באַקאַנט מיט דער האַרדענבערג פאַמיליע אין 1799, און זיי האָבען אויף איהם געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק. קעפּקע זאָגט: „זיי האָבען געפירט אַ שטיל, ערנסט לעבען, אַ לעבען פול מיט פשוט'ער, ערליכער פרומקייט. די פאַמיליע האָט געהערט צו דער סעקטע „מאָראַוויען ברידער" און האָבען מיט זייער לעבען פאַרקערפּערט די געדאַנקען פון אָט דער סעקטע. דער אַלטער האַרדענבערג, אַ שטאָלצער, בכבוד'ער מענש, וועלכער איז געווען אין זיין יוגענט אַ פיינער סאָלדאַט, האָט געלעבט ווי אַ פּאַטריאַרך צווישען זיינע טאַלאַנטפולע זיהן און זעלטענע טעכטער. ער האָט געהאַסט ענדערונגען און אויפקלערונג אין יעדער פאָרם; ער האָט ליב געהאַט און געגלויבט די גוטע אַלטע, פאַלש געאורטיילטע צייטען, און ביי געלעגענהייטען האָט ער געקענט אויסדריקען זיינע געדאַנקען מיט פיעל אַנטשלאָסענקייט און אַרויספאָדערונג, אָדער זיך צעהיצען אין אַ פּלוצלונגען צאָרן.

די פאָלגענדע קליינע שטוב־סצענעס רעדען פאַר זיך אַליין. אַמאָל האָט טיק געהערט ווי דער אַלטער האַרדענבערג האָט זיך געבייזערט און געזידעלט אין אַ דערבייאיג צימער. „וואָס איז גע־

האָט געטע געשילדערט דאָס געמיט און זיין אָרט אין דיכטער׳ס לעבען. ביי די וואָס האָבען ג ע מ י ט ציהט זיך יעדע זאַך צום אינערליכען; דאָס געמיט איז די צענטריפעטאַלע קראַפט פון גייס־טיגען לעבען. פאַר אַ מענשען וואָס האַלט אַז געמיט איז העכער פון אַלץ אין מענשליכען לעבען, איז איניגע ווארעמקייט אַ פּאַטענט אויף גייסטיגער אַריסטאָקראַטישקייט. אין זייער באַגריף וועגען גע־מיט, ווי אין יעדער זאַך, זיינען די ראָמאַנטיקער עקסטרעם. זיי פאַרגרעסערן אַלץ וואָס איז מיסטעריעז, טונקעל און ניט קלאָר אין דעם געמיט, אויפ׳ן חשבון פונ׳ם קלאָרען און שעהנעם. פאַר זיי איז נעטע דער גרעסטער פון אַלע פּאָעטען, ניט צוליב זיין פּלאַסטי־שער קראַפט, נאָר צוליב דער מטושטוש׳דיגקייט, דער געניאַלער מיסטעריעזקייט, וואָס רינגעלט אַרום אַזעלכע העלדען ווי הארפער און מיניאָן, און צוליב דער פיעל־זאָגענדיגער שארפקייט פון זיינע קלענערע לידער. אָבער לעסינג און שילער זיינען, לויט זיי, אין גאַנצען קיין דיכטער ניט, און זיי ווערען אויסגעלאַכט און גרינגשעצ־ציג קריטיקירט צוליב דער אויסוויינינגסטער ריכטונג פון זייערע שארפע, ענערגישע געדאַנקען. וואָרים ענטוזיאַזם, כאַראַקטער שטאַרקייט, און ענליכע איינגענשאַפטען, זיינען ניט ג ע מ י ט. דאָס געמיט בלייבט אין דער היים ווען דער ענטוזיאַזם ציהט די שווערט און געהט אין דער מלחמה אריין. פאַר די ראָמאַנטיקער איז דער גרעסטער פּאָעט דער, וואָס האָט צום מעהרסטען געמיט.

די ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען ביי די ראָמאַנטיקער, איז וואָס זיי האָבען פארוואנדעלט געטע׳ס „נשמה ווארעמקייט“ אין היץ, אַ היץ וואָס הייבט זיך אויף ביז׳ן קאָך־פּונקט אָדער שמעלץ־פּונקט און אין איהר העפטיגקייט פארצערט זי אַלע איינגעפונדע־וועטע פאָרמען און אידעאַלען. די גלאָריע פונ׳ם ראָמאַנטישען פּאָעט איז די היץ און ליידענשאַפט פון די געפיהלען וואָס ברענען אין איהם. אַלץ וואָס נאָוואַליס טוט ווערט געטאָן מיט דער גאַנ־צער נשמה. זיין מאָטאָ איז העפטיגע, אומבארעכענטע געפיהלען.

פרידריך פאָן הארדענבערג *), אַ זוהן פון אַ זעהר אַלטער פאַ־מיליע, איז געבוירען געוואָרען אין ווידערשטעט, אין דער מאַנס־

*) נאָוואַליס׳עס ריכטיגער נאָמען. — איבערז.

קאַפּיטעל 12.

# די ראָמאַנטישע נשמה — נאָוואַליס.

נאָוואַליס דער דיכטער פון געמיט; נאָוואַליס'עס ערציהונג; זיין אומגאָרמאַל לעבען; דער טויט פון זיין געליבטער און זיין ברודער; זיין באַציהונג צו קראַנקייט, צו נאַכט און טויט; זיין בליק אויף מאַטעמאַטיק; זיינע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע אידעען; אַ פאַרגלייך מיט שעלי'ן.

דער רייזענדער וואָס באַזוכט אַ מינע לאָזט זיך אראָפּ אין אַן אונטערערדישער אויסגראָבונג, אין דער באַלייטונג פון אַ מענשען וועלכער האַלט אַ לאָמפּ, וואָס ביי איהר אומבאַשטימט ליכט פאָרשט ער אויס די פאַרבאַהאַלטענע טיפענישען. אויף אַזאַ סאָרט רייזע פאַרבעט איך טאַקע איצט מיינע לעזער מיך צו באַלייטען. די אויסגראָבונג אין וועלכער מיר וועלען זיך באַלד אראָפּלאָזען איז דאָס דייטשישע „געמיט“, אַ מינע, וואָס קיין אַנדערע קען זי ניט איבערשטייגען אין טיפקייט, פינסטערניש, מאָדנעקייט, רייכקייט אין טייערע מעטאַלען און ווערטלאָזען אָפּפאַל. לאָמיר באַמערקען די סימנים וואָס דאָס דאָזיגע געמיט האָט באַקומען אין די צייטען פונ'ם ראָמאַנטיזם, און צוליב דעם צוועק זיך נענוי אָפּשטעלען אויפ'ן ראָמאַנטיקער, וואָס איז דער פּאָעט פון געמיט — נאָוואַליס.

קיין שום וואָרט אין קיין אַנדער שפּראַך האָט ניט דעם זעלביגען טייטש וואָס דאָס דייטשישע וואָרט „געמיט“. „געמיט“ איז כאַראַקטעריסטיש דייטש, עס איז דער אינגווייניגסטער פלאַם, דער אינגווייניגסטער שמעלץ-אויווען. אין די באַרימטע ווערטער פונ'ם „וואַנדערערס שטורם-ליד“:

Innere Warma
Seelenwarme
Mittelpunkt!
Gluh entgegen
Phob-Appolon,
Kalt wird sonst
Sein Furstenblick
Ueber dich vorubergleiten

# אינהאלט.

(ראָמאַנטישע שולע אין דייטשלאַנד — צווייטע אַפּטיילונג.)

געאָרג בראַנדעס

Di hoypt

# די הויפט שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון ניינצענטען יאָרהונדערט

bd.

באנד 3.

# די ראָמאַנטישע שול אין דייטשלאנד

איבערזעצט פון

ל. לעהרער


מאַקס נ. מייזעל

אידישער פארלאג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט

424 גרענד סטריט, ניו יארק,

1921


